# סאוועטיש היימלאנד

צווייכאדעשדיקער
ליטעראריש-קינסטלערישער זשורנאל

ארגאן פון שרייבער-פארבאנד פון סססר

מיי 3 יוני

1962

פארלאג „סאוועטסקי פיסאטעל"

מאסקווע

# אינהאַלט


לייב קוויטקאָ. די פעלקער מאָנען שאָלעם. — די זונענשײַן. — איך האָב נאָך הײַנט... 3

עליע שעכטמאַן. ערעוו. ראָמאַן (פאָרזעצונג). געמעלן פון מ. גאָרשמאַן . . . . . 5

בוזי מילער. די ערד איז וואַך. — אין פענצטער קלאַפּט מיר אָן א ליד. — פרילינג־דיקס (לידער) . . . . . . . . . . . . . . . . . . 36

יאַנקל יאַקיר. מיר, די בעסאַראַבער. — א ליבע־מאָטיוו. — א באַקאַנטער ניגון (לידער) 37

מענדל ליפשיץ. מערער שײַן (לידער) . . . . . . . . . . . 38

באָריס פּאַלעוואָי. די דעפּיציטע באָבע. — ליובע (דערציילונגען) . . . . . . . 40

מוישע טייף. דאָס גאָלדענע עפּעלע (פּאָעמע) . . . . . . . . . . 48

מארק ראַזומני. אומרו. — שפּורן. — פרײַנטשאַפט. — נאַכעס (מיניאַטורן) . . . . 52

אוורהם גאָנטאַר. אױף דעם נײַנטן שטאָק (דערציילונג) . . . . . . . . . . 54

שלוימע טשערניאַווסקי. לויט מאָסקווער צײַט. — אַפּראָדיטע. — א לויב־געזאַנג (לידער) . . . . . . . . . . . . . . . . . 68

שיפרע כאַלאַדענקאָ. און שטענדיק אַנטקעגן דו גייסט. — ניט אומיסטן... (לידער) . . 70

מישע לעוו. ווען ניט די פרײַנט מײַנע... (דערציילונג) . . . . . . . . . . 71

דיכטער פון די ווײַטע צאָפן־פעלקער . . . . . . . . . . . . 90

נאַטאַן זאַבאַרע. זיך טויע געוועזן. — דאָרט, וווּ עס בושעווען ווינטן (דערציילונגען) . 92

יעלענאַ סטאַסאָווא. וועגן דעם דיכטער דאָוויד אוטקעס . . . . . . . . . . 100

דאָוויד אוטקעס. מאָסקווע. — בריוו פון דאָווידל קאַפּצן. — די אַלטע וועלט (לידער) . 101

שימען קריוואָשעין. א דערמאָנונג . . . . . . . . . . . . . 103


## טריבונע פון שרײַבער


כאַיִם מעלאַמוד. א וואָרט וועגן דער פאַרצייכענונג . . . . . . . . . . . 106


## ליטעראַטור און קונסט


מאַקסים גאָרקי און די יידישע ליטעראַטור . . . . . . . . 109

הערש רעמעניק. מיט הונדערט יאָר צוריק . . . . . . . . 115

ריווקע רובין. מיט אַן אופגעברויזט געמיט . . . . . . . . 119

---

אבא פינקעלשטיין. ווערק פון יידישע שרײַבער אין די יאָרן 1955—1961 . . . . . 122

כראָניק . . . . . . . . . . . . . . . . . . 126


## לאָמיר זינגען נײַע לידער


לאָמיר זינגען וועגן לענינען. ווערטער פון א. ווערגעליס. מוזיק פון ז. קאָמפּאַנייעץ . . 128


---


**הויפּט־רעדאַקטאָר** א. ווערגעליס.

**רעדקאָלעגיע:** נ. אויסלענדער, א. גאָנטאַר, ה. דאָבין, מ. טייף, ב. מילער, י. פאַליקמאַן, ס. פּרײַ, ר. רובין.

**פאַראַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר** מ. לעוו.

לייב קוויטקאָ



1952—1890

# איך בין צוגעבונדן צו מײַן גרויסן הײַנט

„איך בין צוגעבונדן צו מײַן גרויסן הײַנט״... —

אזוי האָט אין 1919 געזאָגט וועגן זיך לייב קוויטקאָ אין איינער פון זײַנע באַוווסטע לידער, וואָס איז אַרײַן אין זײַן ערשטער זאַמלונג „טריט״. אין דעם זעלבן שטורעמדיקן יאָר, ווען די יונגע סאָוועטן־רע־פּובליק האָט זיך געראַנגלט מיט אירע פאַרביסענע סאָנים, האָט דער דיכטער הייס אויסגעזונגען זײַן ליבע צום גרויסן אָקטיאַבער, זײַן אומ־פאַרגעסלעכן „רויטן שטורעם״.

פון דעמלט אָן קלינגט דעם דיכטערס וואָרט, וואָס באַזינגט דעם אָנקום פון פרילינג, די פרײַנטשאַפט פון מענטש צו מענטש.

דער מערקווירדיקער דיכטער רעדט מיט אונדז ווי אַ לעבעדיקער אויך מיט זײַנע נאָך ניט פאַרעפנטלעכטע לידער, מיט וועלכע מיר באַקאַנען הײַנט אונדזערע לייענער.

לייב קוויטקאָ איז געווען און איז געבליבן צוגעבונדן צו אונדזער גרויסן הײַנט.

# די פעלקער מאַנען שאָלעם

דער יאַט וואַרט אומגעדולדיק
אַף געסט די גאַנצע וואָך:
זאָל קומען שוין דער זונטיק
מיטביידע זיידעס דאָך.

דער טאָג קומט מיט די זיידעס,
דער טיש ווערט שיין געגרייט,
דער זיידע וואַניע איידל
די געלע וואָנצעס דרייט.

דער זיידע יאַנקעוו טוט זיך
די אַרבעט־הענט אַ ריב,
און מונטער מע צעשמועסט זיך
באַם קיבעד, ווי מ'האָט ליב.

פון מענטשן, בויונג, נײַסן,
פון אַלץ, וואָס אַף דער וועלט,
דער יאַט הערט, ווי אַ מײַסע,
די אויגן אָנגעשטעלט.

און נאָך דער טיי, געמיטלעך
באַם פענצטער זיך באַזעצט,
פאַרייכערט מען... דער שמועס דאָך
ווערט ווײַטער פאָרגעזעצט.

דער יאַט, באַקוועם ער זיצט זיך
אַף זיידע יאַנקעווס קני.
דער זיידע וואַניע היצט זיך:
„— סע אַרט זיי דען די מי,

דאָס בלוט פון פאָלק?.. פאַשיסטן!
ס'אַ געלט־זאַך בא זיי — קריג!
נאָר ס'פאָלק וועט זיי פאַרוויסטן,
צעברעכן דעם געניק...

ווי לעניץ זאָגט... כ'געדענק דאָך,
ווי ס'איז מיט זיי געשען...
מיר האָבן זיי געטרונקען
אין יאַם... כ'בין דאָרט געווען״.

24—1

אראָפּ פון זיידע יאַנקעוו
דער יאַט איז און אפּגיך
אף קני צום זיידע וואַניע
ארוף און טוליעט זיך.

„— נו יאָ, — זאָגט זיידע יאַנקעוו, —
זיי זעצט אין קאָפּ דאָס בלוט:
לעמײַ די בוויונג פלאַקערט,
לעמײַ סע גייט אונדז גוט!

נאָר זאָלן די באַגרעבער
דאָרט קריכן פון דער הויט,
דאָס פאָלק מיט לײַב און לעבן
פאַר אונדז שטייט און געטרויט...“

פון קני פון זיידע וואַניעס
איז גיך דער יאַט אראָפּ,
און גיך צום זיידע יאַנקעוו
ארוף און הערט מיט קאָפּ.

דעם זיידע וואַניעס קאָל ווערט
ווי אָנגעזאָפּט מיט וויי:
„ — די פעלקער מאָנען שאָלעם,
און זיי, און זיי, און זיי?..“

אראָפּ איז גיך דאָס יאַטל
פון זיידע יאַנקעווס קני
און צו דעם זיידע וואַניע
געטאָן זיך אזא ציִ.

„מע דאַרף א שטאַרקן ווילן
און וואַכער זײַן אין טאָג...“ —
זאָגט זיידע וואַניע שטילער
און הייבט זיך אוף צעקאַכט...

און שטיל ווערט. צו זײַן ווינקל
געשטילט דאָס יאַטל גייט,
ער פאַרעט מיט זײַן שפּילצײַג,
פאַרקלערט פון זיידעס רייד.

פון ריזן־גרענעץ טראַכט ער
ארום דער ליבער היים,
פון שלאַכטלײַט, וואָס באַוואַכן
איעדער שטעג און שטיין.

א ליבע צו די שלאַכטלײַט
פאַרכלינעט זײַן געמיט, —
און ס׳מאָלט זיך אים, ווי וואַכזאַם
ער שטייט מיט זיי און היט.

## די זונענשײַן

א קלייניקײַט — די זונענשײַן!
אפילו אײַז־צעפלעך פון דעכער,
ווי לויטערע קרישטאָלן־בעכער,
צעפינקלען זיך,
ווען ס׳קומט אין זיי א שטראַל ארײַן.

און כאָטש צעגיין איז זיי באַשערט,
אראָנטערפאַלן אין ברודיק ריטשקעלע
אף דר׳ערד, —
דאָך קלינגט א פרייד
אין זייער טריפן:
„אונדז האָט די זון אדורכגעשליפן!“

## איך האָב נאָך הײַנט...

איך האָב נאָך הײַנט עפּעס א זאָך,
וואָס כ׳וועל עס טאָן מיט פאַרגעניגן.
נאָר כ׳האָב פאַרגעסן וואָס, — א סאַך
נאָך רויע זאכענישן ליגן
און וואַרטן, כ׳זאָל זיי נעמען אין די הענט.
זיי וואָלטן, ווען זיי קענען,
געוואָלד געשריגן:
„— מאַך עפּעס פון אונדז,
דער אומגעדולד אונדז ברענט!“

איך ווייס,
ווײַל מיר אליין דאָך בײַסן זיך די פינגער!
מײַן דורשט צו מי —
א שטענדיק ערשט־געבוירענער, א יונגער —
צעשוועגקט די מידקײַט,
ווי א שאַרפער שטראָם דעם שטיין.
ווי גוט איז טאָן פאַרדײַנעטוועגן,
ליבע, געבענטשטע היים!



עליע שעכטמאן



# ערעוו

★

ראָמאַן

★

צווייטער בוך

## I

אין דער מומע ליבעס שטוב שטייט שוין קימאַט אַ גאַנצע וואָך אַ שטיל־אײַנגעהאַלטענע, אַ סאָד־סוידעסדיקע יאָמטעוודיקײַט פון ערעוו אַ גרויסער, דערצו נאָך אומגעריכטער סימכע, וואָס דאַרף אַרײַן אין אַזאַ אַלט־געבאַקן דאַלעסדיקער, קאַפּצאָניש־עוווינישער נעסט. אין דער דאָזיקער סוידעספולער שטילקײַט — קיין בייז־אויג זאָל כאָלילע ניט שאַטן, קיין שלעכט וואָרט זאָל כאָלילע ניט גילטן — איז געלעגן דער פלאַמיקער רייץ און די טיפע אופּרעגונג פון אַ שיינעם כאָלעם.

ביידע — די מומע ליבע און דער מאַן אירער שמאַריע, וואָס גלייבט טאָמיד און וואַרט יעדע רעגע אַף אַ נעס, אַף דער יעשועע, — האָבן אַף אַ קאָל ניט אויסגעדריקט די פרייד, זיך געהאַלטן געלאַסן, ווי ווײַט מעגלעך, מין־האַצאַד. ביידע האָבן מוירע געהאַט אָפּצוטרײַבן דאָס מאַזל, וואָס האָט פּלוצעם אָנגעקלאַפּט אין פענצטער. זאָל דאָס מאַזל פריִער די שוועל אַריבערטרעטן... אויב דאָס וועט טאַקע געשען, אויב דאָס וועט טאַקע טרעפן און מעקוייעם ווערן, וועט מען נאָך צײַט האָבן צו מעסאַמייעך זײַן זיך.

ביידע האָבן נאָך אַלץ ניט געגלייבט, ביידע האָבן נאָך אַלץ מוירע געהאַט, אַז פון דעם אַלעמען זאָל זיך כאָלילע ניט אויסלאָזן קיין טײַך. באַזונדערס האָט מוירע געהאַט צו בויען לופטשלעסער די מומע ליבע: ס׳קאָן דאָך זײַן, ס׳קאָן דאָך זייער טרעפן, אַז רעב אַבושל, וואָס איז פּלוצעם אינמיטן העלן טאָג אַף אַ האַלבער שאָ אין שטוב אַרײַנגעפאַלן, האָט עפּעס צוגעגעבן, עפּעס איבערגעטריבן, איבערגעשאַצט און אויסגעמאָלט מערער, ווי ס׳איז אינדערעמעסן, פאַרגעשטעלט די זאַך גרעסער, ווי זי קאָן און דאַרף זײַן... האַגאַם געזאָגט האָט ער קלאָר, און איבערגעכאַזערט ניט איין מאָל: דאָס מיידל איז אוונערן געפעלן. אײַער טאָכטער האָט אויסגענומען באַ די לאַנדעס. שיפרע האָט געפונען כיין אין זייערע אויגן... ער, אַבוש, איז געקומען אַהער אַלס שאַליִעך־מעיוכעד פון דעם אַלטן, פון רעב נאָסן לאַנדע אַליין.

האָבן טאַטע־מאַמע זיך געסוידעט אין די לאַנגע סאָפוויִנטערדיקע פאַרטאָגן. גערעדט, אײַנגעטײַנעט און דערוויזן האָט מער שמאַריע: ער זעט באַשײַמפערלעך דעם אייבערשטנס האַזשגאָכע, מיט זייער טאָכטער געשעט אַ גרויס וווּנדער, זי איז אוילע־ליגדולע — אַ שנור באַ די

---

פאַרזעצונג. — זע „סאָוועטיש היימלאַנד“ נומ. 1 און 2 פון 1962.

לאנדעס... עמעס, זי איז גערעכט, ליבע, פאַרוואָס האָט טאַקע שיפרע אַליין ניט אָנגעשריבן, ניט צוגעשיקט פאַר דער גאַנצער צײַט קיין אײַנגעטונקטע פען?

סאַפּקאָלסאַף, שוין ביידע מיד פון טראַכטן און איבערטראַכטן, פון מעסטן און איבער־מעסטן, — און פון צופיל קלערן, זאָגט די מומע ליבע, מערן זיך דײַגעס און ספּיקעס, — באַ־שליסן זיי איינמאָל פאַר אַלעמאָל: אָף וויפל יִיצכאָק באַיאַר פאַרט די טעג אין שטאָט אַרײַן נאָכן זון, נאָך אוורמען, וועט ער דאָך זיכער זיך אָפּשטעלן דאָ, דאַרף מען מיט אים פאָרן אַהין, צו איוועןָ. און פאָרן, באַשטייט שמאַריע, דאַרף אַוודע ליבע. זי וועט מיט איר קלוג אויג א קוק געבן און זען, וואָס דאָרטן טוט זיך.

און די מומע ליבע איז מאַסקים. האַגאַם דער וועג שרעקט זי — די לעצטע פאָר וואָכן פּילט זי אָן איבלעניש אונטערן לעפעלע... אָבער אָף שמאַריען קאָן מען ניט שטעלן און פאַרלאָזן זיך. שמאַריע זעט שוין איצט אַלץ אין א העל ליכט — באַ אים שפּילט שוין דאָס ווינטשפינגערל אין לינקן אויג. אַזאַ איז ער שוין, שמאַריע. וואָס זאָל זי טאָן? וועט זי אַליין פאָרן, און יִיצכאָק וועט אויך זײַן מיט איר, וועט זי דאָרטן אויסקלאָרן, צי די גאַנצע מײַסע איז א יעש און צי ס'איז פאַראַן אין דעם א מאַמאָשעס.

— שמאַריע, — זאָגט זי, — זאָל זײַן גענוג, שלאָף! די דריטע העגער האָבן נאָך ניט געקרייעט.

— אוי, ליבע, ווען איך זאָל קאָנען אַנשלאָפן ווערן...

— שלאָף, שמאַריע, שלאָף! — און זי אַליין שטייט אויף. מ'דאַרף צום וועג זיך צוגרייטן און אויך די שטוב באַזאָרגן... און וואָס ווייניקער ס'איז פאַראַן, מיט וואָס צו גרייטן, מיט וואָס צו באַזאָרגן, אַלץ פּריִער דאַרף מען אופשטיין, אַלץ מער אַרבעט איז פאַראַן. טוט זי אָן דעם מאַנס שטיוול, שלײַכט זיך שטיל פון שטוב אַרויס — ניט אויפצוּוועקן די קינדער. אָפן דאַרף לײַכטן זיך שוין איינִיקע הײַזער, וועט זי זיך לאָזן אַהין צו די שכיינים — זי טוט עס, די מומע ליבע, זייער זעלטן, שוין אין א שאָ פון גאָר גרויסן מאַנגל און דאַכקעס: לײַען עפּעס דאָ, באָרגן עפּעס דאָרטן...

די מומע ליבע, נאָכן אָפּטאָן און באַזאָרגן אַלץ, וואָס ס'איז נאָר אין אירע יעכוילעס געווען, זיצט מיט דער ווידער געלִיענער שאַל אָף די קני און איז גרייט אין וועג אַרײַן. די קינדער אַרום איר — איינס קלענער פונעם צווייטן, אַלע דרײַ יאָר געבוירט זי א קינד. די קינדער אָבער וואַקסן אין דער היים נאָר ביז צוועלף יאָר. דערנאָך גייט מען אין דער וועלט אַרײַן פאַרדינען פאַר זיך דאָס שטיקל ברויט און אויך מיטהעלפן מיט עפּעס־וואָס דעם טאַטן.

אַצינד, פאָרן אָפּפאָרן, זאָגט זי אָן יעדן איינעם נאָכאַמאָל, באַזונדערס דער עלטערער, דער עלפיאָריקער טאָכטער, וואָס בלײַבט באַלעבאָסטע אין שטוב, ווי זיך צו פירן בענעגייע דעם טאַטן, מיט די קלענערע קינדער וואָס צו טאָן און ווִאַזוי צו האַנדלען אין דעם אָדער יענעם פאַל.

די קינדער זענען, נאָך מער פילן זיי — אין שטוב קומט פאָר עפּעס אויסערגעוויינלעכס! דער טאַטע שמייכלט קימאַט... די מאַמע קלײַבט זיך גאָר ניט גיין, נאָר פאָרן. ביז הײַנט וויסן זיי: די מאַמע גייט טאָמיד צופוס. און דער אייניציקער גאַנג איז — צום פעטער גאַוורִיעל. די מאַמע נעמט אין איין האַנט א קלומעקל, אין דער צווייטער האַנט דעם שטעקן און לאָזט זיך, ווי זי דערציילט, דורך פעלדער און וועלדער, איבער זאַמדן און איבער די פאַלעסיער זומפּן... די עלטערע קינדער וויסן, נאָך וואָס און צוליב וואָס די מאַמע גייט. דער טאַטע שיקט זי אַרויסרײַסן באַ דעם ליגנער, באַם לאַוואַן־האַאַראַמי, באַ דעם דאָוועער־אַכער, באַ דעם אַכי אירן די פופצן קערבלעך, וואָס מ'האָט אים, דעם טאַטן, צו דעם צוגעזאָגטן נאָדן ניט דערגעבן. יעדעס יאָר גייט די מאַמע אַהין, צום פעטער גאַוורִיעל, און יעדעס יאָר קערט זי זיך אום פון דאָרטן א מיד־צעבראָכענע מיט ליידיקע הענט. דעמלט שטעלט זיך אין שטוב גאָר א טויטע שטילקײַט. און טאָמער טרעפט, א קינד טוט א שטיף אָדער נאָך מער — א לאַך, דערהערט זיך טייקעף דעם טאַטנס רוגזע:

— ווער לאַכט עס דאָרטן? וועמען איז עס אַזוי גוט געוואָרן?

זיצט מען שוין דערנאָך ניט נאָר טויט־שטיל, נאָר אויך פול מיט איימאָס־מאַוועסדיקער ציטערניש. צוויי מאָל וואָרנט ניט דער טאַטע. ס'איז גענוג בלויז איין פּיפּס פון עמעצן, און אַלע קינדער, אָן א „ווער" און אָן א „וועמען", כאַפּן פײַערדיקע פעטש. די מאַמע דערבײַ טאָר זיך די קריוודע ניט אָנעמען, טאָר זיך ניט אײַנשטעלן — דאָס ברענגט אַרײַן שמאַריען נאָך אין א גרעסערן צאָרן. פאַרקערט, קעדיי צו לינדערן און צו שטילן זײַן קאַס, דאַרף זי זיך אָף זײַן צאַד שטעלן, אים דעם גערעכט אָפּגעבן. אָבער בייס ער שלאָגט, שטעלט זי אירע הענט אונטער, און מיט טרערן אין די אויגן בעט זי:

— שמאַריע, וואָס לאָזטו אויס דײַן האַרץ צו די קינדער? שמאַריע, וואָס נעבעך זײַנען זיי, די שעפּעלעך, שולדיק? שמאַריע, ווער שלאָגט עס הונגעריקע קינדער?

אצינד, פאר דעם ווײַבס אַפּפֿרן, שטייענדיק באַם פֿענצטער, קוקט ער אופגעלייגט ארויס אף דער פור, — א מיטלוווקסיקער, א טרוקן־דארער קײַסן. בייס ער שרײַט, דוכט זיך, אַט וועלן די ביינער זײַנע צעטרייסלט און צעשאָטן ווערן... ער איז אָבער געבונדן, שמאריע, שטײַף און פֿעסט מיט שטארקע אָדערן. א שווארצער, ווי ערשט פון מידבער ארויס, קוקט ער אף דער וועלט מיט גרויסע, זייער פֿינקלענדיק־שארפֿע, מיט עפּעס טאָמיד ווארטנדיקע אויגן. אן עלנטער, א מעטופּל מיט קינדער, א פאריאָגטער אין יאָך פון דײַגעס־פּארנאָסע, — אזוי א קײַלעכדיק יאָר, אין פֿרעסט און אין היץ, אין שניי און אין רעגן, מיטן זאק און בעזמען פון איין יאריד אפן צווייטן — אופקויפן א בינטל כאזערהאָר, א פּעלכל, א שטיקל וואקס, — זוכט ער אף אלע וועגן, קוקט ארויס און ווארט, אז זײַן יעשוע זאָל קומען און ער זאָל דורך עפּעס א נעס אופגעריכט ווערן.

שמאריע איז א ווילד־פרומער, ציטערט מיט אלע אייוורים פאר גאָט. אלע טאָג בא זון־אופגאנג און בא זון־זעצן זיך רופט ער אף קוילע־קוילעס און אויך שטיל, מיט געבעט, מיט טאכנונים און מיט געוויין: — האר פון דער גאנצער גרויסער וועלט, דו ביסט גרויס, דו ביסט שטארק, דו ביסט מעכטיק, הער מײַן קאָל, זע די טרערן פון מײַנע אויגן, דו ביסט הייליק, הייליק, הייליק! האָב ראכמאָנעס, אויב ניט אף מיר, איז אף די קליינע קינדער... גרויסער גאָט, עפן דעם טויער אין הימל, הער מײַן געבעט, פּאָטער אין הימל, דערנעענטער דעם טאָג פון דער יעשועו... איך, שמאריע, בין א ווערעמל, א ביסל שטויב, א שטיקל ליים אין דײַן האנט, א צעבראָכן שערבל, א קורצער שאָטן. ענטפער מיר, גאָט, ענטפער! ענטפער מיר, פּאָטער, ענטפער! ענטפער מיר, באשעפער, ענטפער! ענטפער מיר, גאָט פון ראכמאָנעס, ענטפער! ענטפער מיר, מעלעך איבער אלע מעלאָכים, ענטפער! ענטפער מיר, גאָט פון מײַנע אָוועס, ענטפער! דאָס וואסער דערגרייכט מיר שוין ביזן מויל... ענטפער!

און יענער, דער אלמעכטיקער און שרעקלעכער, וואָס אָן זײַן ווילן פאלט קיין האָר פון קאָפּ ניט אראָפּ, יענער, דער גרויסער באלראכמים, שווײַגט און ענטפערט ניט. פאלט שמאריע צײַטנווײַז ארײַן אין גרויס יִעש:

— גרויסער גאָט, — שטאמלט שמאריע. — ווען דען וועסטו מיר העלפן, אז כ'וועל שוין ליגן מיטן פּאָנעם צו דער ערד? אײַ, אײַ, אײַ, פּאָטער הארציקער!

שטייענדיק איצט באַם פֿענצטער, הייבט שמאריע די אקסל, פרוווט אלע מאָל, צי דער בערעם צאָרעס ווערט טאקע גרינגער, און קוקט אף דער פור ארויס. פאר אים, פאר שמאריען, איז עס אויך א גוטער סימען, א מאזל־זאך: דארף טרעפן, ייִצכאָק באַיאר פאָרט גראָד אהין, אין דער גרויסער שטאָט, נאָכן זון, נאָך אוואָמען, וואָס איז דאָרטן אָפּגעלעגן מיט דעם קראנקן פוס דעם גאנצן ווינטער. אזא געלעגנהײַט — פּארשפּאָרן וועג־הויצאָעס.

שמאריע שמייכלט טאקע. אין דער שטיל אײַנגעהאלטענער, סאַד־סוידעסדיקער יאָמטעוודיקײַט שמעקט מיט דעם אײַנגעדעמפּטן מערן־צימעס, מיט דער ציקאָריע, וואָס איז לעקאָוועד דער נעסיִע און לעקאָוועד אזא כאָשעוו־אנגעלייגטן גאסט, ווי ייִצכאָק באַיאר, געגרייט געוואָרן.

און פון יענער זײַט פענצטער, אין הימל, אונטער די געקרײַזלט־ווײַסע וואלקנדלעך, גייט ארום די גרויסע האָרעפּאשניצע פון דער וועלט — די זון. באנאכט האלטן נאָך גוטע פרעסט, נאָר באטאָג, איבער דעם גרויס פאנאנדערגעוואָרפענעם דאָרף, אף דער זוניקער זײַט, פאלן שוין פון די דעכער טראָפּנס, ווי זוניקע פונקען. אפילע אין דעם געשריי פון די קראָען, אין דעם ציטער פון די טאָפּאָלן, הערט און פילט זיך דער ערעוו־פרילינג.

אין דער צווייטער העלפט שטוב — אויך מיט צוויי קלעצער אונטערגעשפּארט — שפּילט אף דער לירע דער בלינדער, דער באלעבאָס פון דער כאטע. מיטאמאָל ווערט דאָרט שטיל און אין וואנט קלאפּט דער היימישער, דער גוט־באקאנטער פינגער:

— שמאריא, טשויעש?

— טשויו, פאנאסע.

— נא יארמארצי פידעש?

— מאבוט ני...[1]

זייערע יאריד־וועגן פאלן זיך אָפּט צונויף. און ביידע — דער שאָכן מיטן באלעבאָס — גייען אינײנעם אף איין מארק־טאָג. נאָכן יאריד, דער טאָג פארגייט, זיצט פאנאס אפן לײדיקן מארק אײנער אליין און ווארט לאנג און מיט געדולד אף זײַן שאָכן. ער ווייסט, שמאריע איז אוועק זיך

---

[1] — שמאריע, הערסט?
— כ'הער, פאנאסע.
— אפן יאריד וועסטו גיין?
— ווײַזט אויס, אז ניט...



„מאַליען“ אין סינאַגאָגע. די לעצטע טפֿילע הייבט מען אָן בא זיי, ווען די ערשטע שטערן באַוויַיזן זיך. און ווען שמאַריע קומט, ציילעמט זיך פֿאַנאַס אויך איבער אַפֿן קלויסטער, און ביידע לאָזן זיך צוריק אין וועג אַריַין — אַהיים.

ווי דער שטייגער איז, פֿאַרן אָפּפֿאָרן זעצן זיך אַלע צו. הינטער דער וואַנט דרייט פֿאַנאַס די לירע און זינגט וועגן דער בידנער אַלמאַנע, וואָס די יעסוימים „טרייסטן“ זי:

Мати ж наша мати,
Не журися нами:
Як повирастаєм,
Розійдемось сами.
Ой, буде нас, мати,
По горах, по долинах,
Ой, буде нас, мати,
По чужих краïнах...

און דאָ, ווען אַלע זיצן אַזוי אין פֿאַרטראַכטקײַט, אין איין שורע אַף דער באַנק — פֿון שמאַריען ביז צו דעם קלענסטן דריַיאַריקן קינד, — פֿאַלט פֿלוצעם אַרויס בא דער עלפֿיאַריקער טאָכטער, וואָס האָט געהאַלטן אין וואַשן דאָס געשיר, נאָר אַף שמאַריעס ווונק האָט זי זיך אויך צוגעזעצט מיט אַ טעלער אין דער האַנט, און, זיצנדיק אַזוי אין דער שטילקייַט און הערנדיק, ווי פֿאַנאַס זינגט:

Ой, буде нас, мати,
По чужих краïнах...

פֿאַרשטייט זי, די עלפֿיאַריקע באַלעבאָסטע, גוט דעם באַטיַיט און דעם מיין פֿון יעדן וואָרט, — פֿאַלט בא איר פֿלוצעם דער טעלער פֿון די הענט אַרויס...

אין שטוב טוט מיטאַמאָל אַ וויע מיט איימע — פֿאַר צעבראָכן אַ קיילע ווערט מען געמיימעסט. די שערבלעך פֿון דעם געקווייטלטן טעלער ליגן צעשאָטן אַף דער רויטלעכער, מיט

ליים פריש אויסגעשמירטער ערד. אלע קוקן אפן טאטן. שמאריע, האגאם די קינבאקן הייבן אים אָן ארומגיין, זאָגט אָבער:

— נו, נו, צו א גוטן סימען... די שערבלעך ווארף ניט ארויס, לייג זיי צונויף אף דער פּאליצע. ליבע, די פור! יִיצכאָק פּארט. נו, ליבע, אין א גוטער שאָ... אין א מאזלדיקער שאָ. מיט דעם רעכטן פוס... ליבע, כאַפּ זיך ניט ארויס מיט קיין וואָרט... פּארסט גלאט אזוי צו שיפּרען... א מיידל, איינע אליין, ווײַט פון דער היים... דער סאָטן זאָל, גאָט באהיט...

די מומע ליבע, דעם דאלעס אפצולאָכעס, און ווי א בעריע א באלעבאָסטע, און ווי א גרויסע אקערעס־האבאיִס, — קיין שום קלייניקײַט טאָר ניט פארפאלן ווערן, אין אזא דאכקעס טאָר גאָרניט גיין לעיִבעד, — אפצולאָכעס אלע דײַגעס און צאָרעס זעט זי אויס געזונט און נאָך אלץ שיין. עמעס, די לעצטע פּאָר וואָכן פילט זי עפּעס אן איבלעניש אונטערן לעפעלע. אָבער זי גיט עס קיינעם ניט צו פילן און צו באמערקן. זי באהאלט עס דערוויַיל אויס פונעם מאָן. די גוטע בסורע וועט זי נאָך באווייַזן אים אָנצוזאָגן. און עפּשער וועט עס איבערגיין? ס'טרעפט זיך דאָך אזוינס...

זי שטייט, די מומע ליבע, מיט דער געליִענער שאל אף די פּלייצעס, די קלוגע אויגן צוגעזשמורעט. זי הערט זיך צו, ווי שמאריע לערנט זי און זאָגט איר אָן. שלאָגט זי אים ניט איבער, לאָזט אים דרײַ מאָל איבערכאזערן איינס און דאָס זעלבע, און ווען ער בלײַבט שטיל, פרעגט זי אים מיט איר גוטן, נאָר טרויעריקן שמייכל:

— וואָס נאָך, שמאריע?

— זע, ליבע, פארהאלט זיך דאָרט ניט. — און ער קוקט אף איר מיט הייסע אויגן. — ליבע, דו דארפסט ברענגען פון דאָרטן די יעשועו... ליבע, פארהאלט זיך ניט... פלי אהיים אף פליגל. אויב יִיצכאָק דארף זיך דאָרט פארהאלטן, קום אף אן איבערגעכאפּטער פור.

— שמאריע, דערוויַיל פאָר איך אהין צום מאזל... ניט דאָס מאזל קען מיך, ניט איך קען עס. עפּשער וועט דער רעב מאזל ניט פארבעטן מיך אפילע זיך זעצן? ווער ווייסט, שמאריע...

— ליבע, אז מ'וועט דארפן, פארבייג דײַן גאדלעס...

— שמאריע, איך פאָר כאָלילע ניט שיטן עמעצן פעפער אין נאָז ארײַן.

— אוי, ליבע, פארגעס אָן דעם באָיארישן גאדלעס...

— לויפן, ווי א מויז איבערן צימבל, וועל איך אָבער אויך ניט.

— פּאָר, מײַן ווײַב, זײַ מאצליִעך, ליבע, פאָלג מיִך, וואָס וויינִיקער גאדלעס...

— אוי, שמאריע, שמאריע, מיט וואָס קאָן איך זיך פאר זיי בארימען? מיט איין אויג וועל איך קוקן אף זייער אשירעס, מיטן צווייטן — אף מײַן דאלעס...

## II

נאָך דעם, ווי שמאריע האָט ארויסבאגלייט דאָס ווײַב ביז צום ברייט־צעפּאָרענעם פּארקוי־טיקטן שניי־שליאך, אופגעהערט ארומשפּרינגען ארום דעם שליטן, אופגעהערט מיט פארשטעלטע רייד אָנצוזאָגן און דערמאָנען, געבליבן שטיין בא די טאָפּאָלן אין דער איינער קאפּאָטע, נאָר מיט דעם אויסגעשײַערטן ווינטשפינגערל אין לינקן אויג, — נאָך דעם איז די פור גאָר גיך פון דעם גרויס פאנאנדערגעוואָרפענעם דאָרף ארויס און גלײַך אין דעם אלט־געדיכטן דוירעסדיקן וואלד ארײַן.

דער שליטן גייט צווישן די דיקע סאָסנע־שטאמען. די קאָרע פון אונטן טיף געקארבט, אופגעלאָפּן שווארץ, נאָר וואָס העכער צו דער קרוין — דין־גלאטער, ליכטיק־גאָלדיקער. איבער דעם שמאָלן, אײַנגעפאָרן־פארגעלטן וועג טרייסלען די אייביק־גרינע צווײַגן דעם שניי פון זיך. זיי רוישן אינעם ערעוו־פרילינג, שפּארן און שטויסן זיך — ווילן כאפּן אן איבעריקן שטראל, נאָך א טראָפּן שײַן. און די זון, די גרויסע וועלט־האָרעפּאשניצע, שטילט זייער דאָרשט, פּויעט זיי אלעמען, פון אונטער די שײַן־געקרײַזלטע רויכן, מיט כיִעס וואָרעמער, מיט לעבנסזאפטיקער ליכט. דער שניי בליצט אין די אויגן.

— ליבע, דו האָסט זיך גוט אײַנגעמאָסטעט?

— יאָ, רעב יִיצכאָק, מירן ביזקל נאכט דערפאָרן?

— אז גאָט וועט שענקען געזונט און פּאגאָדע...

אין דעם מאנס שטיוול, אין דעם אלטן בורנעס, די געליִענע גרוי־געקעסטלטע שאל אפן קאָפּ, זיצט זי, די מומע ליבע, פון הינטן, אפן שטײַף אָנגעקלאפּטן זאק היי, און טראכט וועגן איר געסיִע: ווער און וואָס איז ער, אָט דער אוונער, וואָס וויל נעמען שיפּרען ווי זי גייט און שטייט? רעב נאָסן לאנדעס מיזיניק. פון אזא יִיכעס, דעריקער פון אזא אשירעס, קאָן דאָך נעמען א מיידל פון זייער גראד, און אויך פון אזא יִיכעס און אויך פון א שמאלץ־גרוב... איז עפּשער אָט דער אוונער א באלמום, א כוילע־מעסוקן, אָדער גאָר, באהיט גאָט, א כוילעניפּל?..

אוואדע וואָלט די מומע ליבע וועלן זיך אָן אייצע האַלטן מיט יִצחאָקן, מיט דעם כאָשעווו אין דער מישפּאָכע, וואָס אף אים זאָגן די באַיארס: דאָס האַרץ ליגט בא אים אין דער רעכטער זײַט, זײַנע אָן אייצע דאַרף מען הערן און פאָלגן. זײַנס אַ וואָרט איז ניט געפעלשט, ריין פון קינע. ער זאָגט דעם עמעס אין די אויגן. ער, יִצחאָק, נעמט ניט אוף קיין זאַכן, ווי זיי וואָלטן באַדאַרפט זײַן, נאָר אַזוי ווי זיי זעען אויס און ווי זיי זײַנען.

וואָלט אוואדע די מומע ליבע וועלן זיך מיט אים אָן אייצע האַלטן, אָבער וויִאַזוי קאָן מען פאַר אים, פאַר אַזאַ אָוול, ריידן וועגן אַ שידעך? טרויעריק איז יִצחאָק. אַפילע אין יענע טעג, נאָך דער טאָכטערס שמאַד, האָט מען אף אים אַזאַ פּאָנעם ניט געזען. בא יִצחאָקן זײַנען ניט קיין צאָרעס, אַפילע ניט קיין יעסורים. ער, יִצחאָק, איז אַ באַל־ניסויען... מיט וואָס זאָל זי אים טרייסטן? מיט וואָס קאָן זי אים מענאַכעם זײַן? צו שטאַרקע רייד דאַרף מען האָבן פאַר יִצחאָקן. זי, די מומע ליבע, פאַרמאָגט זיי ניט. ווילט זיך איר אַ געשריי טאָן:

— גענוג, רעב יִצחאָק, גענוג. מ׳זעט דאָך מאַמעש מיטן אויג, ווי איר ווערט גראָוו און גראָווער...

נאָר זי שווײַגט, די מומע ליבע. דער שליטן גייט שטיל. די ווײַסע בײַכיקע שקאָפּע פירט אָנגעשטרענגט מיט דעם צעשפּאָלטענעם אויער, פריכעט, טרעט איבער די זוניקע פאַסמעס, וואָס פאַלן דורך די גרינע צווײַגן. זאָגן קאָן די מומע ליבע גאָרניט. ניטאָ אויך וואָס צו פרעגן און וואָס צו דערוויסן זיך. אַלץ איז אין דער מישפּאָכע שוין באַוווּסט: נאָך דאַניִעלס טויט האָט דער אײדעם הערשע־לייב געבראַכט די דרײַ קינדער: די יעסוימים, — טראַכט די מומע ליבע, — זײַנען אוואדע אַ גרויסער ווייטעק אין שטוב. זיי טראָגן אָבער פאָרט אַרײַן אַ לינדערונג. קינ־דער פאַרמערן די יעסורים, אָבער איינצײַטיק פאַרלײַכטערן זיי אויך די צאָרעס — מ׳מוז אַמאָל פאָרט אַ לאַך טאָן...

אין דער מישפּאָכע ווייסט מען שוין אויך: הערשע־לייב וויל נעמען מאַלקען. „דער שטילער זומער" וויל עס זייער — די יעסוימים זאָלן ניט אַרײַנפאַלן צו אַ שטיפמאַמע. מאַלקע וועט ניט זײַן פאַר זיי קיין שטיפמאַמע. ראָכלס קינדער וועלן בא איר ניט אָפּגערוקט זײַן פון איר אייגן קינד — פון שמוליקן. דערווײַל ווייסט מען נאָך ניט, מיט וואָס ס׳וועט זיך ענדיקן. מאַלקע, זאָגט מען, איז פון הערשע־לייבס אָנדײַטונג שטאַרק אופגעבראַכט געוואָרן. און מער ווערט וועגן דעם ניט גערעדט. דעם קעדושן־רונג, דעם זייגער, וואָס איווע האָט אין יענער נאַכט פון דאַניִעלס טויט שטילערהייט צוריק אונטער דעם קישן אוועקגעלייגט, האָט מאַלקע פאַרקויפט און געשטעלט אף דאַניִעלס קייווער אַ שטיין.

וועגן כיירוסן וועט די מומע ליבע אוואדע קיין שום רייד מיט יִצחאָקן ניט פאַרפירן. יענע זיצט נאָך אַלץ אין טפיסע. איבער איר איז אויך שיר אוורהאָם ניט ניזעק געוואָרן. דער דאָקטער האָט דאָרטן, אין דער שטאָט, געשטעלט אַלע אַדוואָקאַטן אף די פיס, אַראָפּגעבראַכט אַפילע איינעם פון דער קרוינשטאָט, פון פייטערבאַרג. ווען מ׳פאַרלעשט, כאָלילע, ניט דעם בילבל, וואָלט, זאָגט מען, אויסגעבראָכן גאָר אַ גרויסע סרייפע... בא איר ברודער, בא גאַווריִעלן, איז אויך ניט פריילעך — די יונגע שנור, סטיסע, האָט צוריק מיט אַ כוידעש אַראָפּגענומען די שוויגער פון שטריק. זי שטאַרבט און שטאַרבט, נעכע, און קאָן ניט שטאַרבן. דער מאַלכ־האַמאָוועס מאַטערט זי און נעמט זי ניט צו. דאַניִעל האָט אַמאָל וועגן איר גוט געזאָגט:

— די נעשאָמע איז אין נעכען שוין לאַנג געשטאָרבן, און אָן אַ נעשאָמע איז דעם גוף זייער־זייער שווער צו שטאַרבן...

דאָס ביסל סוידעספּולע יאָמטעוודיקײַט, וואָס האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט אין דער מומע ליבעס האַרץ פון דער אומגעריכטער בסורע, אַז איר טאָכטער שטייט פאָר אַזאַ מאַזלדיקער שידעך, ווערט מיט יעדן אָפּגעפאָרענעם טייל אַלץ מער און מער פאַרווייעט מיט צאַר און שווערן געמיט. דערצו נאָך דאָס איבלעניש אונטערן לעפעלע... זיצט זי מיט דער שאַל איבערן קאָפּ, די הענט פאַרוקט טיף אין די אַרבל, די ליפּן פאַרפרעסט, און די אויגן בא איר, ווי בא אַלע באַיארס בעשאַס פאַרטראַכטקײַט, האַלב צוגעשלאָסן.

איבערן וואַלד גייט די זון. ס׳הערט זיך אין דער פראָסטיקער לופט דאָס הילכיקע פּײַקלען פון די פיקהאָלצן איבער די טרוקענע שטאַמען, דאָס רופנדיקע געזאַנג פון די בלויערלעך, דער סקריפּ פון די ביימער, און ס׳ווייעט מיט דעם ערעוו־פרילינגדיקן ביטערלעכן רייעך פון נוסנבוים.

יִצחאָק באַיאַר, ווי טאָמיד אין וועג, זיצט מיט אַ זײַט, די פיס אין די אונטערגענייטע גראָבזויליקע שוואַרצע פוישטן פאַרוואָרפן איבער דער דראַבינע, אין דעם פעלצל — אַ ברוינס, אַ קורצס, אונטערגעגאַרטלט מיט דער גרינער קרײַקע. אפן קאָפּ די יערושע פונעם עלטערזיידן — דאָס סויבלנע היטל, וואָס דערגרייכט אים ביז צו די אויערן, און באַם זוים איז עס שוין ביז גלאַנץ אָויסגעריבן. אין די רויטע הענט האַלט ער די שטריקלדיקע לייצעס, רייכערט דעם ציבעק און הערט זיך צו עפּעס צו...

דער רוקן בא יִצחאָקן ניט געבויגן, דער קאָפּ צום אונטערגעהויבענעם אַקסל ניט פאַרנייגט: אוועלכער קלאַפּ ס'זאָל שוין ניט קומען, אוועלכע צאָרע ס'זאָל שוין ניט זײַן, וועט דער ווייטעק גרעסער ניט ווערן. ער זיצט גלײַך, איין אויג צוגעזשמורעט, און הערט זיך צו עפּעס צו. עמעצער רעדט אין אים, טײַנעט, שרײַט און מאָנט מיט א פאַרביסענער אַקשאָנעס: „יִצחאָק, ענטפער, וואָס וועט זײַן מיט דײַן איינציק לעבעדיקער טאָכטער?" וואָלט כאָטש „דער שטילער זומער" עפּעס געזאָגט? גאָרנישט! ריווקע רעדט נאָר מיט די אויגן... ער האָט זי אפילע איינמאָל געבעטן:

— ריווקע, שטיל אײַן דײַנע אויגן.

פון דעמלט אָן גייט „דער שטילער זומער" גאָר אַרום מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן.

— זי האָט אָנגעהויבן אַרויסווײַזן בערייִשאַפט, גוווּרעשאַפט, — דערהערט זיך פּלוצעם יִצחאָקס קאָל.

די מומע ליבע, פאַרטאָן אין אירע ראַיוינעס, טוט זיך פון יִצחאָקס אומדערוואַרטן קאָל א בייג אויף פאָרויס, ווי דער שליטן וואָלט מיטאַמאָל שטיין געבליבן. זי קוקט אָפן קרעטשמאַר. פאַר דער צײַט, וואָס זיי זײַנען אין וועג, איז, דוכט זיך, אין זײַן לאַנג-שמאָלער באָרד צוגעקומען צוויי פּאַסמעס גראָווע האָר. מיט א פאַרקלעמט האַרץ, נאָר מיטן גוטן שמייכל, פרעגט זי:

— ווער, רעב יִצחאָק?

— מײַן שטילער זומער. זי טראָגט אליין דעם צעבער, וואַרפט זיך צו אַלע שווערע אַרבעטן און אַלץ מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן. אז די אַראָפּגעלאָזטע אויגן זײַנען נאָך שרײַענדיקער פון די אָפענע... פון אירע אויגן קאָן איך זיך קיין אָרט ניט געפינען. נאַ-נאַ! — טוט ער א טרײַב די שקאַפּע. — זי בלײַבט שוין שטיין, אז זי מוז דאָך הערן וואָס מ'רעדט. נ-נאַ-נאַ! זאָג מיר, ליבע, וואָס קאָן איך, אזא פּראָסטער מענטש, אויף דעם ענטפערן?.. ניין, ליבע, ניט מײַן מויעך, ניט מײַן האַרץ קאָן אזא וואָנט דורכברעכן. און ווער בין איך עס אזעלכער, וואָס זאָל קאָנען נעמען און שטעלן אויף זיך? קאַרג, וואָס ס'איז אָפּגעבראָכן געוואָרן אזא שיינע צווײַג, זאָל איך נאָך נעמען האַקן דעם שטאַם...

אז דער מומע ליבע ווערט קלאָר, וועגן וואָס די רייד גייט, עפנט זי פון כידעש די אויגן — ער, יִצחאָק, זאָל ריידן פון דער געשמאַדטער טאָכטער? אין דער מישפּאָכע איז דאָך האַרב פאַר-זאָגט געוואָרן קינד-און-קייט: פאַרן קרעטשמאַר זאָל כיירוסעס נאָמען ניט אַרויסגעבראַכט און ניט דערמאָנט ווערן.

— זאָל דיך, ליבע, ניט וווּנדערן, — צינדט אָן יִצחאָק דעם פאַרלאָשענעם ציבעק, — די צײַט שלײַפט אפילע א שטיין. דאַנייִעל, אָלעווהאַשאָלעם, האָט זיך פון איר ניט אָפּגעזאָגט... גלויבן, האָט ער מיט מיר איינמאָל געקנעלט, איז א זאַך פון יוישער און סאָוועסט. יעדער מענטש, האָט ער מיט מיר אײַנגעטײַנעט, קאָן און דאַרף גלייבן אין אַוועלכן גאָט ער וויל... איך, האָט ער מיר דעמלט אָפן געזאָגט, גלייב ביכלאַל ניט אין קיין שום געטער. ס'איז מיר גענוג, טאַטע, אז מ'קוועטשט מיך אויף דער ערד פון אַלע זײַטן. כ'דאַרף ניט, אז מ'זאָל מיך נאָך דריקן פון אויבן... דעם הימל, האָט ער געזאָגט, האָב איך ליב א פרײַען, א ריינעם, אָן געטער. איך, האָט ער גע-זאָגט, בייג מיך פאַר דער זון, פאַר דער לעוואָנע, פאַר די שטערן... פון זײַנע רייד, ליבע, האָט מיר געקילט דאָס בלוט אין די אָדערן... וויי! זי וועט זיך שוין באַלד צוזעצן.

די שקאַפּע ענטפערט מיט א שמיץ פון דעם אונטערגעבונדענעם ווײַדל און טוט א ריס דעם שליטן. די מומע ליבע טוט זיך ווידער א נייג אויף פאָרויס, נאָר די אָנגעלאָפענע קנייטשן אָפן שטערן צעגייען זיך ניט. יִצחאָק פאַרוקט דעם אויסגערויכערטן ציבעק אין פּוישט, נעמט אַרײַן אין דער האַנט די שמאָלע לאַנגע באָרד און פּינטלט מיטן צוגעזשמורעטן אויג אין דער ווײַט אַרײַן. די לופט אין וואַלד ווערט אַלץ דורכזיכטיקער און קלאָרער. די זון, ווי באַרג אַרויף, קלעטערט אַלץ העכער אין הימל. נאָר אונטן, בא די וואָרצלען, מערן זיך די שאָטנס. דער שניי בליצט מיט בלויע פּערל. דער שליטן סקריפּעט ראַשיקער — דער פּראָסט שטאַרקט זיך.

— אָבער איין זאַך איז, ליבע, אַן אַפּיקוירעס, א צווייטע זאַך איז — א מעשומעד. מיט וואָס, פרעג איך דיך, איז דער גאָט פון אונדזערע עלטערן איר ניט געפעלן געוואָרן? נאָר דער-פאַר, ווײַל ער איז דער גאָט פון א געפאַלענעם פאָלק?.. דאָס קאָן מען, ליבע, ניט פאַרגעבן און ניט מויכל זײַן. אין אזא שווערער צײַט, אין אזא אייס-צאָרע אַנטלויפן פון פאָלק צו א רײַכן טיש, זוכן דאָרט א פעטן ביין... ניין, ליבע, דאָס קאָן מען ניט מויכל זײַן. ניין, ליבע, א מעשומעד איז ניט קיין אַפּיקוירעס. א מעשומעד פאַרקויפט דאָך דעם טאַטן מיט דער מאַמען פאַר א טאָפּ לינדזן...

בא יִצחאָקן גייען אַלע ביינער אונטערן פּעלצל. דאָס פּאָנעם פלאַמט אים:

— זאָג מיר, ליבע, צי דען טאַקע זײַנען אונדזערע קינדער אזוי נידעריק געפאַלן? טאָמיד קומט מיר אָפן געדאַנק דער קאַדעש יאַנטל. א פּאָשעטער שנײַדער-יונג געווען, קוים געקאָנט דאַווענען, אָבער ס'אַרא ווירדע! ס'אַרא שטאָלץ!

— רעב יִצחאָק, — זאָגט שטיל די מומע ליבע, — טורמע איז דען אַ פּעטער ביין?

— הע, — פֿאַרטראַכט ער זיך אַ רעגע, — וואָלט איך אַף זיכער געוווּסט, אַז זי האָט עס אָפּגעטאָן צוליב דעם טאָפּ לינדזן, איך וואָלט דען נאָך צען יאָר געוואָלט הערן איר נאָמען? איך וואָלט מיט דיר, ליבע, ניט גערעדט פֿון איר. דו ווייסט, ווער ס׳האָט מיך אויפֿגערודערט? גראָד ער, דעמלט, דער סלעדאָוואַטעל, אָט יענער לאַנגער סוינע־יִיסראָעל. „דײַן טאָכטער, האָט ער מיר געזאָגט, איז ווײַט פֿון דיר ניט אַוועק“. זײַנע ווערטער זײַנען מיר אין האַרצן אַרײַן. זיי שטעכן און ברִיען מיך ביז דער זיבעטער ריפּ... וווּהין זשע איז זי אַוועק? ווּ זשע איז זי? ניט דאָ, ניט דאָרט? וויאָ! זי שטייט שוין ווידער. אָן אָנשיקעניש מיט איר, אַ ווײַבערשע נעשאָמע, לעהאַוודל, אַלץ דאַרף זי וויסן. לאָמיר שוין שווײַגן, אַניט וועלן מיר פֿאַר דרײַ טעג ניט דערפֿאָרן... נ־נאָ־נאָ!

ער בלײַבט טאַקע זיצן שטיל. די מומע ליבע, פֿון אונטער דער שאַל אַרויס, זעט: זײַן נאָר־וואָס אויפֿגעפֿלאַמט פּאָנעם לעשט זיך, די ליפּן אויסגעקרימט, די הענט פֿאַלן אים אַף די קני, מיט די דלאָניעס אַרויף. די פֿינגער בייגן און גלײַכן זיך אויס, ווי זיי וואָלטן עמעצן גערופֿן.

קוקט די מומע ליבע אָפֿן קרעטשמאַר מיט אַ פֿאַרקלעמט האַרץ. אָן איבערגעפֿולטע מיט מיטלײַד, זאָגט זי צו אים שטיל, ווי זיך געבעטן בא אים:

— רעב יִצחאָק, פֿון צײַט צו צײַט מוז זיך אַ מענטש אויסוויינען... דאָס האַרץ זאָל ניט דערטרונקען ווערן אין טרערן.

יִצחאָק באַיאָר גיט קוים אַ שמייכל. עֶר שלעפּט אַרויס די בײַטש פֿון אונטערן געזעס. — נאָ־נאָ! די ווײַסע קריכט ווי מאָשִיעך, נאָך קיין פֿערטל וועג ניט אָפּגעפֿאָרן. וויאָ!

פֿאַרשטייט די מומע ליבע, אַז זי האָט געזאָגט אַ גרויסע נאַרישקײַט: געוויצעט יִצחאָקן זיך אויסוויינען... נאָר וואָס קאָן זי זאָגן און ענטפֿערן אַף זײַנע רייד? זאָל גאָט שוימער־אומאַצל זײַן אָפֿילע איר גרעסטן סוינע פֿון אַזעלכע יעסורים.

אַ קלינגענדיקע שטילקײַט שטייט איבערן וואַלד. דער מומע ליבע שווינדלט אין די אויגן פֿון דער זון, פֿון בליצנדיקן שניי, אָפֿילע פֿון די גרינע סאָסנעס. צו אַ שאַרפֿער רייעך גייט פֿון דער צעוואַרעמטער שקאַפּע. זיצט די מומע ליבע ווידער מיט צוגעשלאָסענע אויגן — דער וועג ווערט איר וואָס ווײַטער שווערער. ניט אומזיסט האָט די נעסִיע זי געשראָקן. צום אָנהייב, באַם אַרויספֿאָר, דערפֿילנדיק יענעם מין כאַלאָשעס, יענע ניט־גוטקײַט אונטערן לעפֿעלע, וואָס באַשלאָגט זי די לעצטע וואָכן, האָט זי עס ווידער אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט, אויסגעזוכט אַף דעם אַ סאַך טערוצים. אָבער אַז יענער מין כאַלאָשעס לאָזט זי ניט אָפּ, פֿאַרקערט, דער איבל איבערן גאַנצן לײַב שטאַרקט זיך, ווערט די מומע ליבע זייער אומרוִיק און הייבט אָן מיט גרויס אָנגעשטרענגטקײַט צוהערן זיך, וואָס אין איר קערפּער קומט פֿאָר. די סימאָנים זײַנען ניט קיין גוטע. מער פֿעלט איר ניט. זי מאַכט אַ כעזשבן...

— ליבע, ס׳איז דיר דען אַזוי הייס? — פֿרעגט יִצחאָק, דערזעענדיק ווי זי וואַרפֿט פֿון זיך די שאַל אַראָפּ. — דער טאָג איז טאַקע אַ מעכײַעדיקער, ס׳נעמט אָבער אַ יאַדרענער פֿראָסט. ס׳איז דיר, כאָלילע, עפּעס ניט גוט?

בעט זי אים אָפּשטעלן דאָס פֿערד.

— יאָ, דער קאָפּ האָט זיך מיר עפּעס פֿאַרדרייט...

— ליבע, עפּשער ווילסטו זיך אַ ביסעלע דורכגיין?

העלפֿט ער איר אַראָפּ פֿון שליטן:

— די פֿיס זײַנען דיר פֿאַרקליאַקנעט געוואָרן, צי וואָס?

— אַפּאָנעם, — ענטפֿערט זי. און מיט איר גוטן, נאָר זייער אַ פֿאַרזאָרגטן שמייכל גיט זי צו: — ניטאָ שוין די מיידלשע קויכעס...

יִצחאָק פֿאַרהאַלט זײַן בליק אַף איר פּאָנעם, און דערנאָך גייט ער לאַנג מיט איר שווײַגנדיק נאָכן שליטן. פּלוצעם נעמט ער זי אָן באַם עלנבויגן:

— דאַניִעל ליגט אָן אַ נאָמען... גיב מיר דאָס וואָרט, ליבע...

זי פֿאַרייטלט זיך. איר סאָד וויל זי נאָך פֿאַר קיינעם ניט אַנטפּלעקן. נאָר פֿילנדיק ווי יִצחאָקס פֿינגער ציטערן אַף איר עלנבויגן, ווי ער קוקט אַף איר מיטן צוגעזשמורעטן אויג, ווי ער וואַרט מיט האָפֿענונג אַף איר וואָרט, און וועלנדיק עפּעס טאָן פֿאַר אים און מיט עפּעס אים צו פֿאַרלײַכטערן זײַן שווער געמיט, שטעלט זי זיך אָפּ און זאָגט:

— אַפּאָנעם, ס׳איז פֿון גאָט...

— ליבע, גיסטו מיר דײַן וואָרט?

— רעב יִצחאָק, איך גיב אײַך מײַן וואָרט.

און זעענדיק, ווי פֿון אירע רייד לײַטערט זיך יִצחאָקס פּאָנעם, גיט זי צו פֿײַערלעך:

— ווי מיר געפֿינען זיך איצט אין וואַלד, פֿאַר גאָטס הימל און ערד, גיב איך אײַך, רעב יִצחאָק, מײַן וואָרט, אַז אויב נאָר אַ יִנגל, וועט זײַן נאָמען הייסן צווישן יִידן — דאַניִעל.

## III

איווע, נאָך דער שווערער קרענק, — קיינער האָט ניט געגלייבט, אַז זי וועט זיך פֿון בעט אופֿהייבן און אַף די פֿיס זיך שטעלן, — אַן אויסגעמאָגערטע, אין די אויגן, נאָך גרעסער געוואָרענע, יענץ אומבאַהאָלפֿן נעקאָמע־פּײַער, וואָס צו ווּעמען עס איז געווענדט און געריכטעט, דער־גרייכט ניט און שאַדט ניט, דאָס פֿײַער ברענט בלויז דאָס אייגן האַרץ, — איווע זיצט נאָך אַלץ, שוין קאָרעוו צו האַלבער נאַכט, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אַף די הענט, און קאָן זיך צום פּעקעלע בריוו ניט צורירן. ערשט הײַנט האָט איר אַקיווע געבראַכט יענץ פּעקעלע, וואָס דאַניִעל האָט פֿאַרן טויט איר איבערגעשיקט. און אויך ערשט הײַנט, בעשאַס דערלאַנגען איר דאָס פּע־קעלע, האָט ער איר געזאָגט, אַקיווע:

— שוועסטער, נאַ! כ'האָב עס דיר ניט געוואָלט אָפּגעבן... כ'האָב אָבער אַף דעם קיין רעכט ניט. דאָס איז געווען זײַן לעצטער ווילן.

האָט זי, אַכוץ „שוועסטער", קיין אַנדערע רייד ניט געהערט. פֿון די אויגן זײַנע און פֿון דעם קאָל זײַנעם, מיט וועלכן ס'איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן „שוועסטער", האָט זי אַרומגעכאַפּט אַזאַ צאַפּלדיקע פֿרייד, אַז, צוזעענדיק, ווי אַקיווע לאָזט זיך אַפּגיך צו דער טיר אַרויס, האָט זי אים אַפֿילע ניט געקאָנט פֿאַרהאַלטן און אָפּשטעלן. זי איז געבליבן שטיין אַ שײַנענדיקע און אַ גליק־לעכע. דאָס לעבן אַליין האָט איר אונטערגעטראָגן אַזאַ גרויסע, טײַערע מאַטאָנע — אַקיוון...

די נײַע דינסט, צוגעשטעלט געוואָרן צו זען און צו הערן, וואָס בא איווען אין צימער קומט פֿאָר, ווער ס'גייט אַהין אַרײַן און אַרויס, איז נאָך אַקיווס אַוועקגיין אַוועקגעלאָפֿן גלײַך צו אַלעקסאַנדערס שוועסטער, צום אַדוואָקאַטס ווײַב, צו יודיסן, דערציילן, אַז נאַרוואַס האָט זי אַליין געהערט איווען לאַכן. דעם אַדוואָקאַטס ווײַב האָט עס ניט געוואָלט גלייבן: גיי שוין, גיי, פֿאַר די צוויי יאָר, וואָס מיר קענען זי, האָבן מיר נאָך קיינער ניט געהערט זי לאַכן... — די דינסט האָט אָבער געשווירן, געכאַפּט די ערד: זי זאָגט קיין ליגן ניט. איז יודיס אַוועק מיט דער נײַס צו דער יינגערער שוועסטער, צו עסטערן. און ביידע זײַנען דאָרטן געקומען צום אויספֿיר, אַז דער קלעזמער איז טאַקע געוואָרן עפּעס צו אַן אָפּטער אַרײַנגייער צו איווען...

די נאַכט גייט. נאָר אונטער דעם גרינעם אַבאַזשור, נאָך אַלץ ניט קיין צוויקלטס, נאָך אַלץ מיט די געפּלאָכטן־לײַנענע פֿעדעם, וואָס איז אַפּגיך איבערגעבונדן געוואָרן, ליגט דאָס פּעקעלע ניט קיין געריררטס. זײַן טויט, די לעווײַע, טרעט פֿון איר ניט אָפּ, ווערט אַף אַ רעגע ניט פֿאַרטונקלט. די לעווײַע איז געווען אַ שרעקלעכע. ווי נאָר מ'איז אין פֿעלד אַרויסגעפֿאָרן, האָט גענומען ווייען, און דער וועג איז פֿאַרלוירן געוואָרן. זי געדענקט ניט, איווע, וויפֿל דאָס ווייען האָט געדויערט — אַ שעה, צוויי, צי גאָר דרײַ מעסלעס... נאָר ווען זי האָט די אויגן געעפֿנט, איז די פֿור מיטן מעס, פֿאַרוויייעט מיט שניי, געשטאַנען הינטער אַ סקירדע שטרוי און אַרום איז געווען שטיל און ווײַס. די פֿערד האָבן פֿאַרוקט די קעפּ אין דער סקירדע און הילכיק גע־שמאַק געריבן די הערעטשענע שטרוי. „דער שטילער זומער" שאַרט מיט די נאַקעטע הענט דעם אָנגעווייעטן שניי פֿונעם מעס. אַלעמאָל פֿאָרט אָן פֿון די אַרומיקע דערפֿער און כוטאָרס אַ נײַע פֿור — די באַיאַרס פֿאָרן צו דער לעווײַע. דער דאָקטער בעט זיך מאַמעש מיט טרערן, און דער טאַטע אירער שרײַט אַף איר: וואָס וויל זי, איווע, זיך אומברענגען? די זאַוורוכע קאָן ווידער־אַמאָל זיך אופֿהייבן, זי הערט דען ניט, ווי די פֿערד כראַפּען? מיטן מעס קאָן מען דאָך ניט פֿאָרן גיך. זי, איווע, דאַרף פֿאָרן אַפֿריער. באַ דער קוורע וועט זי בײַזײַן.

נאָר איווע איז אַף דעם ניט אײַנגעגאַנגען — זי וועט באַגלייטן דאַניִעלן אין זײַן לעצטן וועג. פֿאַרנאַכט האָט מען אים צו קוורע געבראַכט. דער פֿראָסט איז געווען אַזאַ שטאַרקער, אַז ס'איז אומעגלעך געווען אויסצוהאַקן די געהעריקע קאַרקע. די ערד איז ניט פֿאַרפֿרוירן, נאָר פֿאַרשטיינערט געוואָרן. און מ'האָט דאַניִעלן קימאַט אַ האַלב־זיצנדיקן אַרײַנגעלייגט אין קייווער. דערצו נאָך די אופֿגעהויבענע האַנט זײַנע — מ'האָט זי בעשום־אויפֿן ניט געקאָנט אויסגלײַכן. איווען האָט געדאַכט: דאַניִעל וויל ניט גיין אין קייווער, מ'לייגט אים אַהין מיט גוואַלד אַרײַן...

און ווידער און אָבעראַמאָל שטעלט זיך פֿאַר אירע אויגן — נאָך דער קרענק גרעסער געוואָרענע, מיט דעם אומבאַהאָלפֿענעם נעקאָמע־פֿײַער אין זיי — די נאַכט פֿון דאַניִעלס טויט, יענע פֿאַרשאָלטענע און געבענטשטע נאַכט. יענע נאַכט, אין וועלכער זי האָט זיך ווידער דערזען און געפֿונען. דעמלט, אומקערנדיק זיך צו פֿאַרטאָג־צו אין טאַטנס שטוב אַרײַן, ערשט די שוועל פֿון שטוב איבערגעטראָטן, קוים באַוויזן דעם מאַנטל אויסצוטאָן, שטײַט פֿאַר איר אַלעקסאַנדער, נעמט זי גראָב אַרום און שלעפּט זי אין בעט אַרײַן. אַף אַ רעגע בלײַבט זי, ווי אײַנגעגראָבן אין דער ערד. אַ גליִענדיקע כאַרפּע און אַן אומענטשלעכער ווייטעק כאַפּט זי מיטאַמאָל אַרום — אַ כאַרפּע פֿאַר זיך אַליין אַלס מענטש און אַ ווייטעק פֿאַר זיך אַלס פֿרוי... באַלד אָבער האָט זי זיך

פון זײַנע הענט ארויסגעריסן, און, אומגעריכט פאר זיך אליין, אים אראָפּגעלאָזט אזא פּאטש, אז אלע צײַנער האָבן אים אין מויל א קלונג געטאָן.

— דאָס איז דיר פאר אלע צען יאָר!

ער איז געבליבן שטיין א פארלוירענער. דערנאָך האָט ער זי געפרעגט:

— ביסט פון זינען אראָפּ?

— ניין, כ'בין געקומען צום זינען.

— דעם פּאטש וועל איך ניט קאָנען פארגעסן, איך וועל דיר אים ניט מוחל זײַן. דאָס איז א פּאטש פון א סוינע.

— פון דײַן גרעסטן סוינע! — און קעדיי ניט ארויסצורופן קיין רייד צווישן די ברידער און די שוועגערנס, האָט זי אין דעם מאנטל זיך צוגעשפּארט אף דעם סאָפּקעלע, ביז ס'וועט טאָג ווערן. גאנצפרי איז אלעקסאנדער אליין אוועקגעפאָרן מיטן אשמעדײַ אהיים.

דאָס פּעקעלע, א באלויכטנס אונטער דעם גרינעם אבאזשור, ליגט נאָך אלץ ניט קיין אָנגעריררטס. דאָס צימער א גרויס, א ליידיקס, וואָס טיפער אין אים — געדיכטער די פינצטערניש, קעלטער. אכוץ דעם נאקעט־קײַלעכדיקן רויטפּאלירטן טישל, דעם שמאָלן ווײַסגעפארבטן אײַזערנעם בעטל און דעם בילד אף דער וואנט — די קו מיטן אָפּגעבראָכענעם האָרן, וועלכע איז מיט דעם אויסגעצויגענעם קאָפּ צווישן די שטאכעטן געווענדט צום בערגל, צו די עטלעכע נאָרוואָס ארויסגעשפּראָצטע גרעזעלעך, און ארום נעפּל און טונקל־געוואָרענע שניין, — איז דאָ אין צימער קימאט מער גאָרנישט ניטאָ. אף דער שווערער דעמבענער טיר, הינטער א לײַלעך הענגען אירע אמאָליקע מיידלשע קליידער. אלץ דאָס איבעריקע, דעם ערשטן טאָג, באלד נאָכן אומקערן זיך פון דאניעלס לעווײַע, שוין א קראנקע, פון יענער זײַט שוועל ארויסגעשטעלט און ארויסגעוואָרפן.

קיינער לייגט זיך אין שאָלעם ניט ארײַן, קיינער ווייסט אויך ניט, וואָס דאָרטן, בייס דער נעסיִע צו איר קראנקער מוטער, איז צווישן זיי פאָרגעקומען און געטראָפן. מ'הערט אויך ניט, אז איינער דעם צווייטן זאָל א טײַנע, א פאָדערונג ארויסשטעלן. ס'שטייט א שטילקײַט, אָבער פון יענע שטילקײַטן, וואָס ווייען מיט קריג און מאכלויקעס. בייס דער שווערער קרענק, דאָס האָבן אלע באמערקט, איז אלעקסאנדער קיין איין מאָל צו איר אליין ניט ארײַן — קעסיידער מיט דער מאמע זײַנער, און דאָס אויך ניט אָפט, און אויך נאָר דעמלט, ווען דער דאָקטער אָדער אנדערע זײַנען געווען בא דער קראנקער.

דאָך, אין די ערשטע וואָכן, ווען איווע האָט זיך צווישן הימל און ערד געפונען, פלעגט אלעקסאנדער אלע פארנאכט, אין די ביין־האשמאָשעסן, פאָדערן באם דאָקטער, וואָס קומט יעדן טאָג אין דער צײַט אף צו בלײַבן אף א גאנצער נאכט לעבן דער קראנקער, אז ער, דער דאָקטער, זאָל זיך פאר גאָרנישט ניט אָפּשטעלן — זאָל מען אלע טאָג, אפילע צוויי מאָל אין טאָג ברענגען דעם פּראָפעסאָר עפּראָס, זאָל מען ווידער צונויפרופן די פּראָפעסאָרן פון שטאָט. ניט כאָלילע דערפאר, ווײַל ער, אלעקסאנדער, גלייבט ניט אין איליא איליטשן... אָ, ניין, נאָר...

האָט דער דאָקטער אין יענע טעג נאָך געגלייבט אין אלעקסאנדערס רייד און אין זײַן צאר, ער האָט אים געמינטערט און געטרייסט: מ'דארף ניט ארײַנפאלן אין יִיעש, מ'דארף ווײַניקער פּראָפעסאָרן און דאָקטוירים. זי דארף וואָס מער רו. ער, איליא איליטש, ניט געקוקט אף איר שווערן צושטאנד, גלייבט זייער אין איוועס געזונטן אָרגאניזם, און דעריקער — אין איר לעבנסדארשטיקײַט.

שפּעטער, ווען איווע האָט אָנגעהויבן צו־זיך קומען, האָט אלעקסאנדער קימאט אויסגעמיטן דעם דאָקטער. דער דאָקטער האָט שוין געוווּסט „פּאָרוואָס". עמעס, ווען ניט איקיווע, וואָלט ער, איליא איליטש, מיט זײַן טמימעס און גלויבן אין מענטשן, אזוי גיך עס ניט דערזען און עס ניט באמערקט.

וואָס ווײַטער איז פארן דאָקטער קלאָרער געוואָרן: אלעקסאנדער האָט געוואָרט אף איוועס טויט. איר טויט וואָלט אים באפרײַט פון א סאך ניט אָנגענעמלעכקײַטן און זארגן. אין פרעמדע אויגן וואָלט ער געווען דער אומגליקלעכער מאן, וואָס האָט זיך אזוי מאפקער געווען, געשאָטן מיט גאָלד, מאמעש אונטערגעלייגט אונטער דער קראנקער די הענט... נאָר דאָס אומגליק איז געשען. און אלעקסאנדער וואָלט נאָך שלוישים אָפּגעשפּילט די נײַע כאסענע.

דער דאָקטער האָט פאָרט מוירע, אז ווען איווע וועט געזונט ווערן זאָל ווידער צווישן זיי קיין פשאָרע־שאָלעם ניט ווערן. אין איינעם א פארטאָג, ווען דער דאָקטער איז געזעסן לעבן איוועס בעט, האָט זי אים אָבער פלוצעם געזאָגט:

— איליא איליטש, ווי נאָר איך וועל זיך שטעלן אף די פיס, גיי איך פון אָט דער שטוב אוועק!

דער דאָקטער, האגאם ער ווייסט אלץ, וואָס דאָ אין שטוב קומט פאָר, און האגאם ער האָט גוט געזען ווי דער שפּינוועבס, אין וועלכן זי האָט זיך, ווי א פליג, געשלאָגן, איז נאָך בייס דער נעסיִע

צו דאַניִעלן צעריסן געוואָרן, קיין שאָלעם, פאַרשטייט ער, אפילע קיין אויסערלעכער, אפילע פאַר דער וועלט, קאָן שוין קיינמאָל צווישן איר און אלעקסאַנדערן ניט זײַן, — דאָך, דערהערט פון איר, פאַר אלע יאָרן, דאָס ערשטע מאָל אזעלכע קלאָרע, רויִק־באַטראַכטע ארויסגעזאָגטע רייד, בלײַבט ער זיצן אָן אָטעם. איווע זעט, ווי דער דאָקטער נעמט אראָפּ די ברילן, לייגט זיי איבער פון איין האַנט אין דער צווייטער, שויבערט די באָרד און שמייכלט מעשונע, כאַזערט זי נאָכ־אַמאָל איבער:

— יאָ, ווי נאָר איך שטעל זיך אָף די פיס, גיי איך פון אָט דער שטוב אוועק.

אין א רעגע ארום גיט זי צו:

— פאַרשטייט זיך, מיטן קינד... דאָס קינד וועט ער קאָנען זען, ווען ער וועט וועלן. נאָר אויסהאָלטן און דערציִען וועל איך דאָס קינד אליין.

באַם דאָקטער פאַרמאַכן זיך די אויגן — מידע און רויטע פון די שלאָפלאָזע נעכט. פון אירע ווערטער שטעלט זיך אים אָפּ דאָס האַרץ, און ער טוט מיטאַמאָל א פאַל צו אירע פיס. זי שטעלט אים ניט אָפּ. ער רעדט עפּעס גיך און הייס. זי הערט ניט קיין ווערטער. עס כאַפּט זי אויך ארום א וואַרעם געפיל צו אָט דעם מענטשן, וואָס זיצט שוין באַלד צוויי כאָדאָשים נאַכט נאָך נאַכט, צומיינסטנס אין צווייטן צימער, און הערט זיך צו פון דאָרטן, פון הינטער דער טיר, צו איר יעדן אָטעם... ציט זי ארויס פון אונטערן צודעק די נאַקעטע האַנט און לייגט זי אָף זײַן קאָפּ ארוף. ער קושט איר די פינגער:

— מײַן שטוב איז דײַן שטוב... דײַן קינד וועט זײַן מײַן קינד...

— איך ווייס, איך ווייס... — און ווי דעמלט אין אָוונט, אין איר טאַטנס שטוב, דאָרט הינטער די פיקוסן, האָט זי זיך דערשראָקן פאַר זײַן בעטנדיק־מאָנענדיקן „איווע", אזוי אויך איצט דער־שרעקט זי זיך פאַר זײַן „מײַן שטוב איז דײַן שטוב". זי באַפרײַט פון אים איר האַנט:

— איך ווייס, איך ווייס... א גרויסן דאַנק אײַך פאַר אלץ!

פונעם דאָקטערס שווערן זיפץ און פון דעם, וויאַזוי ער בלײַבט זיצן מיטן טרויער אָפן פּאָנעם, באַקומט זי אָף אים ראַכמאָנעס.

— איליא איליטש, איר זײַט פאַר מיר דער סאַמע ליבסטער מענטש.

— ליבע מענטשן — זאָגט דער דאָקטער, און אָף זײַן פּאָנעם באַווײַזט זיך א ביטערער שמייכל — ליבע מענטשן זײַנען פאַראַן א סאַך אָף דער וועלט.

זי האָט אים אָף דעם גאָרנישט ניט געענטפערט.

פון יענעם פאַרטאָג אָן איז זי ביכלאַל אנשוויגן געוואָרן.

איר שוויַיגן האָט אָף די קרוווים קיין גרויסן רוישעם ניט געמאַכט, קיין באַזונדערן כידעש באַ קיינעם פון זיי ניט ארויסגערופן. אויך פריִער, אלע צען יאָר, איז זי קאַרג געווען אָפן וואָרט. אפילע דעם שווער, דעם שטילן נאָסן לאַנדע, וואָס גייט ארום אָף דער וועלט אין ווײַסע וואָלנע זאָקן, האָט מוירע פאַר א קאַץ און פילט זיך דאָ אין שטוב אויך ווי א פרעמדער, — אפילע אים פלעגט זי ענטפערן קורץ, טאָמיד דײַטלעך, קלאָר, ווי געגעבן דערמיט אָנצוהערן: אלץ, וואָס ס'איז געווען צו ענטפערן, איז געזאָגט געוואָרן. אויך פריִער איז זי געווען מיט אלעמען קאַלט, אָבער זייער העפלעך... די ערשטע צײַט האָט אָט די העפלעכקײַט אירע ארײַנגעבראַכט אלעק־סאַנדערס שוועסטער אין גרימצאָרן. שפּעטער איז מען צו איר ארט רײַדן און אופירן זיך געוווינט געוואָרן. מ'האָט עס אפילע געהאַלטן פאַר א מײַלע. דער אלטער נאָסן לאַנדע פלעגט זאָגן דעם ווײַב, דער סויכערטע:

— נעמע, נו, מיילע, פּאַטער... דו זעסט אין איר הוילע כעסרוינעס. צוליב שאָלעם־באַיִס, נעמע, דאַרף מען אָף א סאַך זאַכן פאַרמאַכן די אויגן. זײַ ניט קיין מעכאַרכער־ריוו, צעבלאָז ניט קיין סינע צווישן זיי. באַ איווען מעגן זיך אנדערע לערנען לײַטישקײַט.

אָף דעם, וואָס איווע האָט אין דעם ערשטן טאָג פון איר אומקערן זיך פון דער נעסיִע ארויסגעוואָרפן פון איר צימער אלע קליידער און אליין דאָס מעבל ארויסגעשטעלט, אָף דעם האָט ער אויך געפונען א פאַרענטפערונג:

— פאַרגעסט ניט, א מענטש איז ניט אָרעוו פאַר זײַנע מײַסים אין אזא מאַצעוו. ס'איז טאַקע כוץ לעדערעך־האַטעווע, מעשונע ווילד, ס'איז טאַקע מוקשע, שווער צו פאַרשטיין, נאָר פאַרגעסט ניט, אז זי איז א מאַר־נעפעש, א פאַרביטערטע נעשאָמע, זי האָט איבערגעטראָגן דאָרטן אנוים־קאָשים, שווערע ליידן, פאַרט א טאָכטער. נעכע איז אזוי מעסוקן קראַנק... גייט שוין גייט! יענער איז שוין א שויכן־אָפאָר, אָף דער עמעסער וועלט. וואָס איז פאַראַן וואָס צו רײַדן וועגן אים... נעמע, רייד ניט אָף איר קיין לאָשנהאָרע. ס'וועט איבערקאָכן. ס'איז דאָך שוין אזוינס אויך געווען... אויב זי האָט זיך דענסטמאָל פון אים ניט מיסבוידעד געווען, זיך פון אים ניט אָפּגע־זונדערט, וועט זי אַצינד אוודע און אוודע ניט... ס'איז פאַראַן, באַרעכהאַשעם, א קינד. דאָס קינד האָט זי ליב. מישט זיך ניט, פאַרמאַכט די אויגן. ס'וועט איבערברענען. אָף א מאַכלויקעס

שיטן אַלע מיסט. יעדער איינער אַ ביסעלע, אַ קאַפּעלע, אַ הײַפּעלע — און די מאַכלויקעס וואַקסט!.. פּתח בכד וסיים בחבית (פּאַסאַך בעכאַד וועסיִעם בעכאָווים) — מ'הייבט אָן פֿון אַ קריגל און מ'פֿאַרענדיקט מיט אַ פֿאַס. אַ מאַכלויקעס איז פֿײַער. וואַרף ניט, נעמע, קיין פֿײַער אין דײַן אייגענער שטוב!

און ווען דאָס ווײַב, די סויכערטע, פֿרעגט אים: נאָך וואָס האָט זי, איוועס, נאָך דעם, ווי זי האָט אַרויסגעוואָרפֿן די קליידער, דאָס מעבל פֿון צימער, נאָך וואָס האָט זי באַדאַרפֿט גיין אין טפּיסע אַרײַן צו יענער מעשומעדעסטע, צו דער כיירוס? ס'איז נאָך אַ גליק, וואָס מ'האָט זי צו יענער ניט צוגעלאָזט. איבער יענער איז דאָך שיר אַ שטאָט מיט ייִדן ניט געקומען צו אַ גרויסן גזאַר... און וואָס איז געווען איר, איוועס, אייסעק צו געבן דאָרטן אין דאַרף אַ כּסימע דעם זשאַנ־דאַרמישן פּאָלקאָווניק, דעם קאַבלוקאָוון, פֿאַרן סאָלדאַט? וואָס הייסט, זי נעמט אים אָף איר אַכרײַעס?

אָף דעם ענטפֿערט ווידער דער אַלטער נאָסן לאַנדע:

— וואַרף ניט, נעמע, קיין פֿײַער אין דײַן אייגענער שטוב...

און דאָס פֿײַער אין שטוב איז טאַקע דערווײַל פֿאַרבאַרגן, פֿאַרשטיקט און פֿאַרהוילן פֿאַר פֿרעמדע אויג און אויער — סאָנים זאָלן ניט וויסן, ניטפֿאַרגינערס זאָל זיך ניט פֿרייען. אַרײַנ־פֿאַלן אין פֿרעמדע מײַלער — פֿאַר דעם האָבן די לאַנדעס מוירע איימאַס־מאָוועס. די צוויי שוועגערנס — עסטער און יודיס, ביידע האַלטן זיך פֿאַר די גרעסטע יאַכסנטעס און שיינהײַטן אין שטאָט. ביידע מיטן גײַוועדיקן ערנסט ניט בלויז פֿאַר אַנדערע, נאָר אויך איינע פֿאַר דער צווייטער; די צוויי שוואָגערס — דער כאַלוש יוינע וואַנדער, דער שוטעף אין דער שוויגערס געשעפֿטן, און דער אַדוואָקאַט, דער קלאַלטוער כאַנאַן איסײַעוויטש לעווי, וואָס שעמט פֿאַר אַ גאָלדענער צונג און אײַזערנעם מויעך, — זיי אַלע, באַזונדערס אין אַלעקסאַנדערס בײַזײַן, ריידן ניט וועגן איר. זיי גיבן אים דערמיט אָנצוהערן: זיי וויסן, וואָס ער, אַלעקסאַנדער, האָט פֿאַרטראַכט, זיי זײַנען מיט אים אײַנגאַנצן מאַסקים. שוין לאַנג צײַט געווען צו מאַכן מיט איר אַ סאָף. נאָר זיי ווילן איינס: ס'זאָל געטאָן ווערן שטיל און לײַטיש.

דאָס פֿײַער אין שטוב איז דערווײַל פֿאַרשטיקט אויך צוליב אים, צוליב דעם מיזיניק, צוליב דעם בען־זקונים — אוונערן, דעם דרײַסיקיאָריקן באָכער, דעם געוועזענעם סוירער־אומוירע, וואָס האָט זיך אומגעקערט צוריק אַהיים, נאָך לאַנגע יאָרן וואַנדער־און־זוכענישן איבער דער וועלט, אַ באַלטשוווע. ער האָט אָנגעטאָן אַ קאַפּאָטע און גייט אַלע פֿאַרטאָג און פֿאַרנאַכט מיטן אַלטן טאַטן אין בראַסלאַווער שולכל. ער קומט צו גיין אַהין, אוונער, אַ געבויגענער, שטעלט זיך אוועק מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט, און מ'זעט נאָר ווי די אַקסל צוקן זיך בײַ אים. ס'טרעפֿט אויך: דער באַלטשוווע וויינט אָף אַ קאָל... אין שטוב מישט ער זיך צו גאָרניט, עסט זייער קנאַפּ, שלאָפֿט קימאַט ניט, דרייט זיך אַרום איבער די גרויסע, ליידיקע רײַך מעבלירטע צימערן, איבער די קאָרידאָרן פֿונעם פֿירגאָרנדיקן מויער, איין האַנט פֿאַרלייגט הויך אָפֿן רוקן, מיט דער צווייטער צופּט ער דאָס געקרײַזלט־בלאָנדע בערדל. אָפּטמאָל זעט מען אים זיצן איבערן שאָך־ברעט — ער שפּילט מיט זיך אַליין אין שאָך. אים, אוונערן, קאָן מען ניט, פֿון זינט ער האָט זיך אַהיים אומגעקערט, שוין באַלד אַ יאָר, פֿון זײַן פֿאַרטראַכטקײַט אַרויסשלאָגן.

שטייט אין שטוב אַ שטילקײַט. אין דרויסן — אַ פּראָסטיקע נאַכט. אַ רויטלעכע לעוואָנע. אַ שטיק פֿון איר איז אָפּגעבראָכן, אַ סאָפּכוידעשדיקע. זי קוקט גלײַך אין פֿענצטער אַרײַן. איוועס ווייסט: קיינער וועט צו איר ניט אַרײַנקומען. אכוץ אקיוועז, קומט ביכלאַל צו איר קיינער ניט. שיפֿרע באַווײַזט זיך די לעצטע צײַט פֿאַר די אויגן ניט. מיט וואָס האָט זי, איוועס, קעגן איר זיך פֿאַרשולדיקט? דער דאָקטער איז שוין אויך באַלד צוויי וואָכן בײַ איר ניט געווען.

דאָס פּעקעלע, אַ באַלויכטנס אונטער דעם גרינעם אַבאַזשור, אין שוואַרצן אײַנגעוויקלט, ווי דאַניִעל וואָלט דערמיט געזאָגט: „קיין פֿרייד זוך דאָ ניט“, ליגט נאָך אַלץ ניט קיין אָנגערירטס. איווע הערט, ווי די קו מיטן אָפּגעבראָכענעם האָרן רעוועט, די פֿערד הינטער דער סקירדע קײַען הילכיק די הרעטשענע שטרוי... זי זעט: דאַניִעל מיט דער אופֿגעהויבענער האַנט וויל ניט קריכן אין קייוער אַרײַן; די מאַמע מיט דעם ווײַס־אָפּגעשווירענעם קאָפּ, אין דעם לאַנגן העמד, אַ באָרוועסע, יאָגט זיך איבערן הויף נאָכן אייניקל און וויל צונעמען בײַ דעם קינד דאָס געפּאַרבטע שפּילעכל...

ענדלעך טוט זי אַ צי פֿאַרן עק פֿאָדעם — דער שלייף איז צעבונדן. מיט אינערלעכער ציטערניש, ווי צו אַ וווּנד, וואָס נאָך איידער מ'רירט זיך צו איר דערפֿילט מען דעם גרויסן ווייטעק, און אײַנצײַטיק אויך ווי צו אַ הייליקײַט, נעמט זי צעוויקלען דאָס פּעקעלע. דאָס פּאַפּיר פֿון יאָרנלאַנג ליגן — טונקל־געל, צונויפֿגעקאָרטשעט, די ברעגן אַרומגעברענט, געווען שוין אין פֿײַער. דערנאָך, אָפּאָנעם, איבערגעטראַכט און עס פֿון פֿײַער אַרויסגעכאַפּט. יאָ, דאָס איז דאַ־ניִעלס קסאַוו, זײַן אַלאַכסנדיקע האַנטשריפֿט, די לענגלעך־שפּיצעכיקע אויסיִעס, צו איר געשריי־

בענע און ניט קיין אָפּגעשיקטע... פאַר דעם איז זי ניט בערויגעז און האָט פאַר דעם קיין טײַנע ניט. זי אַליין האָט אויך איינמאָל געפּרוּווט אים אָנשרײַבן, ניט געקאָנט אָבער געפינען פאַר אירע געפילן און צושטאַנד אַזעלכע ווערטער, מיט וועלכע זי זאָל קאָנען זאָגן דעם גאַנצן עמעס און דערבײַ זאָל זי אַליין ניט דערנידעריקט ווערן. און דעריקער האָט זי מוירע געהאַט אַרויסצורופן בא דאַניעלן ראַכמאָנעס. אָדער נאָך ערגערס: פון ראַכמאָנעס־וועגן, אַף דער הייסער רעגע, וועט ער זיך ברענגען אַלס קאָרבן פאַר איר. און שפּעטער וועט ער זיך מאַטערן דאָס גאַנצע לעבן אין פאַרבאָרגענער כאַראָטע. דעם בריוו האָט זי ניט אָפּגעשיקט. ער ליגט נאָך ביז הײַנט אין איר קעסטעלע. דאָס זעלבע איז אויך געוויס פאַרגעקומען מיט דאַניעלן.

זי לייענט מיט ציטערניש איין בייגעלע נאָכן צווייטן. א סאַך שורעס זײַנען אויסגעצווייטעט און פון דער צײַט אָפּגעמעקט געוואָרן. ניטאָ צו איר קיין רוף און קיין ווענדונג. דאָס זײַנען אַפילע ניט קיין בריוו, נאָר א פאַרשטיקט געשריי. א געשריי, וואָס גייט דיר אַרום איבערן רוקן, ווען דו זעסט א שלעכטן כאָלעם. די טעג האָט זי, איווע, אַזא כאָלעם געזען. א שרעקלעכער כאָלעם געווען. זי האָט געוואָלט שרײַען, נאָר ניט געקאָנט. דאָס געשריי איז איר בלויז איבערן רוקן אַרומגעגאַנגען.

אַף יעדן בייגעלע בלויז עטלעכע שורעס. און יעדעס בייגעלע הייבט זיך אָן מיט די זעלבע ווערטער: „איך בין אַליין. איז דען אונדזער גאַנצע ליבע געווען ניט מער ווי א שפּיל, א פאַר־בלענדעניש? ניט מער ווי א שקאַצערײַ פון א ווילדער וואַלד־מויד? האָב איך אָנגענומען די פליגל פון א ווינטמיל און געטראַכט אַף זיי צו פליִען? כ'האָב געוואַרט אַף דיר א גאַנץ יאָר. כ'בין געווען זיכער, אַז דו וועסט אויסזעצן דאָרט אַלע פענצטער, וועסט צעברעכן אַלע שפּיגלען און וועסט זיך אומקערן צו מיר. ווי ווײַט מ'זאָל די טויב ניט פאַרטראָגן פון איר נעסט, געפינט זי דאָך דעם וועג צוריק... כ'האָב געהאָפט, אַז דו וועסט זײַן מײַן ליד, און דו ביסט געוואָרן מײַן צאַר, דער קאָס פון מײַן פּײַן...

...איך בין אַליין. נאָר איך האָף און גלייב... כ'דריי זיך אַליין אין דעם ווירבלווינט, דאָס וויקל־גראָז פענטעט מיר די פיס, ס'נאָגט א ווײַ אין הארצן, כ'קאָן ניט צוזען ווי דורך מײַן טאַטנס אויגן קוקט אַרויס דאָס פאַלקס־אומגליק, און אין מײַנע אויגן לעשן זיך אַלע פאַרבן, ס'לעשט זיך דאָס פּײַער פון ווילן און ווונטשן, דאָס פּײַערל פון בענקעניש, דער קויערך פון שלעפן די וואָך און דעם יאָך. איבער מיר הענגט א שווידערפולע נאַכט, נאָר איך האָף און גלייב...

...איך בין אַליין. ניטאָ יענע געטרוימטע הייד־וועגן, יענע ווײַט־וועגן, יענע טיף־וועגן. די וועגן מײַנע זײַנען באַדעקט מיט שאַרפע שטיינער, די פיס זײַנען צעבלוטיקט, נאָר איך האָף און גלייב... מײַנע אויגן טרערן פונעם גרויען שטויב, אַף מײַנע ווײַעס הענגען געדיכטע נעפּלען, און דאָס גאַנצע פּײַער פון מײַן נעשאָמע קאָן זיך ניט דורכשלאָגן דורך זיי. פון די ווינטערדיקע פעלדער וויִעט מיט ווײַסן טרויער, נאָר איך האָף און גלייב...

...איך בין אַליין. איבער מײַן קאָפּ ברויזט א שוידערלעכע נאַכט. נאָר איך שילט קיינעם ניט, ווײַל די ערשטע קלאָלע דאַרף אַף מײַן קאָפּ פאַלן. איך האָב געזוכט אין לעבן דעם יאָמטעוו, כ'האָב געוואַרט אַף די געגרייטע טישן, וואָס וועלן געשפּרייט זײַן מיט זײַד, מיט גאָלד־געָ־שטריקטע טישטעכער, כ'האָב געוואַרט, אַז אָט וועט מען מיר אונטערטראָגן דעם אַלטן ווײַן אין א קרישטאָלענעם קאָס. כ'האָב געמיינט, אַז דו וועסט מײַן ליד זײַן, און דו ביסט געוואָרן מײַן צאַר, דער קאָס פון מײַן פּײַן. מײַנע אויגן בלאָנקען אַרום איבער פּוסטע פעלדער. איך וואָגל איבער זיי און זוך גאָרניט. מײַן נעשאָמע, וואָס איז אַמאָל פאַרקישעפט געווען, פלאַטערט איצט איבער די פּוסטע פעלדער, אָן אונטערגעשניטענע פונעם טויט. מײַן לאַנגער האַרבסטיקער טאָג גייט צום סאָף. אין מײַן נעשאָמע דערטריקענען שוין אַלע קוויטן, נאָר איך האָף און גלייב...

...איך בין אַליין. ניטאָ יענע טעג, ווען מײַן אויג האָט זיך געבאָדן אין בונטקײַט פון צווײַט, מײַן הארץ האָט געבליט, איך בין אַרומגעגאַנגען איבער די פּאַלעסיער זומפּן א פאַרקישעפטער. ס'האָט מיר געדוכט — איך בין אַרײַן אין דער סאַמע טיף פון לעבן, אין דער שטילער פרייד פון זײַן... יענע טעג האָבן שוין לאַנג אָפּגעבערענט, און ס'האָבן שוין אויך אָפּגעברענט און זײַנען פאַרלאָשן געוואָרן די קאַלטע שײַטערס פון די געל־פלאַמיקע בערעזעס, די פאַרבן פון בלעטער־פאַל. מײַנע טעג ווערן אַלץ קירצער און די נעכט אַלץ לענגער און פינצטערער. נאָר איך האָף און גלייב...

...איך בין אַליין. אין די נעכט האָב איך דיך געזוכט אַף מײַן געלעגער. דו ביסט מיר געלעגן אָפּן דנאָ פון מײַן נעשאָמע. דו ביסט געווען דער נייר־טאָמיד אין מײַן הארצן. בא דער שײַן פון יענעם פּײַערל האָב איך געלעבט אין די לאַנגע פינצטערע נעכט. אָפּט פלעגט זיך מיר כאָלעמען א הייסער דאָרשטיקער כאָלעם, א כאָלעם, וואָס וועט קיינמאָל ניט מעקויעם ווערן. נאָר איך האָף און גלייב...

...איך בין אליין. יעדער פויגל האָט זײַן ליד און האָט זײַן נעסט. איך בין פאַרבליבן אָן א ליד. כ׳האָב געגלייבט, אז דו וועסט זײַן די ליד פון מײַן לעבן... וואָס קאָן דען זײַן שרעקלעכער, שוידערלעכער, ווי צו בלײַבן אָן דײַן אייגענער ליד? כ׳גיי ארום, ווי אף א בעסוילעם, א שטומער...״

ווײַטער צו לייענען איז איווע מער ניט געווען בעקויעך. דאָס ניט דערלייענטע פאַרגעלטע און צעקנייטשטע, פון פײַער־ארומגעברענטע בייגעלע פאַפּיר פאַלט פון אירע הענט ארויס. זי בלײַבט זיצן מיט די אויסגעצויגענע הענט אפן טישל, ווי פאַרשטאַרט. איבערן גאַנצן לײַב גייט איר א שטעכיקע קעלט. אויך טוט איר אלעמאָל א שלאָג א היץ אין פּאָנעם ארײַן. און דאָ דערהערט זי — מ׳קלאַפּט אין איר טיר. וויל זי א געשריי טאָן:

— גייט ניט אהער!

נאָר דאָס קאָל איז איר פאַרפאַלן געוואָרן.

ס׳קומט ארײַן שטיל, אין דעם ווײַסן פאַרטעכל, מיטן ווײַסן אייבערל אפן קאָפּ, דאָס נײַע דינסטמיידל, וואָס פאַר דער קורצער צײַט פון איר דינען דאָ איז איר פּאָנעם קײַלעכדיק און פאַרייטלט געוואָרן. אין דער פאַרויטלטקײַט פונעם מיידלס פּאָנעם זעט מען דעם סאַך פון א זייער לאַנגן טאָגנעס און דעם אָנהייב פון א צופרידענער זעטיקײַט.

— כ׳האָב שוין עטלעכע מאָל געקלאַפּט צו אײַך, ענטפערט איר ניט. זי זיצט דאָך שוין זייער לאַנג בא מיר. כ׳האָב פאַר איר געשטעלט דעם סאַמאָוואַר... נאָר ווו זאָל איך זי לייגן שלאָפן? כ׳בין געגאַנגען צו שיפּרען, האָב איך זי אין דער היים ניט געטראָפן...

— וועמען לייגן שלאָפן? נאָך וואָס ביסטו געגאַנגען צו שיפּרען?

— אײַער מומע איז געקומען צו פאָרן. שיפּרעס מאַמע.

— מײַן מומע ליבע?

— זאָל איך זי גיין רופן?

— איך וועל אליין... — און איווע לאָזט זיך אין קיך ארײַן, ווו ס׳זיצט די מומע ליבע.

— אוי, מומעניו, — פאַלט איר איווע ארוף אפן האַלדז, — אוי, הארציקע, פאַרוואָס זײַט איר גלײַך צו מיר ניט ארײַן? אוי, מומע מײַנע, טײַערע!

— אז מ׳קומט צוגאַסט, — זאָגט די מומע ליבע מיט איר שמייכל און באַטראַכט דערווײַל איוועס פאַרענדערט אויסזען, איר אויסגעמאָגערטקײַט, די גרעסער געוואָרענע אויגן, — אז מ׳קומט צוגאַסט, איוועניו, איז גלײַכער אָנצוהייבן פון דער קיך. ערשטנס, דערוויסט מען זיך דאָ אלע נײַסן... און, צווייטנס, איז בעסער, ווען מ׳פירט דיך פון קיך אין זאַל ארײַן, איידער, כאָלילע, פאַרקערט.

— יאָ, מומע מײַנע, הארציקע, — טוט איווע א פאַרמאַך צו ביידע אויגן, ווי דער טאַטע אירער גאַווריזעל באַיאַר. — איר זײַט גערעכט. מיך האָט מען אָבער פאַרפירט אין די זאַלן ארײַן מיט גוואַלד. ווער, ווער, נאָר איר ווייסט דאָך גוט... — זי וויל נאָך עפּעס צוגעבן, נאָר זעענדיק, ווי דאָס דינסטמיידל שטעלט אָן מויל און אויערן, נעמט זי די מומע ליבע אונטער דער האַנט. — איר זײַט בא מיר אזא גרויסער גאַסט. קומט, מומעניו, כ׳האָב אײַך אזויפיל צו זאָגן און צו פרעגן, אז די גאַנצע נאַכט וועט זײַן צו קליין...

די מומע ליבע דאַרף אויך א סאַך פרעגן. פאַר דער צײַט, וואָס זי איז אין קיך געזעסן, איז איר הארץ נאָך אומרויִקער געוואָרן: מיילע, דאָס, וואָס שיפּרע האָט זיך אין אָן אנדער דירע איבערגעקליבן, דאָס איז אפילע גוט און קלוג. ביז דער כאַסענע וווינט מען ניט מיטן כאָסן אונטער איין דאַך. נאָר פאַרוואָס האָט זי אופגעהערט צו גיין אהער? און ווו קאָן זי עס ארומגיין אין אזא שפּעטער שאָ? דאָס מיידל איז געגאַנגען נאָך איר, און אין שטוב זי ניט געפונען... וואָלט זי מיטן כאָסן ארומגעגאַנגען, וואָלט עס געווען א האַלבע צאַרע. זאָגט אָבער דאָס מיידל, אז דער אוונער גייט ביכלאַל גאָר פון שטוב ניט ארויס. און אהערצו קומט זי אויך ניט... וואָס טיפער אין וואַלד ארײַן, טראַכט די מומע ליבע, אלץ פינצטערער ווערט.

ווען די מומע ליבע פילט זיך ניט אזוי שלעכט, וואָלט זי טייקעף צו שיפּרען געגאַנגען. נאָר איין גאָט ווייסט דעם עמעס, זי האַלט זיך קוים אף די פיס. זי וועט איבערנעכטיקן דאָ, און מאָרגן וועט קלאָר ווערן. אין אזא פאַל זאָגט די מומע ליבע: אויב ס׳וואַרט אף מיר א צאַרע, וועל איך ניט פאַרשפּעטיקן צו איר מאָרגן אויך. אויב ס׳וואַרט אף מיר א פרייד, קומט דאָך די פרייד קיינמאָל ניט צו שפּעט. וועט מאָרגן די פרייד נאָך גרעסער זײַן. געוויס וועט זי זיך באַלד פון איווען עפּעס אויך דערוויסן...

אָבער ווי נאָר זי איז אין איוועס צימער ארײַן, האָט זי אָן זיך פאַרגעסן. דאָס מיידל האָט גאָרנישט ניט איבערגעטריבן און קיין ליגן ניט געזאָגט — איווע לעבט טאַקע צווישן די פיר נאַקעטע ווענט.

— מומע, איין רעגעלע, כ׳וועל באַלד בעטן דאָס בעט; אָט לייג איך נאָר צונויף...

— וואָס זײַנען דאָס פאַר אָן ארומגעברענטע פּאַפּירלעך?

— דאניעלס בריוו. יאָ, מומע, וואָס קוקט איר אַף מיר אַזוי?

— גאָט איז מיט דיר? ווי קאָן מען באַקומען בריוו...

— איר ווילט זאָגן: פון יענער־וועלט? ניין, מומע, ס'איז פון דער־וועלט. ער האָט זיי געשריבן און ניט אָפּגעשיקט, ער האָט זיי געוואָלט פאַרברענען, נאָר פאַרן טויט האָט ער זיי מיר איבערגעשיקט מיט אַקיוועז. נו, איצט נעם איך בעטן. איר זײַט גוט דורכגעפרוווירן געוואָרן אין וועג. יִיצחאָק איז געקומען נאָך אוורעמען? מאָרגן וועל איך גיין אָפּנעמען בא אים אַ גרוס פון דער היים. איר זײַט ניט געווען בא אונדז די לעצטע צײַט?

— ניין, איוועניו, ניין.

— מומע, מיר האָט זיך צוריק מיט עטלעכע טעג געכאָלעמט אַ שרעקלעכער כאָלעם. כ'האָב געזען, ווי מ'נעמט אַראָפּ די מאַמע פון אַ שטריק...

פון איוועס רייד ציטערט די מומע ליבע אויף. נאָר זי זאָגט מיט איר גוטן שמייכל:

— און דו, איוועניו, גלייבסט אין נאַרישע כאָלוימעס?.. גיי שוין, גיי, דאָס וואָלט געפּאַסט פאַר מיר, פאַר אַ פּראָסטער דאָרפס־יידענע. אײַ, גוט, — קריכט זי אין בעט אַרײַן און דעקט זיך אײַן, — כ'זאָג דיר, אַז קיין בעסערע זאַך פון אַ געלעגער איז גאָר אַף דער וועלט ניטאָ. וואָס זשע זיצסטו, איווע? לייג זיך אַוועק...

— מומע, פאַרוואָס ציטערט בא אײַך אַזוי דאָס קאָל?

— וואָס איז דער כידעש, איוועניו, נאָך אַזאַ וועג... פאַרנאַכט האָט אַ נעם געטאָן אַזאַ קעלט, אַז איך קאָן נאָך פונעם פראָסט ניט אָפּגיין, באַטאָג איז אין וועג געווען נישקאָשע. די זון האָט געוואָרעמט. אַפילע אין וואַלד איז געווען ניט קאַלט...

און זי רעדט, די מומע ליבע, און דערציילט, וויאַזוי זיי זײַנען אין שטאָט אַרײַנגעפאָרן, וויאַזוי יִיצחאָק האָט זיך אין די גאַסן פאַרפּלאָנטערט... דערבײַ טראַכט זי וועגן יענער שוועע, וואָס זי האָט דאָרטן יִיצחאָקן אין וואַלד געגעבן, געשווווירן בא הימל און ערד... דאַניעל האָט בא זײַן לעבן, אַכוץ צאָרעס, קיינעם גאָרנישט ניט פאַרשאַפט. ער איז ווי פאַרשאָלטן געווען פון זײַן ליבן נאָמען אליין. מ'האָט אים אַמאָל גענומען אין שטעטל אַרײַן אויסצומאָלן אין דעם נײַעם בעסמעדרעש די מאַזאָלעס פון די כאַדאָשים אַף די ווענט. האָט ער זיך גענומען צו דער אַרבעט, אַ גאַנצן זומער געמאָלט, מ'איז געגאַנגען קוקן אַף די כידושים, נאָר ווען ער האָט שוין געהאַלטן באַם ענדיקן, האָט אינמיטן העלן טאָג אויסגעבראָכן אַ סרייפע אין בעסמעדרעש. אַ האַלבע שטאָט איז אַוועק מיטן פײַער. פון דעמלט אָן האָט מען אים מער אין ערגעץ ניט גערופן. עפּעס אַ קלאָלע איז נאָכגעגאַנגען נאָך דאַניעלן. זי, די מומע ליבע, וועט איר שוועע ניט ברעכן, נאָר זאָל שוין בעסער געבוירן ווערן אַ מיידל...

זי רעדט, די מומע ליבע, און דערציילט: — זײַנען מיר גאָר געבליבן שטיין. מ'זעט ניט קיין לעבעדיקן מענטשן. אַ טויטע שטאָט. כ'האָב געמיינט, אַז אין דער גרויסער שטאָט זײַנען די גאַסן פול מיט מענטשן. נאָך אַ גליק, וואָס ס'איז אָנגעפאָרן... ווי רופט איר אים, דער אַשמע...

און די מומע ליבע, אַ דערוואָרעמטע ניט אַזוי פונעם צודעק, ווי פון איוועס לײַב, וואָס שלאָגט מיט פײַער, פאַלט מיטאַמאָל, אַפן האַלבן וואָרט, אין שלאָף אַרײַן.

איוועס, די הענט פאַרוואָרפן אונטערן קאָפּ, קוקט ווי די לעוואָנע גייט אַף פונעם פענצטער, הערט ווי אין דעם גרויסן אופנעם־צימער שפּאַנט אַרום דער באַלטשוווע. דער פּאַרקעט סקריפּעט אונטער זײַנע פיס. אַזוי גייט ער אַרום גאַנצע נעכט. שפּעטער איז אַלעקסאַנדער געקומען. ער איז אַפּגיך אַדורך צו זיך אין קאַבינעט, אַפן וועג פאַרטשעפּעט און אומגעוואָרפן אַ בענקל. „דער יאָכיד גייט גלײַך, קוקט זיך אין די זײַטן ניט אַרום... אויב ס'שטייט אים עפּעס אַפן וועג, מעג עס פאַלן, צעבראָכן ווערן"... זי דערשרעקט זיך פאַרן געדאַנק, וואָס לויפט איר פּלוצלינג דורך: צוואָרטן ביז ער וועט אָנשלאָפן ווערן, דערנאָך שטילערהייט אַרײַנגיין און אים דאָרטן אַ שלאָפנדיקן דערשטיקן... און דערנאָך זאָל זײַן וואָס ס'וועט זײַן. אַפן געריכט וועט זי פאַר דער גאַנצער וועלט דערציילן, וואָס פאַר אַ פאַרברעכן ער איז קעגן איר באַגאַנגען... דאַניעל האָט זי באַשולדיקט, אַלעמײַ זי האָט די פענצטער, די שפּיגלען ניט צעבראָכן, פאַרוואָס איז זי ניט אַנטלאָפן און זיך ניט אומגעקערט צוריק צו אים? אַ יאָר צײַט האָט ער געוואָרט און זיך ניט דערוואָרט... איז ער אַרײַן צו זכאַריען און אָנגעטאָן מאַלקען דעם גאָלדענעם רונג... נעמט זי, איווע, וועקן די מומע ליבע — איין מענטש מוז כאָטש דעם עמעס וויסן.

— מומע, — וועקט זי, — מומע, הערט! דעם ערשטן טאָג, ווי נאָר ער האָט מיך אַרײַנגעפירט אין דעם אויסגעמעבלטן שלאָפצימער, האָב איך אים געזאָגט: אומזיסט האָט איר זיך אויסגעבראַכט. איר האָט מיך געפירט מיט גוואַלד אונטער דער כופּע, נאָר אײַער ווײַב וועל איך קיינמאָל ניט זײַן... האָט ער מיר אַ קוק געטאָן אין די אויגן און איז אַרויס. איך בין פאַרבליבן זיצן אַליין. אין אַ פּאָר שאָ אַרום איז ער אַרײַן און געזאָגט: — גוט! מ'האָט פאַר אײַך צוגעגרייט

אן אנדער צימער. לעבט אײַך דאָרט אַליין. און איך בין אַריבער אין יענעם צימער, וווּ ס'איז געשטאַנען פאַר מיר אַ בעט.

— אין טיר שטעקט אַ שליסל, — האָט ער מיר געזאָגט, — איר קאָנט זיך פאַרשליסן אויף באַנאַכט. — און ער איז אַרויס. איך האָב זיך באַרויִקט. אזא אײדלקײַט האָב איך זיך פון אים ניט געריכט. פאַרנאַכט איז ער ווידער אַרײַן. ער האָט מיר אַרײַנגעטראָגן עסן און ווידער איבערגע־כאַזערט: — לעבט אײַך דאָ אַליין! — די טאַץ אײנעם מיט די טעלער האָב איך אַראָפּגעשמיצט פון טיש אויף דער ערד... ער האָט מיר אויף דעם גאָרנישט ניט געזאָגט. ער האָט ווידער מיר אַ קוק געטאָן אין די אויגן אַרײַן און איז אַרויס. דעם גאַנצן אָפּדערנאַכט איז קיינער צו מיר ניט אַרײַן. די טאַץ מיט די צעבראָכענע טעלער, דאָס עסנוואַרג, האָט זיך געוואַלגערט אויפן דיל. כ'האָב פאַרשלאָסן די טיר, איבערגעלאָזט דעם שליסל אין טיר און זיך אָוועקגעלייגט מיטן אָנטאָן אין בעט אַרײַן. מומע, שלאָפן ניט, הערט!.. ווען כ'האָב זיך אויפגעכאַפּט, איז געווען גרויסער טאָג, און ער איז געלעגן לעבן מיר... מומע, שלאָפט ניט, זאָגט מיר, וואָס האָב איך געזאָלט טאָן?.. איך ווייס ביז הײַנט ניט, וויאַזוי דאָס איז פאָרגעקומען... פון יענער נאַכט אָן בין איך פאַרגאַנגען אין טראָגן. ווּהין האָב איך געקאָנט גיין? מומע, וואָס שווײַגט איר?

— זאָל גאָט באַהיטן און באַשיצן, — שאָקלט די מומע ליבע מיטן קאָפּ און שמוצערט מיט די ליפּן, — באַהיט און באַוואָרנט זאָל מען זײַן... ס'איז דאָך הימל שרײַענדיק.

— ניין, זאָגט מיר, מומע, וואָס האָב איך געקאָנט טאָן? ס'איז מיר פאַרבליבן נאָר איינס — אַרופלייגן אויף זיך די האַנט... ס'האָט מיר אָבער ניט געקלעקט אויף דעם קיין קויעך...

די מומע ליבע נעמט איוועס קאָפּ, לייגט אים אַרוף צו זיך אויף דער ברוסט און גלעט איר די אַקסל:

— וויין, איווע, וויין זיך אויס, וועט דיר גרינגער ווערן.

— מומע, — טוליעט איווע דעם קאָפּ צו איר, — ניט אומזיסט רופט אײַך די גאַנצע מישפּאָכע: די שיינע, די קלוגע מומע ליבע...

— זאָל איך אַזוי וויסן בייז, איוועניו, ווי איך ווייס, פאַרוואָס מ'רופט מיך אַזוי. אַז מ'זאָגט נאָך די שיינע מומע ליבע, מיילע, שווײַג איך. די באַיאָרס טעכטער זײַנען, קיין אײַנהאָרע, אַלע שיינע. גאָט גיט זיי שיינקײַט און נעמט באַ זיי אָפּ דאָס מאַזל... נאָר אַז מ'זאָגט די „קלוגע מומע ליבע", פרעג איך: אין וואָס ליגט מײַן כאָכמע? אין דער צעזיפּטער זיפּ, אין דער צעשפּאָלטענער מאַקרעטע? אין דעם, וואָס מײַנע קינדער זײַנען פון צוועלף יאָר אָן צעשפּרייט איבער דער וועלט? איינער אין ליסי, דער צווייטער אין סטריסי... מײַן עלטערער, דאָווידל, איז ערגעץ אין דער ליטע, אין ווילנער יעשיווע, לעבט פון לאַסקאָוון ברויט, גייט אַרום אויף „טעג", שלאָפט אין בעס־מעדרעש הינטער דער הרובע אויפן קולעקל... דעם ייִנגערן, פּיניען, האָב איך קוים אײַנגערעדט שמאַריען, און מיר האָבן אים אָפּגעגעבן צו אַ בלעכער. טראָגט דאָס קינד שוין דאָס צווייטע יאָר די פּאַמויניצעס, ניאַנטשעט די קינדער, און די בלעכערשע שלאָגט פון אים דרײַ מאָל אין טאָג אַרויס דאָס שטיקל ברויט, וואָס ער שלינגט אַראָפּ. שיפרע איז אויסגעוואַקסן אין די רײַכע קיכן... אוי, איוועניו, ווּ איז דאָ מײַן כאָכמע?

— אין דעם, מומע, וואָס איר קלאָגט זיך קיינמאָל ניט.

— פאַר וועמען זאָל איך זיך קלאָגן? זאָג מיר, וואָס בין איך בעסער פאַר אַנדערע? נאָר מיר איינער איז שלעכט? און אַז מ'קלאָגט זיך, איוועניו, ווערט דען גרינגער? וואָס וועט זײַן, אַז איך וועל שוין יאָ צעבינדן און באַווײַזן מײַנע מאַקעס פאַר אַנדערע?.. יעדער איינער האָט גענוג זײַנע אייגענע מאַקעס. ווּ דו שטייסט און גייסט, ווּ דו טוסט זיך נאָר אַ קער, איז אומעטום ווייטעקן מיט אומגליקן, איין צאָרע גרעסער פון דער צווייטער... קאָן איך זיך גיין קלאָגן פאַר יִיצכאָקן? וואָס זײַנען מײַנע צאָרעס קעגן זײַנע אומגליקן... און באַ דיר, איוועניו, איז דאָס האַרץ אויך גענוג צעיאָטרעט...

— האָט איר, מומע, איין רעפוע — טרערן?

— אַ רעפוע, צי ניט קיין רעפוע, נאָר ווען אַ מענטש זאָל זיך ניט אויסוויינען, וואָלט דאָס האַרץ דערטרונקען געוואָרן אין טרערן.

— און דערנאָך לעבן ווײַטער ווי נעכטן און ווי אייערנעכטן?

— אָן אַנדער ברייַרע האָבן מיר?

איווע הייבט זיך אונטער אויפן עלנבויגן:

— ניין, מומע, איך וויל לעבן אַנדערש. אים וועל איך צושיקן אַ געט.

— וואָס קאָן איך דיר אויף דעם זאָגן? דאָס אייגענע האַרץ איז אַוואַדע דער בעסטער זייגער. נאָר אײַל ניט, באַטראַכט און טראַכט איבער. שרײַב אָן דעם טאַטן. דער טאַטע וועט דיר גיין אַנטקעגן. באַטראַכט זיך גוט, איווע. דו ווילסט זיך ראַטעווען פונעם רויך, זע, זאָלסט, כאַלילע, ניט אַרײַנשפּרינגען אין פײַער...

## IV

איווע האט די גאנצע נאכט מיט קיין אויג ניט צוגעמאכט. ווי ס'איז נאר טאג געווארן איז זי פארזיכטיק און געהיט פון בעט ארויס — די מומע ליבע ניט אופצוועקן, פון נייע געשפרעכן ניט פארהאלטן ווערן — און איז צום קינד אין צימער אוועק. זי וועט אויך היינט, ווי יעדער טאג נאך איר קרענק, אליין פארן קינד אנבייסן צוגרייטן און עס מיט א פריילעך פאנעם אין שול ארויסבאגלייטן. זי האט היינט א סאך געענג און זי וויל וואס פריער פון שטוב ארויס — שיפרע וועט געוויס באלד קומען צו דער מוטער, וויל זי, איווע, זיי ניט שטערן. דערצו נאך מיידט זי שיפרע די לעצטע צייט אויס. איווע פארשטייט ניט — פארוואס? זי האט, דוכט זיך, שיפרען קיין רעה ניט געטאן. ווען זי איז פאראיארן געקומען צו פארן, האט זי געטאן פאר איר אלץ, וואס נאר ס'איז אין אירע קויכעס און מעגלעכקייטן געווען צו טאן.

און איווע איז היינט דאס ערשטע מאל נאך דער קרענק אין דרויסן ארויס. זי גייט צום אשמעדיי זיך טרעפן דארט מיט יצחאקן, זיך זען מיט אווראמען. זי וויל אויך האבן א לעבעדיקן גרוס פון דער היים, פון דער מאמען. איווע פארשטייט איצט גאר אנדערש די מאמע, נאך יענעם פרייטיק-צונאכטס בא איר טאטן אין שטוב. דארטן, אונטער די ברייט-צעצווייגטע פיקוסן, ריידנדיק מיטן דאקטער וועגן דער מוטער, איז זי געווען זיכער — די מאמע איז ניט בא די געדאנקען, די רייד פארשטייט זי ניט, זיי דערגייען ניט צו איר... און מיטאמאל די גרויסע איבעראשונג — די מאמעווארפט פון די הענט דאס ציגעלע אראפ און מישט זיך אין די רייד אריין. „איך בין געווען די שלעכטע? אזעלכע ביטערע אינערגעץ ניט באגעגנט? דיין מאמע איז געווען א מאכשייפע?"... און שפעטער, ווען קיינער האט דעם באלעגאלעס קלאפ אין טיש אריין ניט פארשטאנען, איז זי, אין דעם לאנגן ווייסן העמד, אן אפגעשוירענע, אין די אויסגעלאשענע אויגן האבן זיך באוויזן די צוויי גרינע סינע-פייערלעך, ארויס אינמיטן שטוב און געזאגט:

— געוורזשעל, פאר אונדז האסטו איבערגעלאזט די כארפע...

דערנאך דעם טאטנס קאל — א דערשראקן-נעבעכדיקס:

— נעכע! נעכע!

דער מאמעס ענטפער:

— איך שווייג, געוורזשעל, איך שווייג. כ'האב אזויפיל יארן געשוויגן, וועל איך פארן טויט אוודע שווייגן. — און צום סאף: אקיוועס ארייננקומען. דער מאמעס קוק אפן טאטן, דערנאך אף אקיווען; איר אויסדרייען זיך צו זיי מיטן רוקן; איר אוועקגיין צוריק הינטער די פיקוסן צום לע־דערנעם דיוואן; די אויגן זיינען איר ווידער אויסגעלאשן געווארן, נאר אוועקגייענדיק, האט זי עמעצן געווארנט מיטן דאר-אויסגעצויגענעם פינגער...

אין יענעם פרייטיק-צונאכטס האט דאס אלץ איווען די אויגן געעפנט און איר דעם סאד פון דער מאמעס פארביטערטקייט, פון איר שרעקלעך לעבן אנטפלעקט. און דאך קאן איר איווע ניט מויכל זיין. ניט אזוי פאר זיך, ווי פאר דאניעלן... זי גייט זייער פאמעלעך. דער פראסט, די בלענדנדיקע ערעוו-פרילינגדיקע זון, דער ווינט פון טייך, וואס שמעקט מיט ווערבע, פארשלאגט איר דעם אטעם, פארבלענדט און פארשיקערט זי ביז קאפ-פארדרייעניש. ערשט אצינד דערפילט זי איר אפגעשוואכטקייט. די פיס קאנען ניט אנטאפן די הארטע ערד, זיי שטעלן זיך די גאנצע צייט, ווי אף עפעס זייער ווייכס און וואקלענדיקס. שפארט זי זיך צו צו א בוים — צופיל שיין פאר אירע אויגן. ווו געפינט זי זיך, אף דער שפיגל-גאס? זי שטייט דאך קימאט אנטקעגן דער שוויגערס שניטקראם. קערעוועט זי אפגיך אראפ אף דער צווייטער גאס. א שליטן, איבערגעדעקט מיט א בערנפעל, דאס פערד, ווי אויסגעצויגן אינדערלופטן, שניידט דורך די גאס. דער שליטן איז שוין לאנג פארשוווּנדן פון אויג, נאר די גלעקלעך קלינגען איר נאך אלץ אין די אויערן. דער פראסט, די זון, אט דאס גלעקל-געקלאנג רופט בא איר ארויס עפעס א מאדנע פרייד. זי דערפרייט זיך אפילע, ווען אין דער גלעזערנער טיר פון דער „קרעדיט-געזעלשאפט" דערזעט זי דעם שווארצן סורטוק מיט די זילבערנע שנירלעך — דעם אלטן שווייצאר מיט דער צעצווייט־שפיצעכיקער ווייס-צעקעמטער בארד.

זי שטעלט זיך אלעמאל אפ. פריער, ביז היינט, האט זי גאר קיינמאל אין שטאט אזויפיל מענטשן ניט געזען. אט גייען אין די פארמעס גימנאזיסטן, גימנאזיסטקעס, ריידן אלע איינעם, שטיפן און לאכן. און זי פרעגט בא זיך אליין: ווי לאנג, איווע, אז דו ביסט געווען א גימנאזיסט־קע? אויך אזוי פארשייט, העפקער-וועלט... — און די נארוואס שטילע פרייד, וואס האט זי ארומגעכאפט, פארשווינדט. ניין, יענע יארן אירע זיינען שוין זייער ווייט, אזוי ווייט, אז אפילע מיטן קויעך-האדימיען איז זיי שווער צו כאפן... ווי פון א געדיכטן נעפל ארויס זעט זי שטיקלעך זומערדיקע טעג, א האלבע לעוואנע-נאכט, זי דערזעט זיך זיצן מיט דאניעלן באם טייך... זי איז זיכער, איווע: זי לעבט שוין אף דער וועלט זייער און זייער לאנג... זי האט איבערגעלעבט

דעם הונדערטיאָריקן עלטערזיידן — עזרען, די דרײַ־און־נײַנציקיאָריקע עלטערבאָבע — ציוויען, איבערגעלעבט דאַניִעלן... און זי לעבט נאָך אַלץ און לעבט. צוליב וואָס? צוליב וועמען? ווען עמעצער גייט צו צו איר און טוט זי א פרעג:

— ווער ביסטו?

וואָס וואָלט זי געקאָנט אָף דעם ענטפערן? דאָס איינציקע:

— איך בין איווע.

און ווען מ׳פרעגט זי ווידער:

— און ווער איז זי, די איווע?

און שוין ניט אזוי פון אָפּגעשוואַכטקייט, ווי פון פאַרקלערטקייט און פאַרטראַכטקייט פּלאָנטערן זיך איר די טריט. די פיס טרעטן ווידער ניט אף דער ערד, נאָר ווי אָף עפּעס ווייכס און וואַקלענדיקס. אפן גרויסן מאַרקפּלאַץ גרייט מען זיך צום גרויסן, צו דעם פרײַלינגדיקן, צו דעם ערעוופּייסעכדיקן יאָרמאַרק. אין דער לענג און ברייט שטעלן זיך אוף גאַנצע גאַסן — הילצערנע און לײַוונטענע. פאַר איוועס אויגן שווינדלט א שלאַל פאַרבן, ארום איר טומל און געשריי. און זי דערפילט זיך מיטאמאָל דאָ — און ניט נאָר אין דער שטאָט, נאָר אין דער גאָרער וועלט — צווישן הימל און ערד, פרעמד, עלנט און, דעריקער, איבעריק...

— היי, היי, בערעגיס!

עפּעס אָטעמט איבער איר קאָפּ מיט פײַער. פון אַלע זײַטן שרײַט מען און מע לויפט צו איר. זי הייבט אוף די אויגן — א פאַריסנס אף ארוף, א פאַנאַנדערגעעפנט פערדיש מויל, פון די ליפּן פאַלט אף איר א געדיכטער ראָזער שוים. עמעצער נעמט זי אונטער דער האַנט און מ׳פירט זי אפן טראָטואַר ארוף. א סאַך מענטשן גייען הינטער איר.

— מ׳מעג דען אזוי גיין? וויפל האָט באַדאַרפט געדויערן, אז איר זאָלט ארונטערפאַלן אונטער די פערד...

— מיר דוכט, זי איז שיקער.

— ניט שיין, אז א פרוי זאָל טרינקען.

און נאָך עמעצער גיט צו:

— המ־מ... נא וויד, קאַזשעטסיא, בלאַגאָראָדנאַיא...

זי דערקלײַבט זיך צום אַשמעדײַ. נאָר אַכוץ דעם באַלעגאָלעס ווײַב מיט צוויי קינדער, טרעפט זי דאָרט קיינעם ניט. די שטוב איז פול מיט בײַסיק־שטיקנדיקן גרוי־געלבלעכן רויך, וואָס פאַרגייט אין די אויגן און שטיקט אין האַלדז. די ייִדענע ווענדט קימאַט ניט קיין אַכט אף דער ארײַנגעקומענער. זי קען זיי שוין גוט, אָט די ווילטעטיקע שטאָט־דאַמעס, וואָס קומען צו גיין, פרעגן אַלץ אויס, פאַרשרײַבן אין א קליין ביכעלע מיט זילבערנע שלעסעלעך, גיבן דיר א סאַך אייצעס און גייען אוועק. ביז מ׳רײַסט בא זיי ארויס א דרײַערל, שלאָגט מען אָפּ די פיס און מ׳בלײַבט אָן א האַרץ. ריידן מיט זיי איידל, מיט געבעט און טרערן, דאָס, ווייסט די ייִדענע, טאָר מען ניט. אף אזא קאַפּצנטע זאָגן זיי: זי איז א שטילע, זי וועט נאָך צוּוואַרטן. דאָך, קעדיי די ארײַנגעקומענע זאָל ניט אָנהייבן צו געבן אייצעס, זאָגט זי:

— לאָזט אָפן די טיר, דער רויך קאָן די אויגן אויסעסן. וויפל איך בעט זיך ניט בא אים: לייזער, גאָזלען, א רוער אין דײַן טאַטן ארײַן, שטעל ארוף אפן קוימען נאָך אָן עמער, קאַרג צעבראָכענע עמער וואַלגערן זיך אפן מיסט? דאָס דאַרף מען דאָך שוין בא דער שטאָט ניט בעטן... ווי נאָר ס׳טוט א בלאָז א ווינט, אזוי פאַרשלאָגט ער דעם רויך אין שטוב ארײַן. איז גיי רייד אָבער מיט א טאַם. נאָר האָט קיין דײַגעס ניט, ער וועט שוין בא מיר ארופשטעלן נאָך אָן עמער אפן קוימען.

פאַרלאָפן דעם וועג, ניט געגעבן יענעם די מעגלעכקײַט צו זײַן א גוטע מיט רייד, צו לערנען און צו געבן אייצעס, — דאָ ווייסט מען אליין, וואָס און וויִאַזוי די אייגענע שטוב־באַלעבאַטישקײַט צו פירן, — גייט די ייִדענע דערנאָך ארויס מיט קלאָלעס. ניט, כאָלילע, אף דער ארײַנגעקומענער, נאָר אף זיך אליין. דאָס ווירקט קימאַט טאָמיד:

— בעסער וואָלט שוין דער טויט אף מיר געקומען... בעסער וואָלט איך שוין אין דער ערד געלעגן, בעסער וואָלט מיך דער גיהענעם געברענט... אין שטוב איז דאָך אפילע ניטאָ קיין רוט, מיט וואָס א קינד אָפּצושמײַסן. בעסער וואָלט איך בלינד געוואָרן, בעסער וואָלט מיך א דונער געטראָפן.

איווע כידעשט זיך אף דער ייִדענע. זי שיט אף זיך קלאָלעס און כאַראָמעס, נאָר די אויגן, רויטע פונעם רויך, שמייכלען בא איר. ס׳דוכט, אז די אויגן זאָגן: „איר מיינט, אז איך מיין עס ערנסט? זאָל גאָט אָפּהיטן, זאָלן בעסער מײַנע סאָנים בלינד ווערן, זאָלן זיי ליגן אין דער ערד און ברענען אין גיהענעם“. איווע צעשמייכלט זיך. דער ייִדענעס פריילעך־לאַכנדיקע אויגן אין

אַט דעם בײַסיק־שטיקנדיקן גרוי־געלבלעכן רויך, צווישן אַט דער אַרעמקײַט, ווו ס׳איז „ניטאָ קיין רוט, מיט וואָס א קינד אַפּצושמײַסן״, די ביטערע קלאָלעס, וואָס ווערן ארויסגעבראַכט מיט אזא צעצויגן זינגענדיק קאָל, האָט איווע עפּעס מיטאמאָל אי גרינגער, אי ליכטיקער געמאַכט דאָס האַרץ און די וועלט.

— איך בין געקומען, — זאָגט איווע, — זיך זען מיטן יידן, וואָס איז באַנאַכט צו אײַך פאַרפאַרן.

— וואָס זשע האָט איר געשוויגן? געקומען יענעם דרייען א קאָפּ אפן ניכטערן האַרצן. דעם גאַסט האָב איך נאָך אליין ניט געזען. נאָר געסט גייען מיר אָפּ... צו אלע צאָרעס האָט מען מיך נאָך ארופגעוואָרפן א פרעמד קינד. ס׳רײַסט אויס דאָס האַרץ קוקנדיק אף דעם...

— וועמעס איז דאָס קינד?

— וואָס איז אײַער אייסעק?.. דו האָסט שוין ווידער געפּאַקט די שוועבעלעך? — צעשרײַט זי זיך אף א מיידעלע. — גוואַלד, אומגליק מײַנס. דו ווילסט שוין ווידער גיין צינדן? דער ייִד איז נאָך פאַרטאָג אוועק. זײַן זון נעכטיקט באַם דאָקטער. אקיווע האָט אויך דאָרטן גענעכטיקט. מײַן שיינער מאַן האָט הײַנט אפילע דאָס פערד ניט געשפּאַנט. איך ווייס, ווו זיי זײַנען? א פערד האָט מען אונדז געקויפט. א בראָך צו זייערע יאָרן. א טאָג גייט עס און דרײַ טעג ליגט עס... כ׳וועל שאַבעס ארײַן אין דער גרויסער שול און וועל אלעמען די בערד אויסרײַסן. קויפט איר שוין יאָ אַן אָרעמען באַלעגאָלע א פערד, טאָ קויפט, א רועך אין אײַער טאַטנס טאַטן ארײַן, א באַלפּאַרנאָסע, ניט קיין אָנלייגער... איר גייט שוין אוועק? גייט געזונטערהייט.

און ווען איווע איז שוין אַפּגעגאַנגען ווײַט פון דער שטוב, האָט זי דערהערט, ווי די ייִדענע שרײַט איר נאָך פון דער אָפענער טיר:

— זאָגט מיר כאָטש אײַער נאָמען, איך זאָל כאָטש קאָנען זאָגן, ווער ס׳איז דאָ געווען?

איווע ענטפערט ניט. דער ייִדענעס לאַכנדיקע אויגן האָבן צום סאָף ארויסגערופן בא איר פאַרדראָס און אומעט: די ייִדענע איז צו איר מאַצעוו געוווינט געוואָרן און לעבט ווי א וואָרעם אין כריין.

איווע כאַפּט איבער דעם אָטעם און לאָזט זיך פון באַרגיקן געסל אראָפּ. באַם דאָקטער אָדער בא אקיווען וועט זי זיך שוין דערוויסן וועגן דעם קינד, וואָס זי האָט געזען זיצן צווישן דעם אָנגעוואָרפענעם בעטגעוואַנט און וואָס האָט געריבן מיט ביידע הענטלעך די אויגן. דאָרטן וועט זי געוויס טרעפן ייִצכאָקן.

נאָר ייִצכאָק באַיאַר, נאָך דעם, ווי דער אשמעדײַ האָט זיך דערקלאַפּט, דאָס ווײַב זײַנס דערוועקט, נאָך דעם, ווי זי האָט די טיר געעפנט און אין שטוב זיי ארײַנגעלאָזט, איז ער, דער קרעטשמאַר, — אף דער ערד אינעם אָנטאָן, בלויז די פּוישטן אראָפּגעוואָרפן, די בורקע אונטערן זײַט, דאָס פעלצל צוקאָפּנס, — זייער גוט אָפּגעשלאָפן דעם דריטן טייל נאַכט. מיטן אָנברוך אף טאָג האָט ער זיך אופגעהויבן, די שפּיצפינגער איבערן פאַרפרוירענעם פענצטער א פיר געטאָן — יויצע געווען דערמיט נעגל־וואַסער, אָפּגעזאָגט די ערשטע בראָכעס און זיך געלאָזט גיין א מאָקעם־קאָדעש זוכן — ניט אזוי פון וועלן דאַוונען בעציבור, ווי פונעם פאַרלאַנג אליין א קאַדיש זאָגן נאָך די צוויי קינדער — נאָך דעם פאַרשטאָרבענעם זון און נאָך דער אכזאַריש־אומגעבראַכטער טאָכטער. עמעס, דאָרטן אין שטעטל זײַנען זיי ביידע מיט א קאַדיש־זאָגער באַזאָרגט געוואָרן, אָבער ווי פרום און געטרײַ יענער זאָל דעם קאַדיש ניט זאָגן, גייט עס פאָרט פון א פרעמד האַרץ.

געוויס וואָלט גאָוריזל מיט זײַנע זין און אייניקלעך — דער פאַרטיקער מיניען — א גאַנץ יאָר געגאַנגען צו אים צוויי מאָל א טאָג, ווי אין די שיווע־טעג, און ייִצכאָק מיט שמוליקן וואָלטן אליין קאַדיש געזאָגט — דער טאַטע נאָך די קינדער, און דאָס קינד נאָכן טאַטן... נאָר ס׳איז ניט פאַר קיין מענטשנס קויעך געווען צו זען און צו הערן, ווי זי, „דער שטילער זומער״, זאָגט אויך קאַדיש, און דאַפקע אָן קרעכצערײַ, אָן טרערן, נאָר זי רעדט ארויס יעדעס וואָרט מיט אזא קאָל, אז ייִצכאָק איז אף מאָרגן נאָך שיווע־אָפּזיצן אוועקגעפאָרן אין שטעטל און דאָרטן א קאַדיש־זאָגער געדונגען.

ארויסגייענדיק פונעם באַלעגאָלעס שטוב, וועלכע איז א צוגעדריקטע צו דער ערד און פון איר אײַנגעבויגענעם דאַך שפּאַרט ארויס דער שוואַרצער קוימען מיטן שפּיצעכיקן עמער פון אויבן, האָט זיך דעם קרעטשמאַר געדאַכט: יענע גרויסע שטאָט, יענע גאַסן, איבער וועלכע ער האָט באַנאַכט געבלאָנקעט און געוואָגלט, יענע הויכע מויערן, וואָס האָבן אים מיט פערד און שליטן אזוי לאַנג געפירט און געדרייט ארום זיך, ווי עפּעס א ניטגוטער וואָלט געטריבן פון אים כויזעק, זײַנען ערגעץ פאַר דער נאַכט פאַרשוווּנדן, אײַנגעשלונגען און אײַנגעזונקען געוואָרן.

פאַר זײַנע אויגן — נידעריקע פאַרשנייטע הײַזער, שמאָלע געסלעך, אײַנגעוואָלגערטע הילצערנע פּלויטן, קאָסאָקע פענצטער, פונקט אזעלכע, ווי אין יענעם היימישן שטעטל, וווהין ער

פארט ווינטערצייַט איין מאָל אין כוידעש... ער גייט מיט דעם טאלעס־און־טפילן אונטערן אָרעם — אָן דעם קלייזייַען לאָזט זיך יִצכאָק באָיאר קיינמאָל אין וועג נִיט. די פאָרשטאָט איז נאָך אין שלאָף, נאָר איבער די פראָסטיק־צוגעשנייטע געסלעך סקריפען שוין נאָך דרימלענדיקע טריט. עמעצער גענעצט אף א קאָל. פון די הײַזלעך ציט מיט אווערדיקע רייכעס.

און אין הימל גרויסע צעגליטע שטערן. דער פארטאָגיקער ווינט בלאָזט פון זיי דאָס אַש אראָפּ. נאָך א שאָ און זיי וועלן איבערגעברענט ווערן — קיין סימען וועט פון זיי ניט בלייַבן. די לעוואָנע, א דערפרוירענע פון דער גאנצער נאכט אפן פראָסט, האָט זיך פארקליבן אפן טאָפּאָל־בוים, צווישן דעם הייַפל אלפינעס אפן ווינטער פארבליבענע גרין־פאר־דארטע בלעטער, און וואַרט אף דער ערעוו־פרילינגדיקער זון — בא איר אופגאנג וועט זי זיך דערוואַרעמען און דערנאָך זיך לאָזן אין איר ווייַטערדיקן וועג, זיך דערקלייַבן צו א צווייטער, עפשער צו א וואַרעמערער נאכט.

ווייַט גיין האָט באָיאר ניט באדארפט. ארויס פון בארגיקן געסל, האָט ער דערזען: אנטקעגן לויכטן שוין די גוט־באקאנטע, די פון אויבן קייַלעכדיקע בעסמעדרעש־פענצטער. אריַין און געטראָפן דאָרטן א היפשן אוילעם, באזונדערס ארום דער אָנגעהייצטער הרובע, ארום דעם לאנגן ביז גלאנץ אויסגעריבענעם טיש, ווו בא די שמעלצנדיקע רעשטן פון יאָרצייַטליכט, איבער די גרויסע, אין לעדער געבונדענע סלאוווטער געמאָרעס, זיצן יעשיוועבאָכערים, אמפערן זיך אף א קאָל מיטן געוויסן ניגן, מיט יענעם מוסערניקעס־ניגן, וואָס דארף נעמען בא דער נעשאָמע, פארכאפּן באם הארצן, ווי דער גרונטלייגער זייערער רעב יִסראָעל סאלאנטער האָט געלערנט און פארזאָגט.

מיט ברען און היסלייַוועס פלייַסן זיי זיך, די יעשיוועבאָכערים, פאר די ארומשטייענדיקע באלעבאטים — פאר זייערע ברויטגעבער, פאר די, וואָס האלטן זיי אף קעסט, גיבן זיי „טעג“. זיי באווייַזן מיט אלע איוורים: אויך זיי, די יעשיוועלייַט, געדענקען, פארגעסן ניט דעם כוויו, מִען זיך אין זיבעטן שוויס, טראָגן מיט אהאווֹאָ־ראבאָ דעם גרויסן אָל, און פילן אויס ערלעך און מיט יוישער די ארופגעלייגטע אף זייערע פלייצעס היסכייַוועסן, — זיי פארדינען אוילעמהאבע ניט נאָר פאר זיך אליין, נאָר אויך פאר זיי, פאר די באזאָרגער זייערע.

יִצכאָק באָיאר, האגאם אין דער מישפאָכע האלט מען אים פאר א קענער, מ'שטעלט אים אפילע העכער פון זכאריען, אָבער ער אליין ווייסט: קיין לאמדן איז ער ניט. שאבעס נאָכן שלאָף, אָדער אין א פרייַער שאָ אין סאָד, קאָן ער קוים אייַנבייַסן דעם „איין־יאנקעוו“. שטייט ער, דער קרעטשמאר, מיט דערעכערעץ און יִיראס־האקאָוועד בא דער זייַט און הערט זיך צו, ווי צוויי יעשיוועבאָכערים אמפערן זיך.

איינער — „דער נאראָדיטשער“, ווי מע רופט זיי לויט די נעמען פון די געבורטסערטער, — צופט דאָס בלאָנדע ערעוו־איידעמל־בערדל און וויל זיך בעשום־אויפן ניט אונטערגעבן. אלע רייַעס און באווייַזן פונעם צווייטן מאכט ער צונישט. ער שלאָגט זיך מיט יענעם אף לעבן און טויט — אזא וויכטיקע פראגע קאָן ער ניט, דער נאראָדיטשער, דערלאָזן, זי זאָל מיט אזא גרינג־קייַט געלייזט ווערן. פון אזא העפקיירעס קאָן, כאָלילע, די וועלט כאָרעוו ווערן. ער שרייַט אפן בייַקעלעכל:

— נאָר ווען זייַנען די רייד געזאָגט געוואָרן? במה דברים אמורים (באמע דוואָרים אמו־רים) — ווען איז דאָס אלץ גערעדט?.. מ'דארף דאָך טויפעס זייַן... טינויקעס שעל בייס ראבאָן וואָלטן עס פארשטאנען. נא זע, דער טויספעס זאָגט דאָך שווארץ אף ווייַס: בייצאָ. שענוילדאָ בעיאָמטעוו (אן איי, וואָס איז געלייגט געוואָרן אום יאָמטעוו)...

און דאָ, בא דער טיר, ווי פון האנטפאס ארויס, פאלט אריַין מיט דעם זעלבן ניגן א גיפ־טיק קאָל:

— אן אייזל, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין נאראָדיטש...

פון אָט דעם זאָג, דערזעענדיק, פון וועמען די רייד גייען, לאכט און בייזערט זיך קיינער ניט. די גוטמוטיקייַט אָבער, די מעסיבע־היימישקייַט ווערט ארום טיש און הרובע פארפאלן. יִצכאָק באָיאר האָט פון אָנהייב ניט דערקענט נעכעס ברודער — אבושלען. אָדער, ווי מע רופט אים, „דער כאריף“.

אבוש, פארבייַגייענדיק, ווארפט א בליק אפן קרעטשמאר. יִצכאָק באָיאר ווייסט: אבושל וועט זיך ניט אָפּשטעלן און קיין שאָלעם ניט אָפּגעבן. נעכעס ברודער רעדט מיט קיינעם ניט פון די באָיארס. אז ער קומט צו דער שוועסטער, גיט ער אויך דעם שוואָגער גאווריִעלן די האנט ניט. יִצכאָק באמערקט אָבער — אבושלס קייַלעכדיקע אויגן מיט די ווייַסע רייפעלעך ארום די שווארצאפּלען גיבן עפעס פון צופרידנקייַט א בלינצל. אבושל בייגט זיך אייַן, טוט א רייַב אין האנט אין דער צווייטער און זאָגט:

— שאַמעס, צינד אָן די ליכט, צײַט צו שאַכריס. הײַנט לייענט מען די טוירע און מע זאָגט האַלעל.

ווען די פריִערדיקע באַליידיקונג־ווערטער בענעגייע דעם נאַראָדיטשער און דערנאָך די באַ־פעל־ווערטער צום שאַמעס ווערט פון אַן אַנדערן, פון אַ צווייטן געזאָגט, אויך פון אַזאַ, וואָס לעבט פון קיצווע, וואָלט מען אים פון בעסמעדרעש אַרויסגעוואָרפן. נאָר דאָ, באַ אַבושלען, שווײַגן אַלע. קיינער קאָן ניט דערקלערן, קיינער קאָן ניט זאָגן, קיינער ווייסט ניט, פונוואַנען און פון וועלכן קוואַל שעפּט ער, אַבושל, די האָזע און די כוצפע זײַנע... די געמאָרעס פאַרמאַכן זיך. מ׳צעגייט זיך. קיינער וויל זיך מיט אַבושלען ניט פאַרטשעפען. פאַר זײַן צונג, דעריקער פאַר זײַנע אויגן האָבן אַלע מוירע. דערצו נאָך איז ער, אַבושל, די לעצטע צײַט געוואָרן דער בייס־האַקוואָרעס־שאַמעס. ווען די נויסיי־האַמיטע שטעלן זיך מיטן מעס באַם בעסמעדרעש און אַבושל נעמט מיט זײַן קאָל אָפּזאָגן דעם מעס פון „זײַן אָרט“, פון אַלע „זײַנע רעכט“, פאַרווערט אים צו קומען צווישן די לעבעדיקע, און דערנאָך, ווען ער טוט אַ געשריי צו די נויסיי־האַמיטע: — ב־נעמט אים! — פון אָט דעם אויסגעשריי פאַלט אָן אויף אַלעמען אַ פּאַכעד. ס׳דאַכט — אין מיטע ליגט ניט קיין מעס, נאָר עפּעס אַזוינס, וואָס אויב מ׳וועט עס אַפּגיך ניט אָפּטראָגן, וועט עס באַלד פון אונטער דעם שוואַרצן געוואַנט זיך אופהייבן און אָנטאָן אין שטאָט בייזע מײַסים...

דער שאַמעס צינדט אָן די ליכט אַפן אָמעד. אַבושל זאָגט אים עפּעס אַפן אויער. יענער שאָקלט צו מיטן קאָפּ. מ׳שטעלט זיך דאַווענען. ייִצכאָק טוט אָן טאַלעס־און־טפילן, נאָר די גאַנצע צײַט פילט ער אויף זיך אַבושלס אויגן — די צוויי שוואַרצאַפּלען אין די ווײַסע רייפּעלעך. דער נײַגער פון וויסן, וואָס אַזעלכעס האָט אַבושל געזאָגט דעם שאַמעס אַפן אויער, וואַקסט צווישן אוילעם. איינער פרעגט באַם אַנדערן, נאָר קיינער ווייסט נאָך דערווײַל ניט. דער שאַמעס גיט אָבער צו וויסן מיט די אויגן — ער וועט אַלעמען זאָגן. דאָ זעט מען, ווי דער שאַמעס גייט צו צום פרעמדן ייִדן. לויטן הילעך און גאַנג דערקענט מען אַ „מוכסן“, מ׳הערט ווי דער דאָרפס־ייִד ענטפערט דעם שאַמעס:

— מיך רופט מען ייִצכאָק. דעם פאָטער, אָלעווהאַשאָלעם, האָט מען גערופן מענאַשע. ניין, ניין, ניט קיין קויהען, ניט קיין לייווי, איך בין אַ פּראָסטער ייִד — אַ ייִסראָעל...

דער ענטפער ווערט זייער געפעלן. אַ ייִד פון הינטער דער הרובע דערלאַנגט ייִצכאָקן שאָלעם־אַלייכעם, דערפרעגט זיך, פונוואַנען און נאָך וואָס איז ער אין שטאָט אַרײַן געקומען? דערציילט אים דער קרעטשמאַר: געקומען צונעמען אַ זון פון קראַנקן־הויז. ער איז אַן אָוול, איז ער אַרײַן זאָגן קאַדיש.

דער הינטער־הרובע־ייִד, אַ פאַרכאָלעמטער, מיט ניט קיין היגע אויגן, אַ בראַסלאַווער כאָסיד, פאָרט אַהין צוויי מאָל אַ יאָר, און מיט אַזעלכע, ווי ער, קלײַבט מען זיך באַנאַכט צונויף אַפן רעבנס, אויף נאַכמען בראַסלאַווערס קייווער... דאָך זוכט ער שוין אַ סאַך יאָרן אַ לעבעדיקן רעבן. ער איז שוין אויסגעפאָרן אַלע „הויפן“, אויסגעוועזן באַ אַלע גוטעייִדן, אָבער קיינער פון די „הײַנטיקע“ געפעלן אים ניט, „נעמען“ אים ניט... דערוויסנדיק זיך, אַז ייִצכאָק לעבט ערגעץ אין די וועלדער, באַטראַכט ער און באַטאַפּט מיט די פאַרכאָלעמטע ניט־היגע אויגן ייִצכאָקס יעדער קער און ווענד. ער זוכט רעמאָזים אין די ווײַסע פּאַסמעס פון ייִצכאָקס לאַנגער און שמאָלער באָרד. זוכט אַ צייכן אויף דעם הויכן שטערן, אין דעם סויבלנעם אַלט־אויסגעריבענעם היטל, באַזונדערס אין דער גרינער קרײַקע אַפן ברוינעם פעלצל, און ער איז גרייט אָנצונעמען דעם קרעטשמאַר פאַר אַ פאַרבאָרגענעם צאַדיק, פאַר אַ ניסטער, פאַר אַ נײַעם באַלשעם...

ייִצכאָק דאַוונט מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט, דרייט זיך אויס בלויז צום קאַדיש זאָגן. די צײַט ציט זיך אים שרעקלעך לאַנג. אַבושל, וואָס דאַוונט פאַרן אָמעד, מאַכט לאַנגע האַפּסאָקעס, דווייקעס און ציקלט זיך מײַסע־כאַזן. דעם קרעטשמאַר איז טײַער יעדע רעגע — אַווראָם וואַרט דאָרט אויף אים באַם דאָקטער. וויפל קאָן מען טאַקע זײַן באַ יענעם? וויפל קאָן מען זיך נוצן מיט יענעמס לײַטישקײַט און גוטסקײַט? מ׳דאַרף אויך געבן צו וויסן ליבען, אַז אין אַ פּאָר שאָ אַרום פאָרט ער אַהיים. ער קאָן „דעם שטילן זומער“ מיט די יעסוימים ניט לאָזן דאָרט אַליין שאַבעס־האַלטן. אויף שאַבעס וויל ער איר ברענגען אַווראָמען. פון אַלע קינדער איז געבליבן נאָר איינער. דער קרעטשמאַר דערפילט: מ׳שלעפּט אים באַם אַרבל. דרייט ער זיך האַסטיק אויס:

— האַ?

דער, וואָס מיט די פאַרכאָלעמטע, מיט די ניט־היגע אויגן זאָגט:

— מ׳האָט אײַך אופגערופן צו דער טוירע.

דער דאָרפסייִד לאָזט זיך גיין גיך. ער איז צעטראָגן פון דעם ניט דערוואַרטן קאָוועד און אויך פון דעם, וואָס ער האָט ניט געהערט, ווען ער איז אופגערופן געוואָרן. אַן איידע שטייט און

ווארט. ייִצכאָק באַיאַר איז שוין קימאַט באַם בעלעמער. ער האָט זיך שוין אופגעהויבן אפן דריטן טרעפּל, און דאָ דערהערט זיך א קלאַפּ אין סטענדער און א טרוקן קאָל:

— לאָזט אים ניט, לאָזט אים ניט צו צו דער ריינקײַט.

און דערנאָך קוילעס פון אלע זײַטן:

— ס'איז כילעל־האַשעם... אופגעצויגן א טאַכטער לעטאַרבוס רא...

— א מעשומעדעסטע...

— א מוירעד־בעמאַלכוס...

— איבער איר איז שיר א גרויס אומגליק אין שטאָט געשען...

— מ'דאַרף אים אין כיירעם אַרײַנלייגן... ער האָט אופגעצויגן א גזאַר אף אונדזער קאָפּ. אַוווּעאַרטאַ האַראַ מיקירבעכאַ...

בא ייִצכאָקן ווערט דער רוקן מיטאמאָל אײַנגעבויגן — אף אזא קלאַפּ האָט ער זיך גאָר קיינמאָל ניט געריכט. און דער קלאַפּ איז פאַרן קרעטשמאַר אזא, אז דאָס האַרץ באַגיסט זיך אים מיט בלוט. און דער טומל אין בעסמעדרעש, דער ראַש און געפילדער מערט און פאַרשפרייט זיך. די צדאָדים צעטיילן זיך:

— מ'טאָר ניט מעוויַעש זײַן אזוי א מענטשן...

— וואָס איז נעבעך דער פאָטער שולדיק?

— ווער דען איז שולדיק?

— אז דאָס קינד וואַקסט אויס אן אויסוואורף, איז שולדיק טאַטע־מאַמע...

און אבושלס טרוקן קאָל רײַסט זיך אלעמאָל אַרײַן:

— אַוווּעאַרטאַ האַראַ מיקירבעכאַ...

— א טאַכטער א מעשומעדעסטע...

— א מוירעד־בעמאַלכוס...

— דאָס אומגליק הענגט נאָך איבער דער שטאָט...

— פון א ווערעמדיקן בוים קומען ווערעמדיקע פּיירעס...

און דאָס טרוקענע קאָל כאַזערט:

— אַוווּעאַרטאַ האַראַ מיקירבעכאַ... אַוווּעאַרטאַ האַראַ מיקירבעכאַ...

אף א רעגע טוט אין ייִצכאָקן א קאָך א קאַס — אָט נעמט ער געבן פּעטש, ווער ס'וועט זיך אים נאָר אונטער דער האַנט טרעפן. אָבער ער קערט זיך אום צו זײַן אָרט, טוט אויס דעם טאַלעס־און־טפילן, שאַרט פאַרבאָרגענערהייט אראָפּ אין האַנט א טרער, און אן אײַנגעבויגענער פאַרלאָזט ער דעם בעסמעדרעש.

מיט טאַלעס־און־טפילן אונטערן אָרעם, מיט דער אראָפּגעשאַרטער טרער אין דער האַנט גייט ער דורך די פריר־טויזקע, שוין מיט זון פאַרפלייצטע און מיט טומל פאַרפולטע געסלעך. פון די אָפענע קלייטלעך שמעקט מיט הערינג, מיט בוימל, קעראָסין און דזעגעכץ. צו די יאַטקעס ציִען זיך שליטנס מיט פליישׁ. א ייִדענע בעט באַם קאַצעוו א האַלב פונט פלייש אָן ביינער. זאָגט איר יענער צו: מאָרגן קוילעט מען אָן אָקס אָן אַנטיק, אזעלכעס ווי אזעלכעס, אָן איין ביינדעלע, די הערנער וועלן אפילע זײַן פון פּלוסטער... אין א ברייט־צעעפנטער שמידערײַ פאַלן צוויי האַמערס אף א ווייך־צעגליטן שטיק אײַזן. דאָס אײַזן שרײַט ניט. אַרום שיטן זיך בלויז פײַערדיקע פונקען. פון א פענצטערל, וואָס שפּאַרט זיך אָן אָן דער ערד, הערט זיך א שטעפערײַ פון א ניי־מאַשין. דער באַלמעלאָכע זינגט:

> דער שנײַ־יַידער נייט, די נ־אַ־אָדל גייט,
> ס'איז גרויס די נויט.
> אויב דאָס איז לעבן, וואָס איז טויט?...

ייִצכאָק באַיאַר, דעם רוקן געבויגן, דעם קאָפּ פאַרנייגט צום אונטערגעהויבענעם אקסל, איז פאַרטראַגן. דער טראָט אָבער, ווי טאָמיד, א שווערער, א זיכערער — אין האַרטן שניי בלײַבן טיפע סימאָנים. דער מעהאַלעך צום באַלעגאָלעס שטוב איז ניט קיין ווײַטער — דאָס באַרגיקע געסל וואָלט אים שוין לאַנג באַדאַרפט אהין פאַרפירן, נאָר ער גייט און גייט, און ווען ער כאַפּט זיך, טרעפט ער זיך שטיין קימאַט אויסער דער שטאָט. ווײַסע פעלדער שפּרייטן זיך ביז צו דעם ווײַטן בערעזע־וואַלד.

— און איך זוך אײַך. זײַ א שטערנזעער און טרעף, אז ייִצכאָק באַיאַר שטייט זיך באַם ברעג טײַך, קוויקט זיך מיט גאָטס געבענטשטער זון און לויבט זײַן ליבן נאָמען פאַרן כעסעד, וואָס ער טוט מיט אים.

דער קרעטשמאַר דערפרייט זיך:

— אקיווע־לעבן, דו?

— זאָלן מיר אַזוי ביידע געזונט זײַן, אַז דאָס בין איך און ניט קיין אַנדערער.
— אַקיווע־פּרײַנט...
אַקיווע טוט אַ ציטער — אַזוי פלעגט אים רופן דאַניעל.
— וואָס, רעב יִצחאָק?
דערציילט אים דער קרעטשמאַר, וואָס אין בעסמעדרעש איז זיך מיט אים פאַרלאָפן.
— פאַרוואָס קומען מיר אַזעלכע ביזיונעס, אַזאַ כאַרפּע? איך האָב זי אַרופגעפירט אָפן שלעכטן וועג... איך בין שולדיק? ניין, ניין, אַקיווע־פּרײַנט, דיך מאַך איך אויך ניט שולדיק... דיר האָט זי אויך צעבראָכן דאָס לעבן... ניט אַזוי האָסטו געמיינט. סײַוויסײַ... אָן דײַן הילף וואָלט זי אויך אַנטלאָפן פון דער היים... דאָס פײַער געפינט אַן אַרויסגאַנג.
און, ווי אַ קינד, טוט זיך אַ קלאָג דער קרעטשמאַר:
— מײַן נעשאָמע ברענט און אַלע ביינער טוען מיר ווי...
— קומט מיט מיר, רעב יִצחאָק, איך וועל אײַך אַרופנעמען אָף מײַן וועגעלע און מיר וועלן פאָרן און פאָרן און מיר וועלן אַרײַנפאָרן...
— וווהין? — שלאָגט אים איבער יִצחאָק.
— אין אַ לאַנד פון מילך און האָניק.
— צופיל פּירער, — זאָגט יִצחאָק מיט קאַס, — צופיל נעוויִים האָבן זיך באַוויזן. יעדער איינער איז אַ מאָשיִעך, יעדער טרומייטערט אין האָרן... שאַבסײַ־צוויִעניקעס!.. גייסט עפּשער צום דאָקטער? — פרעגט יִצחאָק ווייכער. — כ'וועל נעמען אוּוראָמען און פאָרן אַהיים.
— איך בין אײַך געקומען טאַקע נעמען צום דאָקטער...
— אַ שיינעם דאַנק דיר. עפּעס, זע איך, ווילסטו מיר זאָגן?
— קומט, רעב יִצחאָק, באַם דאָקטער וועלן מיר ריידן.
אַרײַנגעקומען אין קאָרידאָר, דערזעט יִצחאָק אין דער אָפענער טיר, וואָס פירט אין אַ גרויסן צימער, אַכוץ דעם דאָקטער מיט דער שיינער באָרד, נאָך עטלעכע מענטשן: אַלע זײַנען אָף די פיס, קיינער שטייט ניט אָף אַן אָרט, מ'רעדט אַלע מיטאַמאָל. נאָך גאָר יונגעלײַט. באַ אַלעמען די פּענעמער בלייכע, די אויגן אָבער ברענען. איינער פון זיי טיילט זיך אויס פון אַלעמען. ער גייט אַרום איבער דער שטוב מיט ברייטע טריט, די הענט אין די קעשענעס, דעם קאָפּ מיטן וואַלד האָר פאַריסן אין דער הייך. ער טראָגט אַ פּאָר דיקע שוואַרצע וואָנצן, אַ קאָמעץ־בערדל, און פון זײַנע ברייטע, פולע רויטע ליפּן שיטן זיך נײַן מאָס רייד. יעדעס וואָרט ווערט אָבער אַרויס־געדעדט קלאָר און דײַטלעך און מיט אַזאַ טאָן און מינע, אַז די אַלע רייד, וואָס ווערן פון אַנדערע געזאָגט, האָבן קיין ווערט ניט. די איינציקע רייד, וואָס דאַרפן פון אַנדערע געזאָגט ווערן, מוזן זײַן נאָר זײַנע. זײַן וואָרט — דאָס איז דאָס לעצטע וואָרט, וואָס דאַרף ברענגען דער וועלט יוישער, גערעכטיקײַט און יעשועס. דער קרעטשמאַר וויל כאַפּן עפּעס פון די רייד, נאָר די ווערטער זײַנען זייער פרעמדע, ער וואָלט זיי אַפילע ניט געקאָנט אַרויסריידן, מ'קאָן די ציין אָף זיי צעברעכן: טעריטאָריִאַליזם, קולטור־אויטאָנאָמיזם, אַכאַד־האָאָמיזם...
— נעוויִים? — טוט יִצחאָק אַ פרעג באַ אַקיוון.
— נעוויִים... — שמייכלט אַקיווע.
— און מײַן אוּוראָם זיצט אויך צווישן די נעוויִים? רוף מיר אים אַרויס אַהער, פאַרהלושעט מיר אים ניט דעם קאָפּ מיט בוריאַן. גענוג פונמײַנעטוועגן. דײַ וועיויסער...
— אָ, — באַווײַזט זיך דער דאָקטער אין דער טיר. — באָרוך האַבאָ, רעב יִצחאָק, — און ער דערלאַנגט אים די האַנט. — קומט אַרײַן.
— אַ גרויסן דאַנק אײַך, — יִצחאָק נעמט דעם דאָקטערס האַנט אין זײַנע ביידע הענט. — איר האָט געטאָן פאַר מיר און פאַר מײַן זון אַזעלכעס, אַז איך וועל אַ גאַנץ לעבן פאַר אײַך גאָט בעטן. איר זײַט אַ מעזעג־טאָוו... נאָר כ'בעט אײַך ראַכמים, כ'וועל פאַלן פאַר אײַך אָף די קני, קושן אײַערע פיס, טשעפּעט אים ניט, ער איז ריין און גאַנץ...
דער דאָקטער נעמט אַרויס זײַן האַנט פון יִצחאָקס הענט:
— פון וואָס רעדט איר?
— ס'איז מיר געבליבן איין קינד, טשעפּעט אים ניט, שלעפּט אים ניט אַרײַן אין אײַערע כעוורעס. צינדט אים ניט אָן אײַערע ליכט אין קאָפּ. איינער איז שוין פון זיי פאַרברענט געוואָרן... און איינע...
— אָט טאַקע וועגן איר וויל איך מיט אײַך גראָד ריידן. פאַר אײַער אוּוראָמען האָט קיין צאָרעס ניט, ער איז ווײַט פון אַזעלכע זאַכן, אין קיין שום כעווערעס וויל אים דאָ קיינער ניט אַרײַנשלעפּן.
— פון איר איז ניטאָ וואָס צו ריידן. איך בין שוין לאַנג נאָך איר שיווע אָפּגעזעסן.
— איך בעט אײַך, רעב יִצחאָק, מיך אויסהערן. קומט מיט מיר אַרײַן אַהער.

און ייִצכאָק באַיאַר, מאַכמעס דערעכערעץ און דאַנקבאַרקייט צום דאָקטער, לאָזט זיך אַרייַנ־פירן אין אַ זײַטיקן צימער. אַהינצו קומט באַלד אַרייַן אויך אַווראָם. ייִצכאָק דערפרייט זיך מיטן זון, צעקושט זיך מיט אים. ער זעט אים אָן די מיליצעס. עמעס, ער שפּאַרט זיך אָן אָף אַ שטעקל, הינקט אַ ביסל אונטער.

— טאַטע, — זאָגט פּלוצעם אַווראָם, — כ׳בעט דיך זייער, לאָמיר זי נעמען אַהיים...

— וועמען נעמען? — טוט ייִצכאָק אַ געשריי. — נעמען? זי נעמען?

— שרייַ ניט, רעב ייִצכאָק, — זאָגט דער דאָקטער, — און הערט מיך אויס. הערט מיך אויס, רעב ייִצכאָק. אין דער טוירע שטייט קעראַכעם אַוו אל באָנים. ס׳איז פאַראַן אַ גליקלעכע מעגלעכקייַט. מ׳קאָן נעמען כיירוסן אָף פּאַרוקע. דאָס קאָן אָבער טאָן נאָר דער פּאָטער.

ייִצכאָק באַיאַר זיצט באַם פענצטער אַ באַלויכטענער פון דער ערעוו־פרילינגדיקער זון. דער רוקן איז בא אים געבויגן, ווי ער וואָלט גרייט געווען אופּצונעמען קאַלעריליי קלעפּ. אייַנצײַטיק אָבער זיצט ער אויך, ווי אַ זײַטיקער, ווי אַ ווײַט־פרעמדער, ווי אײנער, וואָס דעם דאָקטערס רייד האָבן צו אים קיין שום שײַכעס ניט. אָף דעם דאָקטערס אלע רייד האָט ער מער קיין איין וואָרט ניט אַרויסגעבראַכט. דער דאָקטער פאַרלירט די רויקייַט. דעם באַיאַרס שווייַגן ווערט פון אים אויסגעטײַטשט, ווי אַ פּאַשעטער כויזעק. ער קען זיי, די דאָרפסלײַט. דאָרטן, ווו זיי דאַרפן, שטעלן זיי זיך אַרויס פאַר טאַמען, פאַר אַזעלכע, וואָס קענען קיין צוויי ניט ציילן. וואָלטן די רייד גע־גאַנגען וועגן פּאַשעטערע, וועגן ווייניק־וויכטיקערע זאַכן, וואָלט דער דאָקטער שוין לאַנג אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, אַ סאָף געמאַכט צו דעם גאַנצן געשפּרעך. נאָר דאָ, בא אַזאַ לאַגע, פאַר־בייגט איליאַ איליטש זײַן קאַוועד. אָבער שוין שאַרף זאָגט ער:

— פאַרגעסט, רעב ייִצכאָק, אָף אַ רעגעלע, אַז כיירוס איז אײַער טאָכטער. דערמאָנט זיך, אַז ס׳גייט אין ראַטעווען אַ מענטשן!

דאָ, בא דעם דאָקטערס לעצטע ווערטער, רײַסט ייִצכאָק באַיאַר אָפּ דעם בליק פון די פײַער־דיקע פענצטער, הייבט האַסטיק אונטער די אַקסל, פון זײַן ברוסט רײַסט זיך אַרויס אַ צוגעשטיק־טער קרעכץ, וואָס גיט צו וויסן, אַז מער אויסהאַלטן אַזעלכע פײַניקונגען וועט ער ניט קאָנען:

— וואָס ווילט איר פון מיר, נאָך וואָס האָט איר מיך געבראַכט אַהער?

— רעב ייִצכאָק, פאַרשטייט מיך ניט צום שלעכטן, — פאַלט באַם דאָקטער דאָס קאָל, און ער בעט זיך קימאַט. — איר אײנער קאָנט עס טאָן. נאָר איר אײנער. אויב איר זאָגט זיך אָפּ, פאַרשיקט מען זי קיין סיביר. נאָך הײַנט גייט זי אַוועק מיטן עטאַפּ. זי וועט גיין מיט די קייטן אָף די פיס... און ס׳בלײַבט דאָך דאָ בא איר...

דער דאָקטער דערעדט ניט. ייִצכאָקס פּאָנעם דערשרעקט אים. דער קרעטשמאַר האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט פאַרן בענקל. אַווראָם, ווי אַ שוטעף צו דעם, וואָס דאָ האָט זיך פאַר־קאָכט, שוין מיט גרויס כאַראָטע, און נאָך מיט גרעסערן ראַכמאָנעס צום פּאָטער, זיצט אָנגע־שפּאַרט די הענט אָפן שטעקן, דעם קין אָף די הענט, מיט אַן אָפן מויל, אַ בלאַסער און אַ פאַר־זינדיקט־דערשראָקענער. אקיווע מישט זיך אויך ניט אַרײַן. צום אָנהייב האָט ער געבלעטערט אַ בוך, דערנאָך אים צוריק אָף זײַן אָרט אין ביכערשראַנק אַרײַנגעשטעלט און גענומען פונעם דאָקטערס אַרבעטסטיש דעם ווײַס־טרוקענעם מענטשלעכן שאַרבן. ער האַלט דעם שאַרבן אָף ביידע הענט און קוקט אָף אים שוין אַ שטיק צײַט. די ברעם אונטערגעהויבן, דער שטערן שטאַרק צונויפגעקנייטשט, נאָר מיט אַ קוים באַמערקבאַרן שמייכל אָף די צונויפגעצויגענע ליפּן.

און די זון אין די צוויי גרויסע פענצטער, דורך די לאַנגע פון אויבן ביז אַראָפּ געדיכט־געשטריקטע פאָרהאַנגען, פאַרגיסט דאָס צימער מיט ערעוו־פרילינגדיקן, מיט צאַפּלדיקן ליכט. דער דאָקטער אָן די פענסנע — זיי הענגען אַראָפּ פון זײַדענעם שנירל, שטייט מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט, פינטלט מיט די אויגן אָף דער שײַן און וואַרט פונעם קרעטשמאַר כאָטש נאָך איין לעבעדיק וואָרט.

ייִצכאָק, די אונטערגעהויבענע אַקסל לאָזן זיך אים אַראָפּ, דער רוקן גלײַכט זיך אים לאַנג־זאַם אויס, נאָר ער שווײַגט. ניט פון דאַנקבאַרקײַט, ניט דערפאַר, וואָס דער דאָקטער האָט אַזוי־פיל געטאָן, געווען דער ערשטער צווישן יענע, וואָס האָבן באַטל געמאַכט דעם בילבל אָף אַווראָ־מען, האָט אַזאַ צײַט אים אויסגעהאַלטן, אים געהיילט און אויסגעהיילט. אָן־אַ זיצט ער דאָך, אַווראָם, אָן די מיליצעס. עמעס, מיט אַ שטעקן, ער הינקט אַ ביסל אונטער, אָבער ער איז פאַרט אָף די פיס געשטעלט געוואָרן. אוואַדע בלײַבט ער, ייִצכאָק, אָן אײביקער באַלכויוו פאַרן דאָקטער. ווען ניט ער, וואָלט מען באַדאַרפט געווען גיין און בייגן דעם קאָפּ פאַר גאַוורי׳עלן. אוואַדע וועט ער, ייִצכאָק, דאָס גאַנצע לעבן בעטן גאָט פאַרן דאָקטער. נאָר ניט פון דאַנקבאַרקײַט זיצט ער דאָ, ייִצכאָק באַיאַר, און לאָזט זיך גיסן זודיקן פּעך אָפן האַרצן. ווען ניט די טיפע אכטונג צום דאָק־טער, דער גרויסער ייִראַס־האַקאָוועד פאַר אים, וואָלט ער גענומען דעם זון פאַר דער האַנט און אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר...

דער קרעטשמאַר האָט נאָך אין יענער נאַכט פון דאַניִעלס טויט געזען: דער דאָקטער מיט דער שײנער שוואַרצער באָרד איז אַ גרויסער מענטשן־פרײַנט. ער איז גרייט אײַנצושטעלן זײַן לעבן, זיך מאַפּקער זײַן פאַר אַ צווייטן. יִיצחאָק באַיאַר וועט קיינמאָל ניט פאַרגעסן יענע נאַכט, ער איז אַפילו זיכער, אַז אין דער לעצטער רעגע פאַרן טויט וועט ער זען בלויז יענעם פרײַטיק־צונאַכטס. אַז ניט וויאַזוי דאַניִעל ליגט אין בעט שוין אַ קאַלטער און האַלט אַרומגענומען אוראַמען. ניין, ער וועט זען אין דער לעצטער רעגע פאַרן פאַרלאָזן די ליכטיקע וועלט ווי דער דאָקטער פאַרשפּרייט אַף דער קיך דעם טיש מיט אַ ווײַסן לײַלעך, בינדט אונטער מיט אַ האַנטעך די באָרד, פאַרקאַטשעט די אַרבל ביז די עלנבויגנס און הייסט אים, יִיצחאָקן, נעמען די צוויי אָנגעצונדענע ליכט אין ביידע הענט אַרײַן: — רעב ייִד, לײַכט מיר צו, ס'איז די גרעסטע מיצווע, וואָס מ'קאָן נאָר טאָן אום שאַבעס!.. — ער לייגט אַרויף דאָס נאַקעטע קינד אַפן טיש און שנײַדט דעם אויף דאָס בײַכל. דאָס איז געווען אַ ווילדע אײַנשטעלעניש. אַפילו דער לאַנגער זשאַנדאַרם איז ניספּאָעל געוואָרן. דער פּריסטאַוו האָט זיך גלײַך אויסגעניכטערט. ווען, כאַלילע, דאָס קינד שטאַרבט, וואָלט געקאָנט אויסברעכן אַ שרעקלעכע סריייפע. דער פּריסטאַוו איז שפּעטער געפאָרן צוויי וואָכן נאָכאַנאַנד צו מאַריען — געוווירע ווערן צום קינד. נאָר אַזאַ הייס האַרץ און אין דער זעלבער צײַט נאָר אַזאַ ווילדער מעשוגענער, ווי דער דאָקטער, האָט געקאָנט אַף זיך אַזעלכעס נעמען. ווען זיך אַ מוירעדיקע סאַקאָנע שאַ זאָל גאַרניט זײַן, ס'טרעפט אַן אומגליק, שטעלט זיך אַ מוירעדיקע סאַקאָנע פאַרן גאַנצן קלאַל. אַף יִיצחאָקן האָט דעמלט די הויט געציטערט. ער ווייסט ביז הײַנט ניט, וויאַזוי האָט ער די ליכט אין די הענט אײַנגעהאַלטן און וויאַזוי ער איז פון די פיס ניט אומגעפאַלן.

דער דאָקטער גייט אַרום הין־און־צוריק איבער דעם פאַרביקן אויסטערליש־געמאָלטן טעפּעך מיט די העל־רויטע פילשפּיצעכיקע בלעטער אַף די דיקע שוואַרץ־ווײַסע איבערגעפלאָכטענע צווײַגן, וואָס שפּרייטן זיך און קריכן איבערן דיל פונעם גאַנצן צימער. די טריט זײַנע ווערן דאָרט, ווי אין אַ וואַלד, פאַרלאָרן געגאַנגען. עפּשער פון דעם, וואָס דער דאָקטער האָט אָנגעהויבן אַרומצוגיין מיט אָט די קלאַנגלאָזע טריט, וויגט זיך הין־און־צוריק, ווי אַן אומרו, וואָס וועט, דוכט זיך, קיינמאָל זיך ניט אָפּשטעלן, און עפּשער גאָר פון דעם, וואָס פון יענעם צימער הערט מען שוין אויך קיין קאָל ניט — אַפּאָנעם, יענע וואַרטן דאָרט אויך, און עפּשער דערפאַר, וואָס אין אָט דער מיטאַמאָל געוואָרענער שטילקײַט שרײַט אין דעם קרעטשמאַר דאָס אייגן האַרץ נאָך העכער: איין־און־איינציקע טאָכטער געבליבן... נעם זי אהיים!.. — נאָר דאָ הייבט זיך אויף יִיצחאָק באַיאַר און זאָגט:

— אומזיסט אײַער טירכע, איר וועט מיך ניט ברעכן.

— דאָס איז פּאָשעט אומענטשלעך, — בלײַבט דער דאָקטער שטיין, — ס'איז ניט צו באַגרײַפן. איר, וואָס האָט פאַר דער לעצטער צײַט אַזויפיל איבערגעלעבט... אײַך וואָלטן, דוכט זיך, די צײַט און די צאָרעס באַדאַרפט אַ ביסל ענדערן און איבעראַנדערשן. אַפילו אַ שטיין ווערט פון דער צײַט, פון ווינט און רעגן אַרומגעשלײַפט. דאָס לעבן שטייט ניט אַף איין אָרט...

— עליקל, וויפל איז דער שיר? דער סאַמאָוואַר ווערט קאַלט, מענטשן וואַרטן.

— באַלד, מאַמע, באַלד.

אין דער שטיל־געעפנטער טיר, די אַרויסגעשלאָגענע זילבער־האָר פון אונטער דעם שוואַרצן שאַרף, מיט די פון נאַכעס־טרערנדיקע אויגן, מיטן פּאָנעם, וואָס זאָגט קעסיידער: „ניט פאַרשטערט זאָל עס מיר ווערן“, שטייט דעם דאָקטערס מוטער אין עפּעס אַ פאַרלעגנהײַט. לויט דער מוטערס אויגן דערקענט דער זון, אַז ניט נאָר צוליב דעם סאַמאָוואַר, וואָס ווערט קאַלט, איז די מאַמע אַרײַן, זי האָט נאָך עפּעס צו זאָגן. ווייסט ער, וועגן וואָס די רייד קאָן גיין: מיטאַמאָל איז אַ קראַנקער געקומען.

— מאַמע, איצט וועל איך קיינעם ניט אופנעמען. זאָל ער אַפילו זײַן אַ קאַפּצן ביזן הימל.

— גוט, מײַן זון, גוט. וועל איך איר טאַקע גיין אַזוי זאָגן.

אין דער מוטערס קאָל דערהערט דער דאָקטער אַן אײַנגעהאַלטענע, פאַרבאָרגענע צופרידנקײַט. ס'פילט זיך אין איר קאָל, אַז זי וועט גערן און מיט האַנאָע אַרויסבאַגלייטן יענע פון שטוב. דער מוטערס גרייטקײַט, איר טייקעפדיקע נאָכגיביקײַט פאַרווונדערט שטאַרק דעם דאָקטער. נאָך ניט געווען אַזאַ פאַל, זי אַליין זאָל דערלאָזן, אַז אַ קראַנקער זאָל ניט אופגענומען ווערן, טאָמיד שטייט זי צו:

— זאָג ניט אַף, מײַן זון. אַ קראַנקער מענטש איז געגאַנגען אַזוי ווײַט. דו ביסט דאָך זײַן לעצטע האָפענונג... פאַרגעס קיינמאָל ניט, מײַן קינד, אַז ווען דײַן טאַטע וואָלט געהאַט אַף אַ דאָקטער, וואָלסטו ניט געווען קיין נאָמען נאָך אים...

אַ פאַרכידעשטער פרעגט ער:

— מאַמע, די קראַנקע איז שוין אַמאָל געווען בא מיר?

— ניין, קיינמאָל ניט.

— ווייסטו ניט, ווער זי איז?
— פאַרוואָס זאָל איך ניט וויסן? רעב נאָסן לאַנדעס שנור.
— איווע? איווע? — פרעגט ער צוויי מאָל איבער דערשטוינט.

די מוטער פאַריכט דעם שוואַרצן שאַרף אַפן קאָפּ, פאַרשאַרט די זילבערנע האָר, און די נאַכעס־טרערנדיקע אויגן ווערן גלײַך טרוקן: באַ איר לעבן וועט דאָס ניט געשען. זאָל ער שוין בעסער פאַרבלײַבן אַן אַלטער באָכער. זי וועט ניט דערלאָזן, אַז איר זון, אַף וועלכן זי האָט אָפּגעגעבן דאָס לעבן, זיך פאַר גאָרנישט ניט אָפּגעשטעלט, גאָרנישט ניט געווען צו שווער און טײַער, זאָל נעמען אַ גרושע מיט אַ קינד. אויך פריִער איז ער געווען אָן אָפּטער ארײַנגייער צו די לאַנדעס. זי האָט געקוקט אַף דעם דורך די פינגער. נאָר די לעצטע כאַדאָשים איז ער געווען מער דאָרטן, ווי באַ זיך אין דער היים. ניט איין מאָל, אין דער צײַט פון איוועס קרענק, האָט זי אים געטראָפן דאָרט באַנאַכט זיצן הינטער דער טיר און דרעמלען אַפן בענקל. ער האָט געהאַט איין ענטפער:

— זי איז דאָך מעסוקן קראַנק. הײַנט־מאָרגן דער קריזיס.

— באַ וועמען? — האָט זי אים געפרעגט.

— וואָס הייסט באַ וועמען? באַ דער קראַנקער.

— און איך האָב געמיינט, אַז באַ דיר...

און פלוצעם, צוריק מיט אַ פּאָר וואָכן, האָט ער מיטאַמאָל גאָר אויפגעהערט צו גיין אַהין. וואָס דאָרטן איז געשען, ווייסט זי ניט. נאָר צופרידן פון דעם איז זי. מיסטאָמע האָט ער זיך געכאַפּט, אַז צו קיין גוטס וועט עס ניט ברענגען. און צוליב וואָס? אַ שיינע? קאַרג שיינע מיידלעך אין שטאָט? דעם פּראָפעסאָר עפּראַסעס טאָכטער איז שענער פון איר.

נאָר, צוזעענדיק ווי דער זון, דער דאָקטער, שטייט פאַר פרעמדע מענטשן אַ צעטראָגן־מעווולוול געוואָרענער, וויגט אין דער האַנט די פענסנע אַפן שנירל, פינטלט נאַריש מיט די אויגן, די פאַרבן בײַטן זיך אים אין פּנעם, זאָגט זי:

— וואָס זשע שטייסטו? גיי ארויס באַגעגענען.

און צו די איבעריקע, בעעמעס האַרציק:

— קומט, ליבע געסט, טרינקען אַ גלאָז טיי, לאָזט זיך ניט בעטן.

— אָט דאָס האָסטו מיר געבראַכט אַף דײַן שיין וועגעלע אין דעם שיינעם לאַנד? — פאַלט אָן יִיצכאָק באַיאַר אַף אַקיווען, ווען דער דאָקטער מיט דער מוטער זײַנען ארויסגעגאַנגען. — דו זיצסט זיך אַף דײַן שיין וועגעלע, האַלטסט אַ מענטשלעכן שאַרבן אין דער האַנט און שמייכלסט מיט כויזעק...

— רעב יִיצכאָק, גאָט איז מיט אײַך.

— מיט מיר איז ער אוודע, נאָר צי איז ער מיט דיר? דער שאַרבן אין דײַנע הענט איז ניט נאָר כילעל־האַשעם, נאָר קוידעמקאָל כויזעק פון זיך אַליין. פון איין זײַט, נײַע נעוויִים. אויך זי איז צווישן די נעוויִים. נײַע מוישע־ראַביינוס, דוווירע־האַנוויִעס, מ׳רופט נעמען נײַע לוכעס, מ׳פירט צו אַ נײַעם באַרג־סינײַ... ס׳שטעלט זיי גאָרנישט אָפּ — ניט די בליצן, ניט די דונערן. מ׳גייט קיין סיביר, מ׳גייט אַף דער טליִע... גאַסן, גאַנצע שטעט ווערן פאַרגאָסן מיט בלוט... און אַפן טיש שטייט אַ מענטשלעכער שאַרבן, און מ׳שיט אין אים דאָס אַש פון די ציגאַרן... שווײַג, אַקיווע, וואַרף ניט קיין רייד אַפן ווינט. מיר קוקן טאַקע דורך איין פענצטער, מיר זעען אָבער פאַרשיידענע וועלטן... דיר טוט ווי אַ פינגער, און מיר טוט ווי דאָס גאַנצע האַרץ. מיר פאַרשטייען זיך ניט... און איך וועל דיר זאָגן נאָך בעסער: מיר קענען זיך ניט. איך ווייס, לעמאָשל, ניט, ווער איר זײַט?

און יִיצכאָק באַיאַר, ניט קוקנדיק אַף אַקיווען, נעמט דעם טאַלעס־און־טפילן אונטער דעם אָרעם: — קום, אווראָם, צו דיר, מײַן זון, האָב איך גאָרניט... צום דאָקטער וועלן מיר נאָך ארײַנגיין. כ׳האָב אים געבראַכט אַ קליינע מאַטאָנע — אַ ביסל אַנטאָנאָווער עפּל. קום, מײַן זון, רוף מיר ארויס איוועןֹ, מ׳דאַרף זיך מיט איר זען. זי איז מיסטאָמע געקומען נאָך אַ גרוס פון דער היים. גיי, זאָג איר, אַז מ׳האָט די מאַמע פון שטריק ארויסגענומען. גיי דערצייל איר, גיי גיב איר איבער אַ גרוס...

נאָר דאָ איז ווידער ארײַן דעם דאָקטערס מוטער. זי וועט די אָרכים פון איר שטוב ניט ארויסלאָזן אָן אַ גלאָז טיי. און יִיצכאָק מיטן זון זײַנען ארײַנגעפירט געוואָרן אין יענעם צימער — צו די יונגלײַט מיט די בלייכע פּנעמער און ברענענדיקע אויגן. יענער, וואָס מיט דעם אויפגעהויבענעם קאָפּ, מיטן וואַלד האָר, מיט די געפּוצטע שוואַרצע וואָנצן און קאַמעץ־בערדעלע, האָט עפּעס שטילערהייט אײַנגעטײַנעט מיט איוועןֹ. יִיצכאָק האָט דערהערט, ווי איווע ענטפערט אים:

— איך וועל אים גאָרנישט ניט זאָגן. איר קענט ניט דעם יִידן.

דערהערנדיק אירע רייד, טוט דער באַיאר א שמוך אין דער באָרד אַרײַן: „פּאַרט אייגן בלוט". און ווען איוווע גייט צו צו אים, נעמט אים ארום, ווי איר אייגענעם טאַטן, נעמט זי יִיצחאָק אָן באַם עלנבויגן, ווי ער טוט עס טאָמיד מיט א גאַר ליבן און נאָענטן מענטשן, און זאָגט:

— א גרויסן דאַנק גאָט, וואָס איך זע דיך א געזונטע. כ'האָב געהערט, אַז דו ביסט געווען שטאַרק קראַנק. אין דער היים איז קיין נײַס ניטאָ. אַלע זײַנען געזונט. ביילע האָט אין א גוטער שאָ געהאַט א פּאַרל — צוויי מיידלעך. — און יִיצחאָק גיט איר איבער א בעאַריכעסדיקן גרוס פון יעדן באַזונדער. נאָר פון נעכטן רעדט ער ניט. איוווע פרעגט אים אויך ניט וועגן דער מוטער. זי גייט צו צו דעם קאַכל־אויוון, שפּאַרט זיך אָן מיט ביידע הענט אָן אים, און בלײַבט אַזוי שטיין מיט דער פּלייצע צו דער שטוב:

— הא, א וואַרעמע הרובע, גוט. כ'בין א ביסל דערפרוירן געוואָרן.

אכוץ דעם דאָקטער, זײַן מוטער און אקיווען ווענדט אָף איר קימאַט קיינער קיין אויפמערק־זאַמקײַט ניט. אַלע איבעריקע זײַנען שטאַרק פאַרנומען מיטן דאַרפסייד, וואָס זיצט אינעם פּעלצל מיט דער גרינער קרײַקע, דאָס אויסגעריבענע סויבלנע שטרײַמל אָף דער זײַט, מיט טאַלעס־און־טפילין אונטערן אָרעם און טרינקט הילכיק די גלאָז טיי. ער זיצט אָפן שפּיץ בענקל, ווי איינער, וואָס קומט אָפּ א שטראָף, ער זופט הילכיק די טיי און דערציילט דערבײַ איוווען, ווי יענע וואָך האָט זיך בא אים געקעלבט די בעהיימע, ווי דער טאַטע אירער, גאַוורי'על, האָט די לעצטע צײַט אָנגעהויבן גיין מיטן אַלטן פּאַרעץ, מיט באַגושעווסקין, אין וואַלד אַרײַן שיסן האָזן... ווי דער מומע ליבעס מאַן שמאַריע האָט הײַנטיקן זומער, גייענדיק פונעם יאַריד דורכן וואַלד אַהיים, זיך באַגעגנט דאָרט מיט א שעד. שמאַריע שווערט בא אַרבעקאַנפעס, אַז ס'האָט זיך אים ניט אויס־געדאַכט.

יִיצחאָק באַיאַר זעט אָבער גוט: אָט די עטלעכע יונגעלײַט, באַזונדערס אָט דער, וואָס מיטן וואַלד האָר, מיט די געקעכלטע וואָנצן און קאַמעץ־בערדעלע, וועלן אים אַזוי גיך פון שטוב ניט אַרויסלאָזן. זיי קלײַבן זיך ווידער פאַרפירן דאָס פרי'ערדיקע געשפּרעך פון אָנהייב. רוקט יִיצחאָק אָפּ די גלאָז ניט דערטרונקענע טיי, קלאַפּט לאַנג מיט די פינגער איבערן טיש און זאָגט:

— ראַבויסײַ, איר אַלע האָט געטאָן פאַר מיר זייער א סאַך, וואָס איז דאָ שײַעך צו ריידן. זאָל גאָט זײַן מיט אײַך אין אַלע אײַערע וועגן. איך ווייס אויך, אַז דאָס, וואָס איר ווילט פון מיר, טוט איר דאָס פון גוטן האַרצן, ווײַל בעעמעס, וואָס זײַט איר מיט מיר? כ'ווייס אויך, אַז איר ווילט מיר, כאַלילע, ניט צאַפּן דאָס בלוט. איר זײַט אויך ניט געקומען אהער מיר שווארצן דאָס פּאָנעם. וועל איך אײַך דערציילן א געשיכטע, וואָס איז זיך אַמאָל פאַרלאָפן אין אונדזער מישפּאָכע. נאָך דעם וועלן שוין אַלע רייד זײַן איבעריק. הערט, ראַבויסײַ! מײַן עלטערזיידע אָשער, אַלעוו־האַשאָלעם, פון דער מאַמעס צאַד, האָט געהאַט א ברודער טאָדרעס, אַלעווהאַשאָלעם. אין דער מישפּאָכע האָט מען אים גערופן „באַלמויפעס". דאָס איז געווען, ער זאָל מיר מויכל זײַן, זייער א פּראָסטער ייִד. ער האָט ניט געהערט צו ראַבאָ־באַר־באַר־כאָנעס געגנדז. פּאַרן שלאָף פלעגט ער בענטשן, און נאָכן עסן לייענען קרישמע. פרײַטיק־צונאַכטס פלעגט ער נאָכן קידעש נעמען דעם פידל, אוועקגיין אָף א וועטשורקע און שפּילן דאָרט ביזן ווײַסן טאָג אַרײַן. ער איז געווען קאַל־יאַמאָוו א שנײַדער. אָבער אַזא באַלמעלאָכע, וואָס אין אים האָט געטליִעט דער געטלעכער פונק פון דעם גרויסן בעצאַלעל. פאַראַן אין אונדזער מישפּאָכע א סאַך אַזעלכע. פון שמאַטעס האָט ער געקאָנט מאַכן ביגדיי־מאַלכוס. מיט איין וואָרט — פון זאַמד פלעגט ער דרייען פּאָדעם. גענייט האָט ער פאַר אַלע פּריצים און סראַרעס. אים איז געווען אַלצייַנס, פאַר וועמען צו נייען: פאַר זכאָרים צי פאַר נעקייווועס. א מאָס פלעגט ער אַראָפּנעמען אָפן אויג. איצט פאַרשטייט איר שוין, פאַרוואָס מ'האָט אים גערופן באַלמויפעס? גייט זיך דאָס לעבן שטיל, ווי זאָגט מען: א טאָג אַרײַן, א נאַכט ארויס, די מאַשין נייט, דאָס לעבן גייט. נאָך א קליידל, נאָך א בעגעד. טאָדרעס, אַלעוו־האַשאָלעם, איז שוין געווען אין די יאָרן, קאָרעוו צו שמוינים. נאָך א שפּאַן, נאָך א טראָט, און דער באַלמויפעס וואַלט אַראָפּ מיט קאָוועד, מיטן פּאָדעם אָף דער ליפּ, אין קייווער אַרײַן. טרעפט אָבער א מײַסע, — יִיצחאָק באַיאר טוט א קרעכץ, — וועמען לאָזט עס דאָס לעבן אַראָפּ גלאַט אַזוי אין שוויל־טאַכטיִע אַרײַן, אַז מ'זאָל אים פרי'ער ניט אָנכאַפּן באַם גאָרגל און מיט שאַרפע נעגל שטיקן און וואַרגן?.. איוווע, דערצייל דו ווײַטער. אַמאָל פלעגסטו כאַנעקע, צום ערשטן ליכטל, זייער שיין דערציילן.

און יִיצחאָק באַיאַר קלאַפּט זיך אָן דאָס ציבעקל, פאַררייכערט און בלײַבט זיצן מיט צוגע־מאַכטע אויגן. דרייען אַלע אויס די קעפּ צו איוווען. טוט זי א שאָקל מיטן קאָפּ — זי וועט דערציילן. פאַר איר טראָגן זיך אדורך יענע ווינטערדיקע כאַנעקע־אָפּדערנאַכטן. אָפן טיש ליגט דער באַרג הייסע הרעטשענע לאַטקעס, איבערגעדעקט מיט האַנטעכער, ס'שטייט דער טאָפּ געגנדזענע גריוון. די זיידעס הערן אוף צו שפּילן מיט די אייניקלעך אין דריידל, די עלטערע באַהאַלטן די קאָרטן. און זי, איוווע, דערציילט די געשיכטע. נאָר דעמלט איז לעבן איר געזעסן דאַני'על... אָבער צוליב



יִצכאָקן, וואָס אים איז שווער פאַר פרעמדע צו פאַרענטפערן זיך און צו דערקלערן, און אויך פון וועלן אַף א ווײַלע איבערטראָגן זיך אַהין, אין איר שיינער יוגנט אַרײַן, רוקט זי זיך אַרײַן טיפער אין שטול, פאַרמאַכט אויך, ווי יִצכאָק, די אויגן און זעצט פאָר:

— אין איינעם א טאָג שיקט דער אַלטער פּאָרעץ, דער גראַף באָגושעווסקי, נאָכן שנײַדער, נאָך אונדזער טאָדרעסן, אָלעווהאַשאָלעם, און זאָגט צו אים אַזוי: מ'דאַרף אופּנייען פאַר מײַן טאָכטער א קלייד. שיקן קיין פּאַריזש נייען — אַף דעם איז קיין צײַט ניטאָ. נאָר טאָמער פּאַטערסטו די מאַטעריע, וועט דאָס דיר קאָסטן אַלע פינגער פון דער רעכטער האַנט. די מאַטעריע האָט מען מיר געבראַכט אַזש פון פּערסיע. ענטפערט אַף דעם דער באַלמויפּעס:

— אַדויני פּאָרעץ, אַף ווען דאַרף פאַרטיק ווערן דאָס קלייד?

— איך יאָג דיך ניט, — זאָגט דער גראַף, — דו האָסט נאָך צײַט גענוג. מ'וועט דיר אוועקשטעלן דײַן מאַשין אין א באַזונדער ציידער, מ'וועט דיר געבן אַלץ, וואָס דו דאַרפסט, און ניי.

און אַזוי איז געבליבן. מ'האָט באַוויזן טאָדרעסן, אָלעווהאַשאָלעם, די יונגע גראַפיניע, האָט ער זי אָפּגעמאָסטן מיטן אויג, און זיך גענומען צו דער אַרבעט. מיט איין וואָרט, צי ווײַל דער גראַף האָט אים אַזוי אָנגעשראָקן, צי דער סאָטן־מעקאַטרעג האָט זיך דאָ אַרײַנגעמישט, נאָר טאָדרעס האָט דאָס קלייד קאַליע געמאַכט. דער גראַף האָט ניט געשריִען, זיך ניט געבייזערט. נאָר דעם שנײַדער האָט מען טאַקע אַרויסגעפירט אין הויף אַרײַן, אוועקגעלייגט זײַן רעכטע האַנט אַף א קלאָץ און פאַרהייבן א גלאַנציקע שווערד. אַז טאָדרעס האָט דערזען — די שפּיל איז פאַרן טײַוול, דער אַלטער פּאָרעץ וועט האַלטן וואָרט, הייבט ער זיך אָן בעטן:

— אַדויני פּאָרעץ, אויב איך האָב געקאָנט קאַליע מאַכן דאָס קלייד, וועסטו נאָך קאָנען שפּעטער מיט דרײַ טעג מיר אָפּהאַקן די האַנט. איך וועל פון דיר אינערגעץ ניט אַנטלויפן. איך האָב א זון, ער איז נאָך טאַקע יונג, נאָר ער וועט דיר דאָס קלייד פאַריכטן. — איז דער פּאָרעץ מאַסקים. אַמאָליקע פּריצים האָבן געהאַט יוישער! הייסט ער אַרײַנוואַרפן דעם אַלטן שנײַדער אין קעלער און באַפוילט, מ'זאָל פאָרן ברענגען דעם יונגן, דעם זון. און דאָ הייבט זיך ערשט אָן די מײַסע־נוירע...

— גוט, איווע, גוט, — הייבט אונטער יִצכאָק א ברעם. — רו זיך דו אָפּ א ביסעלע! — ער קלאַפּט אויס דאָס אַש פון ציבעק אָן א פיסל פון בענקל און דערציילט ווײַטער: — האָט מען דעם זון געבראַכט — דאָס איז געווען טאָדרעסעס מיזיניקל יאָנטל, דער בען־זקונים פון דריטן ווײַב. יאָנטל איז געווען א שיינער באָכער, א פריילעכער יונגאַטש, א לעב־יונג. ער איז ניט געווען, כאָלילע, קיין סאַמאָראָדנער שיקער, נאָר דעם ביטערן טראָפּן האָט ער ליב געהאַט. כאָטש יאָנטל, זיכרוינע־ליווראָכע, האָט געהאַט גאָלדענע הענט, כאָטש אין זײַן יעדן פינגער איז געלעגן א שטיק קישעף, נאָר פאַר פּריצים האָט ער ניט געוואָלט נייען. ער האָט גענייט נאָר גראָבע זאַכן: סוויטקעס, סערמענגעס, פעלצן, וואַטאָווע לײַביקעס — פאַרן פּראָסטן פּויער, מיט זיי טאַקע פלעגט ער מאַכן קידעש. האָט ער באַטאָג געאַרבעט, און באַנאַכט — געגאַנוועט פערד. יאָ, ער

איז געווען א פערד־גאנעוו. אין אָט דער מעלאָכע איז ער אויך געווען א גרויסער מומכע. ער האָט איינמאָל, אינמיטן העלן טאָג, ארויסגעפירט א פערד פון א ציגײַנערשן טאַבאָר, פארשטייט איר דאָך שוין... אז יאַנטל איז געקומען צום פּאָרעץ, דערהערט, אין וואָס פאר א סאַקאַנע זײַן אַלטער טאַטע איז, האָט ער גענומען באַטראַכטן דאָס קאַליע געמאַכטע קלייד. ער האָט עס לאַנג באַטראַכט, באַקוקט, געמאָסטן, דערנאָך א פּײַף געטאָן און געהייסן ארײַנרופן די יונגע גראַפיניע. ער האָט יאָ פון איר ארויסגענומען א מאָס און מיט א געזאַנג זיך אוועקגעזעצט צו דער מאַשין. א קאָל האָט ער געהאַט — די זיסקײַט אליין. אין דרײַ שאָ ארום איז דאָס קלייד פאַריכט געוואָרן. די יונגע גראַפיניע איז געווען אפן זיבעטן הימל. האָט דער גראַף באַפוילן ארויסלאָזן דעם אַלטן שנײַדער פון קעלער. ביידן — דעם טאַטן מיטן זון — אָנגעגעבן מאַטאָנעס, און מיט קאָוועד זיי אָפּגעלאָזט אהיים. נאָר דאָ, ראַבויסײַ, הייבט זיך ערשט אָן דער טאָך, דער איקער פון דער געשיכטע. ביז אהער איז עס געווען, ווי זאָגט מען, די פאָרשפּיל... פון יענעם טאָג אָן איז אָבער דעם גראַפס טאָכטער געוואָרן אויס מענטש. זי האָט אָנגעהויבן אײַנפאַלן, דאַרן, ביז זי איז גאָר געבליבן ליגן צום בעט. אין פּאַלאַץ איז געוואָרן א גרויסע בעהאָלע. דער אַלטער באָגושעווסקי האָט ארויפגעבראַכט די גרעסטע לאַנד־דאָקטוירים. נאָר קיינער פון זיי קאָן מיט גאָרנישט ניט העלפן. אז א מענטש קלאָגט זיך אף גאָרנישט ניט. דער אַלטער באָגושעווסקי רירט זיך שיר ניט פונעם זיינען. אוועלכער פּאָטער קאָן עס צוקוקן, ווי זײַנס א קינד, אָן איין־און־איינציקע טאָכטער, גייט צו גרונט...

באַ די לעצטע ווערטער טוט באַ יִיצכאָקן א ציטער דאָס קאָל. פון זײַן ברוסט רײַסט זיך ווידער ארויס א קרעכץ, און ער דרייט אויס דעם קאָפּ צו איווען.

— האַקלאָל, — כאַפּט אונטער איווע, — דאָס מיידל גייט אויס, ווי א ליכט. זי צאַנקט, ווי דער שניי אום וועסנע. איז דרײַ טעג און דרײַ נעכט דער גראַף פון איר ניט אָפּגעטראָטן: זאָל זי אים זאָגן, וואָס פאַרלאַנגט זי, וואָס איז איר באַגער? זאָל זי נאָר זאָגן, וועט איר דאָס טעלערל פון הימל דערלאַנגט ווערן. האָט זיך די טאָכטער צעוויינט און אופגעעפנט פאַרן פּאָטער דאָס האַרץ. זי איז פאַרליבט אינעם שנײַדער־יונגן! האָט עס דעם אַלטן גראַף א דונער געטראָפן. די גרעסטע סראָרעס, די גרעסטע מעיוכאָסים, די רײַכסטע פירשטן און מאַגנאַטן שלאָגן אָפּ זײַן שוועל, לעכצן נאָך זײַן טאָכטערס א בליק — איר שיינקײַט רימט דאָך איבער דער מעדינע. און דאָ, נאַ דיר גאָר... א זשידליק, א שנײַדערוקל, א פערד־גאַנעוו. א פינצטערער ביזויען פאַר דער וועלט. דער אַלטער פּוילישער גראַף מיטן אַלטן פּוילישן האָנער וויל אפילו וועגן דעם ניט הערן. דאָס וועט קיינמאָל ניט זײַן. נאָר די טאָכטער ברענט. זי וועלט פון טאָג צו טאָג שווארצער, אָט בלײַבט פון איר א האָלעווועשקע... און דער אַלטער גראַף האָט זיך געבראָכן, ער האָט אוועקגעשיקט נאָכן שנײַדער־יונג א קאַרעטע מיט פיר פערד געשפּאַנט נאַשפּיץ. יאַנטל האָט ניט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס טוט מען אים אָן אַזא קאָוועד. מינאַסטאַם האָט דאָס קלייד שטאַרק אויסגענומען אף א באַל און מ׳וויל געוויס נייען נאָך אַזא קלייד. אָבער נאָך מער האָט אים פאַרכידעשט: דער אַלטער גראַף אליין, ביכוווידוי אוווּעצמוי, איז אים ארויס באַגעגענען. דער גראַף קוקט אף אים לאַנג, דערנאָך נעמט ער אים, יאַנטלען, פירן און באַווײַזן דעם פּאַלאַץ. גייט ער ארום, יאַנטל, איבער די גרויסע רײַכע כאַדאָרים, ווי אין א כאָלעם. די ווענט זײַנען באַהאַנגען מיט טעפּעכער, מיט ביקסן, הירשן־קעפּ מיט גרויסע הערנער. אומעטום גאָלד און זילבער, טײַערע אַנטיקלעך, זײַד און סאַמעט — אַלץ פאַרכאַפּט דאָס אויג און דאָס האַרץ. אז דער פּאָרעץ האָט אים שוין באַוויזן, נעמט ער יאַנטלען אונטער דער האַנט און פירט אים ארײַן אין א כיידער־מעיוכעד, זעצט אים אוועק באַ א געגרייטן טיש, אפן טיש איז געווען אַלדאָסגוטס, פון וואָס א מויל קאָן נאָר אויסריידן. דער גראַף גיסט אָן צוויי גילדערנע בעכער מיט ווײַן. איינעם דערלאַנגט ער יאַנטלען, דעם צווייטן נעמט ער זיך: — נו, זאָגט ער, דו ביסט געבוירן געוואָרן אין א זײַדן העמדל... טרינק! נאָכן בעכער ווײַן איז יאַנטל שוין גאָר אינגאַנצן פאַרקישעפט געוואָרן. אַזא ביסל מאַשקע האָט ער נאָך קיינמאָל ניט געהאַט אין זײַן מויל. ער פּילט, ווי א זיסע וואָרעמקײַט צעגייט זיך אים איבער אַלע איוורים. פּלוצלינג טוט אים דער גראַף א פרעג:

— יאַנוש, וואָלסט א באַלן געווען צו פאַרמאָגן אַזא פּאַלאַץ?

שמייכלט ער, יאַנטל, דער פּאָרעץ כויזעקט. מיילע, זאָל ער אים רופן „יאַנוש“. אַלע רײַכע האָבן ליב אָפּצושפּעטן פון א קאַפּצן, ביפּראַט נאָך א גראַף. און דערצו נאָך פון א יידן. מיסטאַמע איז אפן אַלטן פּאָרעץ אָנגעפאַלן א מאָרעשכוירע, האָט מען פאַר אים צוגעטראַכט אַזא מין סאָרט פאַרווײַלונג. יאָנטלען פאַרדריסט עס אוואַדע ביז גאָר, נאָר וואָס קאָן ער טאָן? אז מ׳פּאַלט ארײַן אין וואַסער, קלאָגט מען זיך ניט, אַלעמײַ ס׳גיסט א רעגן... שווײַגט ער, יאַנטל. ער וואַרט, וואָס וועט דאָ ווײַטער זײַן. און דער גראַף גיסט אים דערווײַל אָן נאָך א בעכער ווײַן, שוין פון א צווייטן מין, און פרעגט:

— יאַנוש, דו האָסט דאָך מײַן טאָכטער געזען?

— גענוג, — שטאמלט יאַנטל, — וואָסי דען?

— זאָג, יאַנוש, זי געפעלט דיר?

טרינקט יאַנטל אויס דעם בעכער ווײַן, גיסט זיך אַליין אָן נאָך איינעם, קערט אים איבער אין מויל אַרײַן, און גיסט אָן נאָך איינעם. יאַנטל, ווי געזאָגט, האָט געקאָנט נעמען אַ ביסל ברענענדיקן ווײַן. קיין שיקער איז ער ניט געווען, נאָר צווישן כּעוורע האָט אים דאָס פּאָנעם ניט געפלאַמט.

— איך בין, — זאָגט ער, — טאַקע אַ שנײַדער. מ׳זאָגט אַפילו, אַז איך בין אַ פערד־גאַנעוו, נאָר כּויזעק האָב איך פײַנט. זאָל מיך דער יאַסנעוועלמאָזשנע פּאַן אַפּלאָזן אַהיים.

און יאַנטל הייבט זיך אויף. נעמט אים דער גראַף אָן בײַ דער האַנט:

— דײַן ווירדע געפעלט מיר!.. זעץ זיך אַוועק און הער גוט. דו ביסט געבוירן געוואָרן אונ־טער אַ גליקלעכן שטערן. מײַן איין־און־איינציקע טאָכטער האָט זיך פאַרליבט אין דיר. אַלע מײַנע גיטער, מײַן גאַנץ האָב־און־גוטס געהערן פון הײַנטיקן טאָג צו דיר. נאָר דו דאַרפסט איבערגיין אין אונדזער גלויבן. — און דער גראַף כאַזערט איבער די רייד איין מאָל, צוויי מאָל און דרײַ מאָל. זעט שוין יאַנטל: ס׳איז ניט קיין שפּאַס און ניט קיין לעצאָנעס. דער פּאַרעץ רעדט ערנסט. הייבט ער אָן, יאַנטל, צו פאַרשטיין, אין וואָס דאָ גייט און וואָס מ׳פאַרלאַנגט פון אים... קוקט ער אַרײַן דעם גראַף גלײַך אין די אויגן און ענטפערט:

— ניין!

בלײַבט דער גראַף זיצן געפּלעפט — וואָס הייסט? ער, דער יאַסנעוועלמאָזשנע פּאַן, וויל אָנטאָן אַזאַ קאָוועד עפּעס אַ ייִדליק, ער וויל אים אַוועקגעבן זײַן טאָכטער פאַר אַ ווײַב, זאָלבן אים פאַר אַ הערשער איבער אַלע זײַנע מאַיאָנטקעס און גיטער; פון אים, פון דעם אַלטן גראַף באָגושעווסקי, וועט די גאַנצע וועלט לאַכן, האַלטן אים פאַר אַ מעשוגענעם, פאַר אַ כאַסערדייע; ער, דער גראַף, גייט אַף דעם אײַן, וויל נאָך אָט דער שלעפער ניט?.. און עס צינדט זיך אָן אין אים דער האָנער, די גרויסע רעציכע. אָבער וואָס מער ער רעדט, שרײַט, שרעקט און וואָרנט, אַלץ אײַנגעאַקשנטער ווערט יאַנטל, און מ׳קאָן מיט אים גאָרנישט ניט מאַכן. מ׳קאָן אים מיט גאָרנישט ניט נעמען. מאַכט דער גראַף אַ פאַרצווייפלטן שריט: ער פירט אַרײַן יאַנטלען צו דער טאָכטער און לאָזט זיי איבער איינע אַליין. און זי, די טאָכטער, ווי נאָר זי האָט דערזען דעם באָכער, זײַנען איר אַלע פאַרבן צוריק אין פּאָנעם אַרײַן. און יאַנטל? קיינער זאָל צו אַזאַ ניסויען ניט געבראַכט ווערן. פאַר זײַנע אויגן — די שיינקײַט אַליין, וואָס גאָט האָט באַשאַפן ערעוו־שאַבעס...

און דאָ, ווען איווע כאַפּט איבער דעם אָטעם און קלײַבט זיך דערציילן ווײַטער, דערהערן זיך האַנט־פּאַטשערײַען. איינער, אַ הויכער, מיט גלײַכע אַקסל, מיט לאַנגע שוואַרצע האָר און בלויע אויגן — דער יונגער דיכטער, וואָס רעדט מיט אַ קאָל פון אַ געווינערן, וואַרפט זיך מיט היס־פּײַלעס צו איוּוען און דריקט איר די האַנט:

— קאָלאָסאַל! איר זײַט אַ גאָטס געבענטשטע שוישפּילערן, אײַער קאָל קלינגט, ווי אַ האַרפע. ס׳אַרא ניואַנסן, ס׳אַרא מינאַר, ס׳אַרא מאַזשאַר. אײַער פּאָנעם פאַרמאָגט דאָך אַזויפיל אויסדרוק־פולקײַט... ס׳אַרא אינערלעך פײַער! און דערבײַ ס׳אַרא פּאַשטעס, ס׳אַרא פאָלקסטימלעכקײַט. אַזוי־פיל שיינער און גוטער הומאָר. ווונ־דער־באַר! און אײַערע אויגן... איר זײַט אַ געבוירענע אַקטריסע!

ייִצכאָק באַיאַר, וואָס האָט געהאַלטן דאָס פאַרלאָשענע ציבעקל אין מויל, די אויגן צוגעמאַכט, די גאַנצע צײַט זיך צוגעהערט: לאָזט זי, איווע, עפּעס, כאַלילע, ניט דורך, היפּערט זי עפּעס ניט איבער? די באַיאַרס היטן אַף די געשיכטעס פון זייער מישפּאָכע, ווי הייליקע מעגילעס. זיי גייען איבער פון דאָר צו דאָר, אַזוי ווי מ׳האָט זיי איבערגענומען פון די טאַטעס און זיידעס. קיין וואָרט ווערט ניט אַרויסגעוואָרפן און ניט געמינערט. נאָר אויב עמעצער גיט צו אַ נײַ, אַ שיין וואָרט, ווערט עס אַרײַנגענומען און עס ווערט שוין אַף ווײַטער טײַער געהאַלטן.

אַז ער, ייִצכאָק באַיאַר, האָט דערהערט די פּליעסקערײַען, עפנט ער די אויגן, פולע מיט טרויער. ער פאַרשטייט ניט, וואָס דאָ קומט פאָר! דערזען, ווי איינער דריקט איוּוען די האַנט, און דערהערט, ווי ער זאָגט איר: — „אַקטריסע“, קוקט ער שוין אויך אַף איוּוען מיט פאַרדרוס און מיט צאַר. איוּוס גאַנץ אויסזען, דעריקער אירע אויגן אָבער, זאָגן: איך בין דאָ גאָט די נעשאָמע שולדיק, איך ווייס אַליין אויך ניט, פאַרוואָס זיי פּליעסקען. — הייבט זיך דער אַלטער באַיאַר אויף, אַ געטראָפּענער אין זײַנע בעסטע געפילן, און שוין אָן אַ ברעקל דערעכערעץ און אַפשײַ פאַר אָט דער אַסיפע, טוט ער אַ קלאַפּ מיטן ציבעקל אָן טיש:

— מ׳שפּילט דאָ פאַר אײַך ניט קיין טעאַטער, מ׳דערציילט אײַך דאָ ניט קיין באָבעמײַסעס. מ׳האָט מיך אַרײַנגעפירט אַהער... געצוווּנגען מיך ענטפערן, טאָ הערט זשע אויס, מײַנע ראַבויסײַ,

ביזקל דעם סאָף. און יִיצחאָק בלײַבט שטײן, וואַרט ביז די שטילקײַט ווערט אופגעשטעלט, דערנאָך פאַרמאַכט ער צוריק די אויגן, די האַנט מיטן ציבעקל אָנגעשפּאַרט אין טיש:

— נאָר יאַנטל איז, ווי יוסף־האַצאַדיק, דעם ניסויען בײַגעשטאַנען. ער איז פון דאָרט אַרויסגעלאָפן. שטעלט אים דער פאַרעץ אָפּ:

— נו?

— ניין. — ענטפערט יאַנטל, זיכרוינע־ליווראָכע.

— וואָס זשע, מײַן טאָכטער געפעלט דיר ניט? דער פאַלאַץ איז פאַר דיר צו קליין?

בעקיצער, ס'האָט גאָרנישט ניט געהאָלפן. מ'האָט דעם פערד־גאַנעוו געהאַלטן פאַרשפּאַרט אין טײַערע כאַדאָרים, מ'האָט אים געטראָגן אַהין פון דעם טײַערסטן און פון דעם שענסטן, טאַקע נאָר פון פויגלמילך. שפּעטער האָט מען אים אַרײַנגעוואָרפן אין אַ פינצטערן נאַסן קעלער. די טאָכטער האָט אופגעהערט אינגאַנצן צו עסן און צו טרינקען. אין אַכט טעג אַרום האָט זי אויסגעהויכט די זינדיקע נעשאָמע. עפּעס אַ קלײניקײַט? באַ זיי ליבע... דער געהענעם אָף דער ערד...

— און וואָס איז געוואָרן מיטן באָכער? — האַלט ניט אויס דעם דאָקטערס מאַמע.

— דעם שנײַדער־יונג, דעם פערד־גאַנעוו, האָט מען לעבעדיקערהייט באַגראָבן אין קעלער. אונדזער מישפּאָכע רופט אים „דער קאָדעש".

יִיצחאָק באַאַר עפנט אוף די אויגן און הייבט אָן איבערבינדן די גרינע קרײַקע אָפן פעלצל:

— אַמאָליקע יאָרן האָט מען אַ צווײַג באַדאַרפט אָפּהאַקן, אַליין איז זי ניט אָפּגעפאַלן... מענטשן האָבן אַמאָל געלעבט טאַקע פראָסט, זייער פּאָשעט, נאָר אַליין איז מען געווען גרעסער, שטאַרקער. די נעשאָמע — טיפער! מ'האָט לעם אַ טײַך קיין ברונעם ניט געגראָבן... און די הײַנ־טיקע? זיי רוישן, ווי די אָסיקע־ביימער. פריִער באַגייט מען אַ פאַרברעכן, דערנאָך זוכט מען אַ טערעץ. דעריקער איז באַ זיי געפינען דעם טערעץ, זיי מיינען, אַז טערוצים קויפן אויס, אַז טערוצים פאַרענטפערן...

— רעב יִיצחאָק, איך וועל אײַך זאָגן נאָך צוויי ווערטער...

— פּאַני דאָקטער, — שטעלט אים דער באַאַר אָפּ מיטן אופגעהויבענעם ציבעקל, — איך ווייס, וואָס איר קאָנט מיר זאָגן. אַז ניט צוליב מאַיאָנטקעס האָט זי עס געטאָן, אַז זי האָט ניט געזוכט קיין פּעטן ביין באַ פּרעמדע טישן. ווען צוליב אַ פּעטן ביין, וואָלט איך דאָ ניט געזעסן און מיט אײַך קיין צוויי ווערטער ניט גערעדט. גלייבט מיר, מענטש איינער, אַז מיר טוט ווי דאָס האַרץ פאַר מײַן קינד... ניט ווייניקער פון אײַך.

באַ יִיצחאָקן טוען אַ ציטער די ווײַעס און די אויגן פאַרלויפן אים מיט טרערן. און דאָ, געכאַפּט די גינסטיקע רעגע, דערזען — דאָס האַרץ באַ דעם ווילד־פאַנאַטישן דאָרפסיִד איז געבראָכן געוואָרן, מישט זיך אַרײַן דער אַדוואָקאַט כאַנאַן איסײַעוויטש לעווי, וואָס שעמט מיט זײַן שאַרפן מויעך און גאָלדענער צונג, ער נעמט שיטן פײַערדיקע רייד אָף יִיצחאָקס קאָפּ. ער דערציילט ווי כיירוס איז געפײַניקט געוואָרן אין טפיסע, וועלכע נעגישעס זי האָט דאָרט געהאַט אויסצושטיין און איבערצוטראָגן, און ווי שווער ס'איז אים, דעם אַדוואָקאַט, אָנגעקומען מעוואַטל צו מאַכן דעם בילבל אָף אוראָמען.

יִיצחאָק שלאָגט אים ניט איבער, הערט אויס ביזן סאָף, און ווען יענער, דער אַדוואָקאַט, מיטן וואַלד האָר, מיט די שוואַרצע וואָנצן און קאַמעץ־בערדל, איז שטיל געבליבן און אַלעמענס אויגן זײַנען ווידער אָף אים, אָף יִיצחאָקן, אָנגעשטעלט געוואָרן, האָט ער געזאָגט:

— איך בין פאַר אײַך אַ באַלכויוו אָפן גאַנצן לעבן. אײַערע מײַסים דאַרפן אויסגעקריצט ווערן אָף אַ שטיין לעדוירעס־האַבאָיִם, איר האָט מעוואַטל געמאַכט אַ גרויסע גזירע... נאָר נעמען זי אַהיים, אָרעוו זײַן פאַר איר, דאָס קאָן איך ניט. איך טאָר עס ניט טאָן. זי טראָגט דאָך דער וועלט נײַע לוכעס. מ'וועט זי ניט אָפּשטעלן. ניט גרינג זײַנען זיי איר אָנגעקומען. זיי האָבן איר געקאָסט גענוג בלוט. מ'וועט זי ניט אָפּשטעלן. זי וועט אינמיטן וועג די לוכעס אירע ניט וואַרפן... איך קען די באַיאַרס גוט! נעמען זי אַהיים? ס'איז אַלציינס, ווי וועלן באַהאַלטן פײַער אין אַ סטויג היי... קום, אוראָם, געזעגן זיך, באַדאַנק דעם דאָקטער, באַדאַנק אַלעמען! דאָס גוטס, וואָס זיי האָבן דיר געטאָן, זאָלסטו קיינמאָל ניט פאַרגעסן. דײַנע קינדסקינדער זאָלן עס פאַרגעדענקען. קום, מײַן זון, קום. און צו דיר, איווע, האָב איך אַ באַקאָשע: גיב איבער דער מומע ליבע, אַז איך קלײַב זיך אין וועג אַרײַן. זאָל זי זיך ניט הײַנען. אויב זי בלײַבט, טאָ זאָל זי מיר, לעמאַנאַשעם, מוידיע זײַן. נו, זײַט מיר, מײַנע ליבע פרײַנט, אַלע געזונט, האָט אָף מיר קיין פאַריבל ניט. אַ גוטן־טאָג אײַך און אַ גוטן, פריילעכן טאָמיד.

(פאַרזעצונג קומט)



# די ערד איז וואך

ווו עס זאָל א מענטש ניט זײַן,
וואָס ער זאָל ניט טאָן,
קומט א צײַט, ער מידט זיך אײַן.
צײַט פאר שלאָף קומט אָן.

און אפילע דאָרט, פון אויבן,
אין די הימל-ספערן,
שליסט דער מענטש אויך צו די אויגן,
וויל אנשלאָפן ווערן.

איז א ראדיאָ געלאָפן —
ס'האָט גערעדט דער קאָסמאָנאווט:

— ס'איז שוין צײַט, איך לייג זיך שלאָפן,
האָט א גוטע-נאכט...

באלד האָט זיך די ערד פארטײַעט,
אויג און אויער אָנגעשפיצט
צו די הייכן צו די פרײַע,
ווו דער פליִער דרעמלט איצט.

אין דער וויג דער קאָסמיש ברייטער,
ווער האָט שלאָפן ווען געוואגט?
א פארזאָרגטע, א דערפרייטע,
קוקט אף אים די ערד און וואכט...

# אין פענצטער קלאפט מיר אָן א ליד

אין פענצטער קלאפט מיר אָן א ליד:
— טוק-טוק! ביסט מיד?
שטיי אוף פון שלאָף, שטיי אוף!
איך כאפ זיך אוף.
ווער רופט?
אמאָל איז דאָס א טויב,
מיט פליגל קלאפט זי אין מײַן שויב...
אמאָל איז דאָס א ווינטל בלויז.

עס וויגט קוים-קוים
די בלעטלעך פון דעם בוים
און קלאפט אָן לײַכט
אין פענצטער-גלאָז —
פון טויען פײַכט,
פון זונשטראל ראָז.
עס שמעקט מיט צוויט —
אין פענצטער קלאפט מיר אָן א ליד...

# פרילינגדיקס

דו זעסט, מע רײַסט שוין אפן טײַך דאָס אײַז.
און זײַל נאָך זײַל
זיך ברעכט מיט שטארקן קנאלן.
אלץ ברייטער ווערט דער ריינער קרײַז
פון וואסער. באפרײַט פון צוימען אלע,
פארכלינעט זיך מיט אָנגעלאָף פון שטראלן.

און טראכטסט בא זיך: אויב ס'איז באשערט,
עס זאָלן אופרײַסן נאָך הילכן אף דער ערד,
איז נאָר אזעלכע, ווי אָט די,
וואָס רײַסן הארטן אײַז אין פרילינגדיקן פרי...

# יאנקל יאקיר



געבוירן אין 1908 אין לעאָווע (מאָלדאָוויע).
אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1931. וווינט אין קעשענעוו.

## מיר — די בעסאַראַבער

...איי, די בעסאַראַבער, די קאַטאָוועס־טרייַבער...

שאָלעם־אַליכעם.

מיר, פריילעכע בעסאַראַבער, מיר, קאַטאָוועס־טרייַבער,
מיט הענט, ווי די האַמערס, און מיט בראָנזענע לייַבער.
מיר גייען מיט לידער פון דאָרף און פון שטאָט,
מיר האָבן געלאָזט זיך אף אָקטיאַבערס באַראָט.

געגאַנגען אַנטקעגן דעם בייזן געוויטער,
עלעהיי, ווי עס גייען צום קאָסיען די שניטער;
פאַרלאָזן די טאַטעס אין צאַר אייַנגעבויגן,
און מאַמעס פאַרקלעמטע, מיט טרערן אין אויגן.

מיר האָבן כאַסענעס געפּראַוועט אָן כופּע־קעדושן,
און פריילעכע סודעס בא אָרעמע טישן...
מיר האָבן געזונגען צווישן דניעסטער און פּרוט,
ניט איין מאָל פאַרזוכט די פּריצישע רוט.

איצט שמייכלען קינדער, פון קאַיאָר־שייַן באַהעלט...
א וועלט מיט אַרבעט! א ליכטיקע וועלט!..
איז וואָס, מייַנע טייַערע, אַז די האָר זייַנען גרוי,
נאָר יונג איז די פאָן! דער הימל איז בלוי!



## פון ליבנע־מאָטיוון

אוי, א פרעסטל — א מעכייַע!
מיט א זון און מיט א שניי,
ס'איז א שליטוועגס אף כאַריפעס,
פון פערליץ אזש ביז שאָלטיי [1].

אייַנגעשפּאַנט זיך פערד און שליטן,
זעץ דיך, ליבינקע, אַרייַן...
האָב ניט מוירע, שיינע מייַנע,
כ'האָב מיט זיך א פלעשל ווייַן!

מעג אין דרויסן זאַווערוכען,
און זאָל שיטן א זאַווײ,
קיינער זעט אונדז דאָ ניט, קיינער, —
סטעפּ און הימל, שניי און שניי...

אוי, א פרעסטל — א מעכייַע!
פון פערליץ אזש ביז שאָלטיי.
ס'קושט א באָכער הייס א מיידל,
עס צעלאָזט זיך אזש... דער שניי...

[1] פערליץ און שאָלטיי — נעמען פון מאָלדאַווישע דערפער.

# א באַקאַנטער ניגון

גוט איז צו שפּאַנען אַף דאָרפישע וועגן
שלאָפן באַנאַכט אַף קאָלווירטישע סטויגן.
געשמיסן פון ווינט און געבאָדן פון רעגן,
באַפרישן מיט טוי די פאַרשלאָפענע אויגן!..

כ׳בין דאָ קיין גאַסט ניט! כ׳בין ניט קיין
פרעמדער,
עס ווייסן די גראָזן, פוןביימער די שטאַמען.

עס האָבן געאַקערט די פעלדער מײַן מאַמע,
מײַן זיידע און באָבע אין לײַוונטענע
העמדער.

איך שפּאַן צווישן ביימן, מיך מאַניעט א ניגון,
א יידישער ניגון מיט מאָלדאַווישע טרעלן,
בלוי, ווי דער הימל, און גרין, ווי די לאָנקעס,
און ליכטיק אַזוי, ווי די זאַנגען די העלע.



מענדל ליפּשיץ

# מערער שײַן!

## א

פאַראַן גלײַכווערטלעך, וואָס מע דאַרף פאַרגעסן,
זיי זײַנען ניט קיין הילף אונדז, נאָר א שטער:
„וואָס קנאַפּער מענטשן, איז די שׂימחה גרעסער,
וואָס מערער אוילעם, איז דער טומל מער“.

אַצינד גאָר אַנדערע מיר זײַנען טײַער ווערטער,
פאַר זיי צו קעמפן בין איך גרייט:
דאָרט, ווו דאָס לעבן ברויזט, — א יונגער ווערט מען,
דאָרט, ווו אַן אומרו פלאַטערט, — דאָרטן איז די פרייד.

מיר דאַרפן נײַע ווערטער שלײַפן, טעסן,
זיי זאָלן עמעסדיקע וועגווײַזער אונדז זײַן —
„וואָס מערער מענטשן, איז די שׂימחה גרעסער,
וואָס מערער פענעמער, אַלץ מערער שײַן!“

## ב

עס וועט ניט העלפן זיי! ס׳וועט זיגן אונדזער ראָצן:
דער עמעס פון מײַן גרויסן וווּנדער־דאָר וועט שפּראָצן.
און ווי דער האַס פון סוינע וועט ניט גליִען,
די ליבע פון מײַן לאַנד וועט זיך צעבליִען.

רוף איך זינגען וועגן פרייד און ליבע,
וועגן עמעס, וואָס אַף אייביק בלײַבט ער איבער, —
דעמלט וועט ניט קאָנען שוין דער בייזער ווילן,
ווען ער וויל נאָר, מיט דעם מענטשנס לעבן שפּילן.

זאָל די רישעס פּראָוון דאָרט איר מאַלציַיט,
ווערן וועט זי סיַיווי אויסגעוואָרצלט.
אונדזער ווילן, אונדזער טריַיער שטאַרקער ראָצן
וועט ניט לאָזן, אַז דאָס בייז זאָל שפּראָצן.

און ווי דער האס פון סוינע זאָל ניט גליִען, —
די ליבע פון מיַין לאַנד וועט בליִען, בליִען.

ג

כ׳וואָלט ניט געווען א קינד, ווי אלע קינדער,
ווען ס׳וואָלט דער הימל פון מיַין קיניגריַיך
זיך אָפּשפּיגלען בלויז אין דעם פּאַסיקל פון טיַיך
און מיט די וויַיטע האָריזאָנטן זיך ניט בינדן...

נאָר ניין, מיַין הימל איז פון טאָמיד אָן אומענדלעך.
מיט שטראַלן פרייד און כמאַרעס צער,
געווען איז ער פאַר מיר אי קלאָר, אי בלענדיק,
און איך האָב אים מיט ליבשאַפט אָפּגעצאָלט דערפאַר.

כ׳וואָלט ניט געווען א מענטש, וואָס ווערט דעם נאָמען מענטש איז,
ווען ס׳וואָלט דער הימל פון מיַין קיניגריַיך
נאָר וויגן זיך אין שמאָלן פּאַסיקל פון טיַיך,
און ער מיט בריַיטקיַיט יאַמישער וואָלט ניט געבענטשט זיַין.

מיַין הימל איבער מיר איז אויסגעליַיטערט קלאָר,
ווי זונען צוויי — דער כאָלעם און די וואָר.

ד

...און דאַפקע איצט, ווען עס באַצירט מיַין קאָפּ די זילבער־גראָוקיַיט,
איך בענק, ווי אין דער יוגנט בענקען פאַסט,
איך לעב ניט וויַיט פון מאָסקווע, אין סאַלטיקאָווקע,
און זעלטן ווען עס קומט צו מיר א גאַסט.

די פרוי און קינדער — גאַנצע טעג פאַרנומען —
אין שול, אין גאָרטן, אין דער היים,
עס אַרט זיי ניט, וואָס פריַינט צו אונדז ניט קומען,
זיי טיַינען, ס׳איז זיי סיַיווי דער מעסלעס צו קליין...

נאָר איך, ווען די ציַיט איז דאַפקע אַזוי טיַיער,
איך פיל אָף מיַינע אַקסלען נאָך איר הייסן גאַנג,
איך פריי זיך מיט א פריַינט, ווי א דערפראָרענער מיט פיַיער,
ווי א פאַרבלאָנדזשעטן עס פרייט א וויַיטער קלאַנג.

אָ, דאַפקע איצט, ווען עס באַצירט מיַין קאָפּ די זילבער־גראָוקיַיט,
איך בענק, ווי אין דער יוגנט בענקען פאַסט,
וויַיל אין די קוסטעס זינגט דער סאָלאָוויי אין סאַלטיקאָווקע,
און בעט איַיך אלעמען צו מיר צוגאַסט.





# באָריס פּאָלעוואָי

געבוירן אין 1908 אין מאָסקווע. אָנטיילנעמער פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1927. וווינט אין מאָסקווע.

## די דעפיציטע [illegible]

דער בריגאַדיר פון דער קאָלאָנע שווערע לאַסט־מאַשינעס וואַסילי ריבניקאָוו, — דער זעלבער וואַסילי ריבניקאָוו, וואָס איז הײַנטיקן פרילינג באַוווּסט געוואָרן מיט זײַן אײַנפירן קאָנווייער־טראַנספּאָרטירונג פון בוי־מאַטעריאַלן, — האָט געהאַט אַ וווּנדערלעכע אייגנשאַפט, וואָס האָט זיך באַ אים אַרויסגעוויזן נאָך אין פראָנט: ער האָט געקאָנט אַנשלאָפן ווערן אין יעדער צײַט פון מעסלעס. ער פאַרמאַכט די אויגן און שלאָפט. מעג אַרום אים פאָרקומען ווער ווייסט וואָס. און אַז ס׳האָט זיך געפאָדערט, האָט ער טייקעף זיך אופגעכאַפּט מיט אַ לויטערן קאָפּ. די שאָפערן פון דער אויטאָ־קאָלאָנע, וועלכע האָבן זיך באַצויגן מיט אַכטונג צו זייער שעף, זײַנען גענייגט געווען צו דערקלערן מיט אָט דער אייגנשאַפט ריבניקאָווס זעלטענע אומדערמידלעכקײַט, זײַן קענען, ווען מע דאַרף, אָפּזיצן אין קאַבינע כאָטש מעסלעסן נאָכאַנאַנד און דערבײַ פאַרהיטן די פולע פרישקײַט פונעם געדאַנק, די מונטערקײַט און די רויִקײַט.

און אָט דער זעלבער ריבניקאָוו, וואָס האָט געקאָנט אַזוי לײַכט און גרינג אַנשלאָפן ווערן, מאַכט שוין דעם אַנדערן מעסלעס ניט צו מיט קיין אויג. געשען איז אָט וואָס: מיט אַ קורצער צײַט צוריק איז ער אַרויסגעפלויגן אַף דער אײַזנבאַן־סטאַנציע, וווּהין עס איז אָנגעקומען פאַר דער בויונג אַ נײַע פּאַרטיע „טעכניק“, ווי ער פלעגט זיך אויסדריקן. דער אַעראָפּלאַן, מיט וועלכן ער איז געפלויגן, איז געווען אַן אָפענער, דער וועטער אַ שלעכטער, און ריבניקאָוו האָט פאַרקילט די ציין. די רעכטע באַק איז שטאַרק געשוואָלן געוואָרן, האָט ער דעריבער באַשלאָסן זיך אומקערן אַהיים מיט דער שיף. און אָט איז שוין דער צווייטער מעסלעס, ווי ער איז אין וועג און קאָן ניט אַנשלאָפן ווערן. ער האָט שוין איבערגעפּרוּווט אַלע רעפּועס, וואָס ער האָט נאָר געקאָנט געפינען אין דעם שיף־אַפּטייקל: צוגעלייגט צו דער געשוואָלענער באַק אַ סטרוטשקע רויטן פעפער, ווי דאָס האָט אים געייצעט איינע אַן אַלטיטשקע, געשווענקט דאָס מויל מיט קאָניאַק, ווי עס האָט אים געהייסן דער בריגאַדיר פון די אוראַלער מאָנטאַזשניקעס, וואָס איז געפאָרן מיט אים אין איין קאַיוטע, און נאָכדעם אַפילע אויסגעטרונקען דעם קאָניאַק, ווײַל אַ דריטער פּאַסאַזשיר, אַ געאָלאָג, האָט פאַרזיכערט, אַז די בעסטע רעפּוע צו אַלע געשווילעכצן איז טרינקען קאָניאַק. ס׳האָט אָבער גאָרנישט ניט געהאָלפן. דאָס איינציקע, וואָס האָט עטוואָס געשטילט די אומדערטרעגלעכע ווייטעקן, איז געווען, ווי אים האָט זיך אויסגעוויזן, זײַן אַרומשפּאַנען איבער דער שיף.

און אָט שפּאַנט ער אַרום איבער דער דעק פון שיף, ווי אַ סאָלדאַט באַם וואַך־בײַדל, אַ ריזיקער מענטש מיט אַ וואַטניק אַף די אַקסל. און די קליינע דאַמפשיף שווימט זיך פּאַוואָלינקע איבערן קאַלטן טײַך, וואָס איז אײַנגעהילט אין אַ בייזן טיפהאַרבסטיקן נעפּל.

וואַסילי ריבניקאָוו האָט אַלץ און אַלעמען געזידלט. געזידלט זיך זעלבסט, לעמײַ ער איז ניט געפאָרן מיטן צוג. געזידלט דעם קאַפּיטאַן, וואָס האָט, ווי אים האָט זיך געדוכט, בעקיוון געפירט די שיף פּאַמעלעך, געזידלט די דורכדרינגלעכע האַרבסטיקע קעלט, די פּאַסאַזשירן, וועלכע זײַנען זיך געמיטלעך געזעסן אין סאַלאָן, געהערט ראַדיאָ, געשפּילט אין דאָמינאָ, געפירט

שמועסן און אפילו געלאכט. מאָדנע מענטשן! ווי קאָן מען עס זײַן אזוי זאָרגלאָז און ניט באַמערקן, אז דאָס פּאַסקודנע מולטערל, די שיף, אזוי צו זאָגן, שטייט קימאַט אַף איין אָרט, א פאַרזונקענע אינעם רעגנדיקן נעפּל!

באַזונדערס האָט אים ארויסגעבראַכט פון געדולד די קליינינקע דארינקע אלטיטשקע, וועלכע האָט אים געראַטן צולייגן פעפער צו דער געשוואָלענער באַק. ער האָט באַמערקט: ווו נאָר א רעדל, איז זי דאָרט פאַראַן. אלץ האָט זי געוווּסט, אין אלץ זיך ארײַנגעמישט, מיט אַלעמען פאַרפירט א געשפּרעך. די גאַנצע צײַט איז איר פּוסטריט נאָכגעגאַנגען א שוואַרץ־אויגיק מיידעלע פון א יאָר זעקס — א שטײַף, פאַרבראַוינט קײַלעכדיק מיידעלע, ווי א גלאַנציק ניסעלע.

אָט האָבן זיי ביידע, די אלטיטשקע און דאָס מיידעלע, זיך צוגעזעצט צו די לענינגראַדער מאָנטאַזשניקעס, וואָס האָבן געשפּילט אין דאָמינאָ. „נו, וואָס דאַרף זי דאָרט? וואָס פאַרשטייט זי אין דער שפּיל? און ביכלאַל, ווּהין שלעפּט זי זיך מיט א קינד אַף א שיף אין אזא קעלט? בעסער וואָלט זי געזעסן אין דער היים, געפּלאַפּלט מיט די שכנים“, — האָט געטראַכט ריבניקאָוו, האַלטנדיק זיך בא דער אופגעלאָפענער פּולסירנדיקער באַק.

ווי נאָר ס'איז אים געוואָרן עטוואָס לײַכטער, איז ער, א דערפּרווירענער, ארײַן אין סאַלאָן.

די מאָנטאַזשניקעס האָבן שוין געהאַט געענדיקט שפּילן אין דאָמינאָ. די ראַדיאָ איז געווען אויסגעשלאָסן. קימאַט אלע פּאַסאַזשירן פון סאַלאָן האָבן זיך פאַרזאַמלט ארום דער אלטיטשקער, וואָס איז געזעסן מיטן מיידעלע אַף די הענט. דאָס קינד איז געשלאָפן, אָנגעשפּאַרט דאָס קעפּל מיט צוויי שטאַרצנדיקע דינינקע צעפּעלעך דער אלטיטשקער אפן אַקסל. אלע האָבן זיך אופמערקזאַם צוגעהערט צו דעם, וואָס די אלטיטשקע האָט דערציילט. ס'איז געווען פּונקט די שאָ, ווען מע גיט איבער די לעצטע נײַס, האָט וואַסילי אײַנגעשלאָסן די ראַדיאָ. נאָר אלע זײַנען אַף אים אָנגעפאַלן, ווײַזט אויס, דער שמועס האָט זיי פאַרינטערעסירט.

— און איך, באָבעניו, האָב געמיינט, אז נאָר צוויי וואַנדערנדיקע פעלקער זײַנען פאַרבליבן בא אונדז אין לאַנד: מיר, די געאָלאָגן, און די ציגײַנער, — האָט מיט א באַס־שטים זיך אָנגערופן דער הויכער דאַרער מענטש מיטן שטאַרצנדיקן קנאָפּ אין גאָרגל, וועלכער האָט געהאַט פאַרזיכערט ריבניקאָוון, אז קאָניאַק איז די בעסטע רעפואה צו אלע געשווילעכצן. — ווײַזט זיך גאָר ארויס, אז עס איז דאָ א נײַ וואַנדער־פאָלק — א וואַנדערנדיקע באָבע.

— לאַך ניט, טײַערינקער, לאַך ניט. זאָג מיר בעסער, ביסט א כאַסענע געהאַטער? קינדער האָסטו? און דאָס ווײַב אַרבעט? ניין? נו, ווײבאַלד אזוי, איז גאָר עפּעס אַנדערש, וועסטו מיך, טײַערער, ביכלאַל ניט פאַרשטיין. און איך האָב געהאַט פיר זין. דער עלטערער זון, אָט איר טאַטע, הייסט עס, — זי האָט דערבײַ צאַרט א גלעט געטאָן דאָס שלאָפנדיקע קינד איבערן קעפּל, — איז אומגעקומען אַף דער מילכאָמע. און דרײַ, זאָלן מיר געזונט זײַן, לעבן און זײַנען שוין אלע טאַטעס פון קינדער. נו, צערײַסט מען מיך מאַמעש אַף שטיקער. דער שרײַט: „מאַמע, צו מיר“, און יענער שרײַט: „ניין, מאַמע, צו מיר“.

— דאָס זײַנען די זין. נו, און די שניר? — האָט בייז איבערגעשלאָגן וואַסילי ריבניקאָוו, וועמען עס האָט אופגעבראַכט די באַרימערײַ און דער זעלבסטצופרידענער טאָן פון דער אלטיטשקער, און דעריקער דאָס, וואָס זי האָט צוגעצויגן צו זיך אַלעמענס אופמערקזאַמקײַט.

— הייסט עס, האָט דיר ניט געהאָלפן דער רויטער פעפער? — האָט די אלטיטשקע געפרעגט בא ריבניקאָוון, אָנשטעלנדיק אַף אים אירע גרויסע קײַלעכדיקע ברילן אין שוואַרצע רעמלעך.

— געהאָלפן, ווי א טויטן באַנקעס.

— דאָס זעט מען טאַקע. זייער א מאָרעשכוירעדיקער ביסטו.

— נו, און ווי האַלט עס מיטן ווערטל, וואָס מע פלעגט אַמאָל זאָגן: צוזאַמען מיט דער שוויגער איז אלץ קידער־ווידער? דוכט זיך, אזוי, האַ? צי עפּשער האַלט איר, באָבעניו, אז דאָס ווערטל איז שוין פאַרעלטערט? — האָט זיך ארײַנגעמישט דער באַיאָרטער בריגאַדיר, וועלכער האָט געייצעט ריבניקאָוון שווענקען דאָס מויל מיט קאָניאַק.

— טאַקע פאַרעלטערט, — האָט אים רויִק געענטפערט די אלטיטשקע, — אוועק די אַמאָליקע צײַטן. אַף אונדז, באָבעס, איז איצט א גרויסער נאָכפרעג. מיר זײַנען געוואָרן דעפיציטנע. מיינסטו עפּשער, טײַערינקער, אז בא מיר מיט די שניר זײַנען ניט געווען קיין קריגערײַען? געווען. אלץ איז געווען, אי ברויגעזן, אי ריידערײַ, אי „אָדער איך, אָדער זי...“ נאָר וואָס גייט דאָס מיר אָן? לעבט זיך אײַך, קינדערלעך, געזונטינקערהייט, ווי אײַך איז ליב, און איך וועל זיך לעבן פאַר זיך. א פענסיע האָב איך, די פאַבריק, אַף וועלכער איך האָב געאַרבעט, האָט אַף שטענדיק מיך באַזאָרגט מיט א צימער. וואָס דאַרפן מיר אָנקומען צו יענעם, אז איך און מײַן ניושינקע קאָנען זיך גאַנץ פײַן לעבן פאַר זיך? די פאַבריק פאַרגעסט מיך ניט. קומט א יאָמטעוו, שיקט מען מיר ארײַן בילעטן, און ניט ווײַטער פון דער ערשטער ריי. אָט האָט מען זיך אַף דער פאַבריק דערוווּסט, אז בא מיר איז שוואַך געוואָרן די ריִע, שווער געוואָרן צו לייענען, האָט מען מיר אָן א גראָשן געלט

דורכגעפירט ראַדיִאָ אין צימער. מע זאָרגט זיך, אַז די מומע קסיושע זאָל ניט אָפּשטיין פונעם לעבן. איך מיט מײַן ניושינקען קאָנען זיך גאַנץ גוט באַגיין אָן זיי, אָבער זיי אָן אונדז...

— ווער איז דאָס „זיי“, די זין צי די שניר?

— אַ מאָשל, ס'איז דאָך אין מישפּאָכע. ווי זי איז עס, נעבעך, אײַנגעשלאָפן, מײַן ניושינקע. איר וואָלט מיר בעסער, כאַווײַרים טײַערינקע, באַפרײַט דאָס דיוואַנדל, — האָט זי געזאָגט מיט אַזאַ זיכערקײַט, גלײַך זי וואָלט דאָ געווען די באַלעבאָסטע. עטלעכע סטאַזשאָרן, וואָס האָבן זיך אומגעקערט אַהיים פון דער פּראַקטיק, האָבן גלײַך אָפּגעטראָטן דאָס אָרט. דער געאָלאָג האָט פאָטערלעך־צאַרט גענומען באַ דער אַלטיטשקער דאָס שלאָפנדיקע מיידעלע און עס זאָרגזאַם אַוועקגעלייגט אויפן דיוואַן.

— פרעגסטו מיך, הייסט עס, דו מאָרעשכוירעניק איינער, ווער רופט מיך צו זיך, די זין, צי די שניר? — די אַלטיטשקע האָט ווידער אָנגעשטעלט אויף ריבניקאָוון אירע גרויסע קײַלעכדיקע ברילן אין די שוואַרצע רעמלעך, — קאָן איך דיר אויף דעם ענטפערן, אַז די זין מיט די שניר האָבן זיך צוליב מיר שיר ניט צעקריגט. און וואָס איז דער וווּנדער? די צײַט איז איצט אַזאַ. אָן עלטערן מענטשן גיט מען איצט אָפּ גרויס קאָוועד. ווי דען? איז אָט. מיט אַ כאָדאָשים אָנדערהאַלבן צוריק, איר מעגט דאָס הערן, באַקום איך מיטאַמאָל אַ בריוו פון מײַן מיכאַיִלן. ער וווינט אין וואָראָנעזש, לייענט דאָרט לעקציעס אין אינסטיטוט. דאָס ווײַב זײַנס, לידע הייסט זי, איז אויך אַ געלערנטע. כ'ווייס, עפּעס אַ נײַעם סאָרט טריסקאַווקעס האָט זי אויסגעכאָוועט. מע האָט זי אַפילע פאַר דעם פּרעמירט. איז אָט הערט, וואָס זיי ביידע שרײַבן מיר: „באַ אונדז הייבן זיך גיך אָן די אופנעמעקזאַמענעס אין אינסטיטוט און מיר וועלן ביידע זײַן זייער שטאַרק פאַרנומען. דערצו איז נאָך וואָווקע עפּעס ניט מיט אַלעמען. בעטן מיר אײַך, מאַמע, איר זאָלט אומבאַדינגט קומען צו פאָרן“. געזען, ס'אַראַ קאָוועד מע גיט עס מיר אָפּ. אויף „איר“ איז מען מיט מיר. נו, וויבאַלד וואָווקע איז ניט מיט אַלעמען, דאַרף מען, פאַרשטייט זיך, פאָרן. און מיר נעמען זיך קלײַבן אין וועג אַרײַן. קלײַבן זיך אין וועג אַרײַן איז פאַר מיר מיט מײַן ניושען שוין גאָר ניט קיין נײַס, און ווו עס געפינט זיך וואָראָנעזש, ווייסן מיר שוין אויך. פאָרן סאַמע אַרויספאָרן באַקום איך אַ טעלעגראַמע אַזש פון סווערדלאָווסק. אַ גרויסע טעלעגראַמע, אַ רובל פופצן, אויב ניט מער, דאַרף אָפּקאָסטן אַזאַ טעלעגראַמע. איז הערט, וואָס מע טעלעגראַפירט מיר: „זאָלסט דרינגענד אַרויספליִען צו אונדז, מיר האָבן ביידע באַקומען אורלויב. פוטיאָווקעס קיין סאָטשי ליגן שוין באַ אונדז אין קעשענע. הויצאָעס אויפן וועג האָבן מיר דיר אַרויסגעשיקט. מיר נעמען דיך האַרציק אַרום און קושן דיך. פיאָדער, סימע“. פיאָדער — דאָס איז דער צווייטער זון מײַנער. ער איז אַ מײַסטער, אויב ניט דער ערשטער מײַסטער אויף גאַנץ אוראַל. ער אַרבעט אין אַ זאַוואָד, וווּ מע מאַכט שפּאַנענדיקע מאַשינעס פאַר אײַערע בויונגען. סימע, סעראַפימע הייסט עס, דאָס ווײַב זײַנס, האָט געאַרבעט צוזאַמען מיט אים, מיט פיאָדערן, אין איין צעך. איצט איז זי אַ סטודענטקע. לערנט זיך אין אינסטיטוט. מיט איין וואָרט, באַקומען אַ טעלעגראַמע, און צוזאַמען מיט דער טעלעגראַמע דערלאַנגט מיר דער בריווטרעגער געלט אויף הויצאָעס פאַר מיר און פאַר ניושען.

נו, איז וואָס טוט מען? וווּהין לאָזט מען זיך? דאָרט איז וואָווקע קראַנק, דאָ בלײַבן דרײַ קינדערלעך איבער, ווי זאָגט מען עס, אויף גאָטס באַראָט, כאָטש נעם און צערײַס זיך. און ווי איך טראַכט מיר אַזוי, קומט מיר פּלוצעם אָן אַ בריוו טאַקע פונדאַנען, פון מײַן סעניושקען, דאָס הייסט פון סעמיאָן פּעטראָוויטש זײַטשיקאָוון. ער אַרבעט דאָ באַ אײַך אויף דער בויונג, ער איז אַ מײַסטער פון בויען טונעלן. און דאָס ווײַבל זײַנס, זאָיִקע, אַרבעט דאָ אויך מיט אים. זיי האָבן צוזאַמען געבויט די מאָסקווער מעטראָ. זי איז באַ אײַך אַ וואַזשנע פּערזאָן. דעם עמעס געזאָגט, האָב איך זי ניט איבעריקס ליב. אַ האָנאָריסטע איז זי. באַלד עפּעס, איז גלײַך: „מישט זיך ניט אין מײַנע געשעפטן“, אָדער „כ'וועל זיך יאַקאָס ווי־ניט־איז באַגיין אָן אײַערע אייצעס“. נאָר גיי מאַך עפּעס, אַז באַ זיי איז אַ צווילינג. יאָ, איז באַקום איך, הייסט עס, פון דעם זון און פון דער ליבער שנור מײַנער אַ בריוו, אין וועלכן מע שרײַבט מיר: „מיר האָבן געהערט, אַז סווערדלאָווסק און וואָראָנעזש פאָדערן אײַך אַרויס צו זיך, אָבער מיר, מאַמע, זײַנען דאָך בילכער פון זיי. ערשטנס, אַרבעטן מיר אויף אַ וויכטיקער בויונג; צווייטנס, איז שוין פון אונדז אַנטלאָפן אויף די קורסן פון די בויער די פּערטע שטוב־אַרבעטערן; דריטנס, זײַנען מיר מעסוקן געענגט אין צײַט, מיר האַלטן באַם אָפּגעבן אין עקספּלואַטאַציע אַ נײַעם אָביעקט...“

— אַ פײַנע סיטואַציע, — האָט זיך צעשמייכלט אַ באַיאָרטער מאָנטאַזשניק מיט לאַנגע שטעכיקע וואָנצן, וואָס זײַנען אים אַראָפּגעהאַנגען איבערן מויל, — נו, טאַקע, גיי ווייס, וווּהין צו פאָרן. דאָ, באָבעניו־שוועסטערקע, פאָדערט זיך אַ מעלוכישער צוגאַנג.

— אומזיסט שמייכלסטו, טײַערינקער. בעקיצער, האָב איך זיך אַוועקגעזעצט מיט מײַן ניושען באַטראַכטן די זאַך אַרום און אַרום. מיכאַיִל מיט לידען זײַנען טאַקע זייער ליבע מענטשן. ס'איז אָבער באַ זיי ניט מעסוקן. מע לעבט אין אַ גרויסער שטאָט, וועט מען ווי־ניט־איז אָפּזוכן אַ שטוב־

אַרבעטערן. אין ערגסטן פֿאַל וועלן זיי אַרויסרופֿן צו זיך לידעס מוטער, מײַן זונס שוויגער, הייסט עס. נו, וואָס שײַעך פּיאַדערן מיט סימען, איז כאָטש זיי האָבן אונדז שוין אַפֿילו צוגעשיקט אָף הויצאָעס, איז נאָך באַ זיי די לאַגע אויך ניט שטאַרק מעסוקן. זיי קאָנען אָפּשיקן די קינדער אין קאַלווירט, צו סימעס פֿאָטער. איך בין דאָרט ניט איין מאָל געווען, באַ דעם מעכוטן מײַנעם אין קאַלווירט, גאָר אַ וואַזשנער קאַלווירט. ס'אַראַ ראַכוועס, ס'אַראַ לאַנקעס, ס'אַראַ בערג, ס'אַראַ טײַך... בעקיצער, אָט דאָס, וואָס כעוורע קליינוואַרג דאַרף. אָבער באַ דעם מיזיניק מײַנעם, באַ סעניושקען, באַ סעמיאָן פּעטראָוויטשן הייסט עס, איז די לאַגע טאַקע גאָר ניט קיין וואַזשנע, באַ זיי איז דאָך, קיין איינהאָרע ניט, אַ צווילינג. נעמען אַ יונגינקע ניאַניע צו די קינדער, וועט זי דיר אין אַ כוידעש אַרום אַנטלויפֿן אָף קורסן. און טאַקע זייער ריכטיק, וואָס זיי אַנטלויפֿן, — צו וואָס זײַן אַ ניאַניע באַ יענעם, אַז מע קאָן קריגן אַ פּאַך און אין אַ יאָר צוויי אַרום ווערן אַ באַ־רימטער מענטש. נעמען צו די קינדער אַן עלטערן מענטשן, איז ווו קריגט מען עס? אַז אַלע אַלטיטשקע פֿון די אַרומיקע סטאַניצעס האָט מען דאָך שוין לאַנג פֿאַרצוקערט. אַ שפּילעכל עפּעס, וויפֿל מענטשן עס זײַנען זיך פֿאַר דער צײַט אהער אָנגעפֿאָרן. און גיין צו יענעם פֿאַר אַ ניאַניע כאַפּן זיי זיך אויך ניט, די סטאַניטשנע אַלטיטשקע. זיי וועלן בעסער ניאַנטשען די אייגענע אייניקלעך.

— איז פֿאַרט איר, הייסט עס, צו דער האַנאַריסטער שנור?

— יאָ, צו איר. וויבאַלד עס גייט דאָ באַ אײַך אַזאַ וואַזשנע בויונג, באַדאַרף איך מיט מײַן ניושען דאָך אויך מיט עפּעס העלפֿן. און דאָס, וואָס איר זאָגט, אַז די שנור איז אַ האַנאַריסטע, קאָן איך אײַך פֿאַרזיכערן, אַז זי וועט ניט וויסן, וווהין מיך אַוועקצוזעצן, און וועט מיך אַנדערש ניט רופֿן, ווי מאַמעניו און מאַמעניו. דאָס לעבן, זאָלט איר וויסן זײַן, איידלט אויס דעם מענטשן. אײַ, וואָס? טאָמער, הייסט עס... נו, איז אַ גוטן־טאָג. געלט אָף אַ בילעט צוריק אַהיים, פֿאָר זיך און פֿאַר ניושען, וועט זיך באַ מיר שטענדיק אָפּזוכן. איך האָב ניט, וואָס צו זאָרגן: פּענסיע גייט מיר, מײַן צימער וואַרט... מיר דאַרפֿן, כאַלילע, צו קיינעם ניט אָנקומען, מיר זײַנען פֿון קיינעם ניט אָפּהענגיק. באַוואָרנטע מענטשן זײַנען מיר...

צי פֿון מידקײַט, צי דער וויטעק איז געוואָרן עטוואָס לינדער, נאָר וואַסילי ריבניקאָוו איז אײַנגעשלאָפֿן, זיצנדיק טיף אין פֿאָטערשטול.

אופֿגעכאַפּט האָט ער זיך ערשט פֿאַרטאָג. עמעצער האָט אים שטאַרק געשטורכעט אין אַקסל. דאָס האָט אים געוועקט דער געאָלאָג.

— איר זײַט, שײַנט מיר, אַ היגער. איז זאָגט מיר גיכער, פֿונוואַנען איז נעענטער קיין אָטריאַדנע? פֿונדאַנען, פֿון נאָוואַיאַ, צי פֿון דער הידראָסטאַנציע?

— וואָס? מיר זײַנען שוין אין נאָוואַיאַ?

— שוין אַ מינוט פֿינף ווי מיר שטייען דאָ.

ריבניקאָוו האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער קאַיוטע, געכאַפּט דאָס רענצל און זיך געלאָזט לויפֿן. דער געאָלאָג איז אים נאָכגעלאָפֿן.

— איז ווו אײַלט איר אַרויסשטײַגן? דאָ, צי ווײַטער?

— אויב איר האָט מיט וואָס זיך צו דערקלײַבן פֿונדאַנען קיין אָטריאַדנע, איז, פֿאַרשטייט זיך, גלײַכער אַראָפּגיין דאָ. פֿונדאַנען איז דרײַ מאָל נעענטער. אָבער מיט טראַנספּאָרט איז דאָ ביטער. מיט אַ פּאַסאַזשיר־אווטאָ וועט איר זיך אין אַזאַ בלאָטע ניט דערקלײַבן. צו אַזעלכע צע־קאַרדאַשעטע און צעשוווענקטע וועגן, ווי דאָ, דאַרף מען אַ לאַסט־מאַשין, און אויך ניט אַבי אַוועלכע. איך שטײַג דאָ אַרויס, נאָך מיר וועט מען קומען צו פֿאָרן. אַ גוטן־טאָג.

דער געאָלאָג האָט אים שוין ניט געהערט. ער איז מיטאַמאָל פֿאַרשווונדן און אין אַ ווײַלע אַרום זיך באַוויזן אָף די הוידענדיקע ברעטער פֿונעם טראַפּ מיט אַ טשעמאָדאַן און מיט צוויי גרויסע קלומעקעס. הינטער אים, האַלטנדיק זיך מיט ביידע הענט פֿאַר זײַן אַקסל, איז פֿאַרזיכטיק געגאַנגען די אַלטיטשקע. דער מאַטאַזשניק מיט די לאַנגע וואָנצן האָט געטראָגן אָף די הענט דאָס שלאָפֿנדיקע מיידעלע.

ווי נאָר דער געאָלאָג מיטן מאַטאַזשניק, וואָס האָבן אַרויסבאַגלייט די אַלטיטשקע, האָבן זיך אומגעקערט צוריק אָף דער שיף, האָט מען אופֿגעהויבן דעם טראַפּ, און די שיף איז מיט אַ גערויש אָפּגעגאַנגען פֿונעם ברעג.

— באָבעניו, גיט דאָרט איבער אַ גרוס אײַער מיזיניק, סעניושקען.

— איר זאָלט דאָרטן ניט איבעריקס נאָכגעבן דער שנור אײַערער, — האָט מען צו איר אַראָפּגעשריִען פֿון דער שיף.

— אָט לייצים, מע טאָר זיי גאָר קיין וואָרט ניט דערציילן, — האָט געשמייכלט די אַלטיטשקע, פֿאָכנדיק מיט איר טרוקענער האַנט צו די אָפּפֿאָרנדיקע.

— זאָגט מיר בעסער, ווי קלערט איר זיך דערקלײַבן קיין אָטריאַדנע? דער זון וועט נאָך אײַך צושיקן אַ מאַשין, צי וואָס? — האָט געפֿרעגט דער אָנגעכמורעטער וואַסילי ריבניקאָוו,

— איך האָב קיינעם ניט טעלעגראַפירט. וויבאַלד זיי זײַנען דאָרט אַזוי פאַרנומען מיט אָפּגעבן עפּעס אין עקספּלואַטאַציע, וועל איך זיי גיין דרייען אַ קאָפּ מיט אַזעלכע נאַרישקייטן?

— שיינע נאַרישקייטן! קיין אָטריאַדנע איז דאָך העכער פערציק קילאָמעטער פונדאַנען! וועגן דעם האָט איר כאָטש אַ טראַכט געטאָן? דאָ איז דאָך אַ העק! פּוסטער סטעפּ און שוין, קיין ברעקל וועג. דערצו נאָך באַ אַזאַ וועטער זיך שלעפּן העכער פערציק קילאָמעטער, אײַ־אײַ־אײַ...

אַ קאַלטער בייזער און קרומער רעגן האָט געפּויקט אין דעם אײַזערנעם דאַך פון טײַך־וואָקזאַלכל און זיך איבערגערופן מיטן פליעסק פון די כוואַליעס, וואָס האָבן געקלאַפּט אינעם דעבאַרקאַדער. אַלץ אַרום איז געווען ווי אין אַן אַלטן קעלער, אָנגעזאַפּט מיט אַ דורכדרינגענדיק קאַלטער פײַכטקייט.

— וואָס עס וועט זײַן מיט אַלעמען, דאָס וועט זײַן מיט מיר, — האָט אַ זיפץ געטאָן די אַלטע.

— ווּ זעט איר דאָ מענטשן?

— נו, און דו? וויאַזוי וועסטו פאָרן?

— נאָך מיר דאַרף קומען אַ מאַשין. נאָר איך פאָר גאָר אין אַן אַנדער זײַט, איר פאַרשטייט? נו, וויאַזוי קאָן מען עס אַראָפּגיין אין אַזאַ העק, נאָך מיט אַ קינד אויף די הענט!

— שרײַ ניט, שרײַ ניט אַזוי. ס׳ט מיר אופוועקן ניושען, — האָט זיך רויִק אָנגערופן די אַלטיטשקע, פאַריכטנדיק די שאַל, וואָס האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פונעם קינד. — מיר זײַנען, דוכט זיך, ניט אין אַמעריקע, נאָר צווישן אייגענע מענטשן, און צווישן אייגענע מענטשן ווערט מען ניט פאַרפאַלן. אָ, דו הערסט ווי עס הודעט. ניט דיך רופט מען עס?

אויפן נידעריקן ברעג פונעם טײַך, וואָס איז געווען אײַנגעהילט אין אַ געדיכטן נעפּל, האָט אַקשאָנעסדיק געררעוועט די סירענע פון אַ לאַסט־מאַשין. דערנאָך האָבן זיך דערהערט שווערע טריט. אין וואָקזאַל איז אַרײַנגעקומען אַ קרעפטיקער באָכער אין אַ בלויען קאָמבינעזאָן, וואָס איז געווען פאַרשפּריצט מיט בלאָטע. דערזען ריבניקאָוון, ווי ער האַלט זיך פאַר דער געשוואָלענער באַק, האָט דער באָכער שולדיק אַראָפּגעלאָזן די אויגן.

— אַנטשולדיקט, וואַסילי איוואַנאָוויטש, איך בין דרײַ מאָל געזעסן אין דער בלאָטע ביז איבער די רעדער. קוים אַרויסגעקראָכן. אַ שרעק, ס׳אַראַ וועג!

— נעם אָט יענע זאַכן, — האָט ריבניקאָוו אָנגעוויזן דעם שאָפער אויף דער אַלטיטשקערס קלומעקעס.

— נו, געגאַנגען, — האָט ער בייז אַ זאָג געטאָן און גענומען דאָס מיידעלע אויף די הענט.

— געגאַנגען איז געגאַנגען, — האָט רויִק געזאָגט די אַלטיטשקע, אַרומקוקנדיק זיך דערבײַ, צי האָט זי דאָ גאָרניט פאַרגעסן.

לויט איר גאַנצן האַלטן זיך איז געווען קאָנטיק, אַז זי האָט אויפגענומען ריבניקאָווס אײַנלאַדונג, ווי אַ גאַנץ נאַטירלעכע זאַך. נאָר ווען יענער האָט איר פאַרגעלייגט זיך אַרײַנזעצן אין קאַבינע, האָט זי אויף אים געמאַכט אַ געשריי:

— וואָס? אַוואַדע, נו. איך וועל מיר זיצן אין דער וואַרעם, און ער מיט אַזאַ באַק וועט זיצן אויפן ווינט!

דערזען, אַז מיט אירע רייד ברענגט זי נאָך מער אַרויס פון די קיילים דעם בייזן און אָנגעכמורעטן ריבניקאָוון, האָט זי אים דערלאַנגט די שוואַרצע שאַל און גענומען באַ אים דאָס וואָרט, אַז ער וועט זיך צודעקן מיט איר.

דער שאָפער האָט ניט אויסבאַהאַלטן זײַן אומצופרידנקייט, וואָס דער שעף זײַנער, ריבניקאָוו, זיצט ניט לעבן אים, אין דער קאַבינע, נאָר אין דער הייך, אין קוזאָוו, און וואָס צוליב דער דאָזיקער אַלטיטשקער וועט ער מוזן אָנלייגן איבעריקע צען קילאָמעטער. ער האָט אַפילו געפּרוּווט פאַרפירן וועגן דעם אַ רייד מיט ריבניקאָוון, טײַנען, אַז ער ווייסט ניט דעם וועג, אַז עס וועט ניט קלעקן קיין בענזין, נאָר ריבניקאָוו האָט אויף אים אַזוי אַ קוק געטאָן, אַז דער שאָפער איז אין דעם זעלבן אויגנבליק פאַרשוווּנדן אין קאַבינע.

די מאַשין האָט זיך גערירט פון אָרט. דאָס מיידעלע, וואָס איז געווינט אַרומצורײַזן, האָט זיך ניט אויפגעכאַפּט, די באָבע האָט אויך געדרעמלט. דער קאַלטער קרומער רעגן האָט אַזוי געדיכט פאַרגאָסן דאָס פאָדערשטע פענצטערל פון קאַבינע, אַז עס האָט זיך געדוכט: די צוויי אַרומגייענדיקע בערשטעלעך רייניקן אויף דאָס גלאָז ניט פון וואַסער, נאָר פון סמעטענע. די מאַשין איז אָפט געזונקען אין דער בלאָטע. דער שאָפער האָט בייז איבערגעשלאָסן די שנעלקייט, טראַכטנדיק דערבײַ די גאַנצע צײַט וועגן זײַן שעף, וואָס איז געלעגן אין קוזאָוו צווישן די פײַכטע, קאַלטע ברעזענטן.

דער שעף אָבער האָט זיך גאָרניט אַזוי שלעכט געפילט. ווען די מאַשין האָט אַ שטאַרקן שפּרונג געטאָן, האָט פונעם שטויס געפּלאַצט באַ אים דאָס געשוויר, און וואַסילי ריבניקאָוו איז באַלד אַנשלאָפן געוואָרן, אײַנגעקוטעט אין דער אַלטיטשקערס וואַרעמער שאַל.

# ליובע



יט א קוק אפן פארל, וואָס זיצט דאָרט אין ווינקל און עסט ווארמעס. דאָ, פארשטייט איר מיך, איז ניט באקוועם צו ריידן, נאָר אז איר וועט שפּעטער זײַן בא מיר, וועל איך אײַך וועגן זיי דערציילן א טשיקאווע געשיכטע...

איוואן פיאָדאָראָוויטש קוזמיטשאָוו, דער סעקרעטאר פון דער פארטיי־ביוראָ פונעם בוי־ראיאָן, האָט געהאט א באזונדערן כוש צו מענטשן: אין יעדן איינעם — ער מעג אפילע זײַן דער סאמע, אזוי צו זאָגן, געוויינלעכער מענטש — קאָן ער אויסגעפינען עפּעס אינטערע־סאנטעס, אייגנארטיקס. וועגן אָט דעם ווונדערלעכן כוש זײַנעם האָב איך שוין געהאט געוווּסט, און דערפאר האָב איך זיך אזוי אופמערקזאם צוגעקוקט צו דעם מאנצבל און דער פרוי, אף וועלכע ער האָט מיר אָנגעוויזן.

ער — א דארלעכער מיט א געדיכטן קאָפּ געקרײַזלטע האָר, וואָס האלטן שוין בא גראָוו ווערן, מיט שארפע שטריכן פון געזיכט, טיפע קנייטשן ארום מויל און שטארצנדיקע קינבאקן — האָט שוויַיגנדיק אָרודוועט מיט גאָפּל־מעסער, פונקט ווי ער וואָלט געטאָן א וויכטיקע ארבעט.

זי — א הויכע, פולבלעכע, נאָר א שטאלטנע בלאָנדע פרוי מיט אן אָנגענעם פּאָנעם, וועלכן די טונקעלע צוניפגעוואקסענע ברעמען האָבן צוגעגעבן א שטרענגן און ענערגישן אויסדרוק. זי האָט אויסערלעך זיך דאָ אויסגעטיילט בלויז דערמיט, וואָס זי איז געווען אָנגעטאָן אין א קאָמ־בינעזאָן.

אין דער אופירונג פון דער פרוי און באזונדערס אין דעם, ווי זארגזאם זי האָט אונטערגע־רוקט איר שאָכן באם טישל דעם כריין, די זענעפט, דעם פעפער, האָט זיך געפילט צארטקײַט און איבערגעגעבנקײַט.

אין אָוונט האָב איך זיך געטראָפן מיט איוואן פיאָדאָראָוויטשן. דאָס צימערל פון פארטיי־ביוראָ איז גיכער ענלעך געווען אף א קאבינעט פון א בוי־אינזשעניער. אומעטום — אפן טיש, אף די ביכער־שראנקען, אף די פענצטער, אפילע אף דער שטאלענער פײַערקאסע — זײַנען געלעגן פּראָבעס פון די גרונטן, מוסטערן פון פארשיידענע אינסטרומענטן, סלאָיִקלעך מיט צעמענט. קוז־מיטשאָוו האָט מיך אוועקגעזעצט לעבן זיך, אפן צעראטענעם דיוואן, און מיט א קלוג שמייכעלע געגומען דערציילן:

— איאָ, א טשיקאווע פּאָרל? נו, און איצט גרייט זיך אויסצוהערן די געשיכטע. דער בריגאַ־דיר פון די בעטאָן־ארבעטער יעגאָר אוסטינאָוו איז געקומען אהער מיט די ערשטע בויער, גע־קומען גלײַך פון דניעפּראָהעס, ווו ער האָט זיך געהאט אויסגעצייכנט און באקומען אן אָרדן. בעקיצער, א מענטש מיט א נאָמען. אז ער איז געקומען צו אונדז, האָבן מיר אים אָנגעטרויט לייגן די ערשטע קובאָמעטער בעטאָן. ס׳איז א גרויסער קאָוועד. דער מאָסקווער זשורנאל „אָגאָניאָק״ האָט דעמלט אָפּגעדרוקט אפן שארבלעטל זײַן פּאָרטרעט. אָט פון דעם פּאָרטרעט, אייגנטלעך, האָט זיך אלץ אָנגעהויבן. דאָס איז, אזוי צו זאָגן, דער שליסל צו דער געשיכטע, וואָס איך גיי אײַך דערציילן.

אין א פּאָר וואָכן ארום נאָך דעם, ווי דער „אָגאָניאָק״ האָט אָפּגעדרוקט אוסטינאָווס פּאָרטרעט, קומט צו מיר ארײַן אין פארטיי־ביוראָ אן אומבאקאנטע פרוי און רעקאָמענדירט זיך אָפּ: ליובע טשאבאן, געשיקט געוואָרן אף ארבעט אין מעדיצינישן פונקט אלס מעדשוועסטער.

דורכגעשמועסט זיך מיט איר, האָב איך זיך דערוווּסט, אז זי איז געווען אף דער מילכאָמע, ניט איין מאָל פארוווּנדעט געוואָרן, און טאקע דאָרט, אפן פראָנט, איז זי ארײַנגעטראָטן אין דער פארטיי. נאָך דער מילכאָמע האָט זי זיך דעמאָביליזירט און געארבעט אין א קינדער־גאָרטן אין א גרויסן קאָלווירט אף אוקראַינע.

קורץ, די פרוי האָט אף מיר געמאכט דעם בעסטן אײַנדרוק. און אזוי ווי איך שמועס מיט איר, קומט מיר פלוצעם ארוף אפן זינען דאָס געשפּרעך, וועלכן איך האָב דאָ ניט לאנג געהאט מיטן שעף פון בוי־ראיאָן וועגן די קינדער־יאסליעס. מיר האָבן ניט געקאָנט צוקלײַבן א פּאסיקן מענטשן פאר די יאסליעס. טו איך זי א פרעג, צי וואָלט זי ניט געגאנגען אהין ארבעטן? „וואָס איז דאָ צו ריידן, איך בין ניט געקומען צו אײַך אף אָפּרו, און איך וועל גיין, וווהין איר וועט מיך שיקן, זאָלן מיר נאָר קלעקן קענטענישן, קויכעס האָב איך״.

געזעגענענדיק זיך, טוט זי מיך, ווי פֿאַרבײַגייענדיק, א פֿרעג: „זאָגט מיר, בא אײַך ארבעט דאָ איינער אַן אוסטינאַוו, יעגאָר אוסטינאָוו? זײַן פּאָרטרעט איז ניט לאַנג צוריק געווען אָפּגעדרוקט אין „אָגאָניאָק". „יאָ, ענטפֿער איך איר, פֿאַראַן בא אונדז אזא". „אָט דער אוסטינאָוו איז א כאַ־סענע געהאַטער?" איך בין געבליבן אין פֿאַרלעגנהײַט. „ער איז אײַערער א קאָרעווו?" „ניין, ענטפֿערט זי, א באַקאַנטער. מעגלעך, אז ער געדענקט מיך שוין אפֿילע ניט". און רויטלט זיך דערבײַ אזוי, אז עס שלאָגט איר אזש ארויס א שווייס אפֿן שטערן.

איך האָב איר געענטפֿערט, אז אוסטינאָוו איז, דוכט זיך, אַן אלמען, און אויב עס איז נייטיק, קאָן איך עס באַלד פֿעסטשטעלן. זי איז ניט געבליבן וואַרטן און אוועק. „וואָס קאָן עס זײַן?" — האָב איך א טראַכט געטאָן און באַשטימט בא א געלעגנהײַט אויסקלאָרן עס טאַקע גופֿע בא אים, בא אוסטינאָוון. ס'האָט זיך מיר אָבער די גאַנצע צײַט ניט געמאַכט אזא געלעגנהײַט.

וואָס שײַעך ליובע טשאַבאַן, האָב איך זיך אין איר ניט טויע געווען. פֿאַר איין כוידעש צײַט האָט זי אזוי אוועקגעשטעלט די קינדער־יאַסליעס, אז עס איז געווען מאַמעש צו באַוווּנדערן. עמעס, זי האָט קיינעם צו רו ניט געלאָזט. דעם פֿראַפֿאַריין האָט זי געצוווּנגען שאַפֿן א ספּעציעלע קינ־דער־קאָמיסיע, אין דער דאָזיקער ארבעט האָט זי ארײַנגעצויגן די פֿרויען פֿון די אינזשעניערן. נו, און די ווירטשאַפֿטלער — יענע האָבן פֿאַר איר געציטערט מאַמעש ווי פֿאַר פֿײַער. זיי פֿלעגן ניט סטײַען, ווי נאָר ס'האָט זיך דערהערט איר קאָל. נאָר ניט אזוי פּראָסט אַנטלויפֿט מען עס פֿון ליובען. גלײַכער זיך מיט איר ניט אָנהייבן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן די יאַסליעס.

איינמאָל קומט צו אונדז צו פֿאָרן דער מיניסטער. מיסטאָמע האָט איר וועגן דעם געהערט. פֿאַרשטייט זיך, אז ער האָט ניט אויסגעמיטן די יאַסליעס. שטעלט אײַך פֿאָר: אַלץ בלאַנקט, שע־מערירט, די קינדער זײַנען ווי פּאַמפּושקעס, די בעקלעך רויט, ווי ווײַמפּערלעך. מיט איין וואָרט, די יאַסליעס האָבן בא אים שטאַרק אויסגענומען. שמייכלט ער, דער מיניסטער, און רופֿט זיך אָן צו ליובע טשאַבאַן: „זייער גוטע יאַסליעס, א דאַנק". הערט זשע, וואָס זי ענטפֿערט אים דערויף: „זייער ווייניק פֿאָדערט איר פֿון אונדז, כאַווער מיניסטער. אָט דאָס הייסט בא אײַך גוטע יאַסליעס? ווו איז דאָס צווייטשטאָקיקע הויז, וואָס מע האָט לויטן פּלאַן געדאַרפֿט אויסבויען פֿאַר די יאַסליעס?! פֿאַרוואָס איז ביז איצט נאָך ניט אַרומגעצאַמט דער סאָד, וועלכן מיר האָבן פֿאַרפּלאַנצט מיט די אייגענע קויכעס?! עס קומט דאָך אויס, אז די מאַמעס האָבן פֿאַרפּלאַנצט דעם סאָד פֿאַר די ציגן". בעקיצער, איר קאָנט זיך פֿאָרשטעלן, ווי ס'איז אונדז געוואָרן אפֿן האַרצן נאָך אזעלכע רייד. אומ־זיסט איז אָבער געווען די שרעק. דער מיניסטער הערט זי אויפֿמערקזאַם, און די אויגן זײַנע לאַכן: „ריכטיק, זאָגט ער, זייער ריכטיק". באַרויִקט זי זיך אָבער ניט. „כ'ווייס אַליין, אז ס'איז ריכטיק. איר זאָגט מיר בעסער, ווען וועט דאָס קליינוואַרג האָבן דאָס, וואָס זיי קומט?" „אַלץ, וואָס איז אָנ־געמערקט אינעם פּלאַן, ענטפֿערט איר דער מיניסטער, דאַרף דאָס קליינוואַרג באַקומען. און טאָמער עפּעס ניט אזוי, איז גיט מיר פֿערזענלעך צו וויסן..."

אָט אזא איז זי, ליובע טשאַבאַן. די פֿרויען אונדזערע אָף דער בויונג וואָלטן פֿאַר איר, ווי מע זאָגט עס, קיין זאַק באָרשטש ניט אוועקגעגעבן. שײַעך, א מער פּאַסיקערן מענטשן פֿאַר די יאַסליעס איז מיט קיין ליכט ניט צו געפֿינען.

איז זי אָבער אַנומלטן ארײַן צו מיר אין פּאַרטיי־ביוראָ און גלײַך פֿון אָנהייב מיר געמאָלדן: „לאָמיר מיט אײַך זיך דערריידן, אז אַלץ, וואָס איך וועל אײַך באַלד זאָגן, איז ניט קיין ווײַבערשע פּלוידערײַ, אַלץ איז באַטראַכט און איבערגעטראַכט". ענטפֿער איך איר: „גוט, לאָמיר הערן". „די זאַך באַשטייט, זאָגט זי, אין דעם, אז איך וויל, איר זאָלט מיך באַפֿרײַען פֿון די יאַסליעס און העלפֿן מיר אָנקומען אָף די קורסן פֿאַר בעטאָן־ארבעטער, וואָרעם איך האָב געהערט, אז פֿרויען נעמט מען אהין ניט גערן".

כ'האָב אָנגעהויבן זי אָפּריידן, און זי — איינמאָל ניין. „וואָס איז די סיבע, — פֿרעג איך זי, — עמעצער האָט אײַך באַליידיקט, צי עס איז אײַך נימעס געוואָרן האָבן צו טאָן מיט קינדער, צי עפּשער גאָר זיך אײַנגעמידט?" שאָקלט זי מיטן קאָפּ: „ווער קאָן עס מיך באַליידיקן?! און קינדער האָב איך ליב, ניט ווייניקער ווי פֿריִער. וואָס שײַעך מידקײַט, איז פֿון ארבעט ווער איך ניט מיד. נאָר איך האָב באַשלאָסן: איך וויל ווערן א בעטאָן־ארבעטערן און שוין". דערבײַ טוט זי מיר א זאָג: „וואָס אָנבאַלאַנגט די יאַסליעס, האָט איר זיך ניט וואָס צו באַאומרויִקן. כ'האָב דאָרט אַלץ באַוואָרגט. קיין מער פּאַסיקערן מענטשן אָף מײַן אָרט, ווי איך לייג פֿאָר, וועט איר ניט גע־פֿינען". און זי רופֿט מיר אָן די פֿאַמיליע פֿון איינער, זייער א טיכטיקער און ליבער פֿרוי. דער מאַן אירער איז אַן אינזשעניער.

וואָס האָב איך איר געזאָלט דערויף ענטפֿערן? „נו, גוט, — זאָג איך צו איר, — ווײַבאַלד איר האָט וועמען איבערצוגעבן די איניאָנים און בא אײַך איז אזא הייסער פֿאַרלאַנג ווערן א בעטאָן־ארבעטערן, וועלן מיר אײַך העלפֿן אָנקומען אָף די קורסן". האָט זי מיך באַדאַנקט, נאָר זי גייט ניט אוועק. „איר האָט מיר נאָך וואָס צו זאָגן?" „יאָ, — ענטפֿערט זי, — ס'ניט ריכטיק, כאַווער

סעקרעטאַר, וואָס יעגאָר אוסטינאָוו וווינט בא איִיך ביז איצט אין צוזאַמענוווינונג. אין קאַלוגע האָט ער דרײַ קינדער, זײ האָדעווען זיך בא אַן אַלטיטשקער מומע. אַזאַ מענטשן, ווי אוסטינאָוו, זײַט איר מעכויעוו געבן א דירע און טאַקע אין די נײַע הײַזער, וואָס מע ענדיקט איצט אַרויס. איר שטעלט זיך פאָר, ווי שווער ס'איז אים? ער — דאָ, די קינדער — דאָרטן. ס'א לעבן?" „דערקלערט מיר אָבער, פאַרוואָס זאָרגט ער זיך אַליין ניט וועגן דעם?" ענטפערט זי מיר: „אָט אַזאַ מענטש איז ער שוין. פאַר יענעם איז ער גרייט דעם גאָרגל איבערבײַסן, נאָר פאַר זיך וועט ער ניט גיין בעטן. מע דאַרף ניט וואַרטן, ביז ער וועט אָנגעבן א מעלדונג".

אף מאָרגן האָב איך געהאַט א געשפּרעך מיט יעגאָרן, און צו מײַן גרויסן ביזויען האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ליובע איז טאַקע געווען גערעכט. אַגעוו, האָב איך שוין אויסגענוצט די געלעגנהײַט און אים פאַנאַנדערגעפרעגט וועגן זײַן באַקאַנטשאַפט מיט ליובע טשאַבאַן. כ'האָב פריִער געוווּסט, אַז יעגאָר איז א גרויסער שווײַגער, אָבער דאָ איז קימאַט אומעגלעך געווען אַרויסבאַקומען פון אים א וואָרט.

„זייער א גוטער מענטש, זאָג איך, אָט די ליובע טשאַבאַן". „ניט קיין שלעכטע", ציילט ער די ווערטער. „שוין לאַנג, אַז איר זײַט באַקאַנט?" „אַכט יאָר". „לאַנדסלײַט?" „אין איין שפּיטאָל געלעגן". „געשפּילט מיסטאָם א ראָמאַן?" אוסטינאָוו האָט טרויעריק א שמייכל געטאָן. „א ראָמאַן... מײַן פרוי האָט נאָך דעמלט געלעבט, און ביכלאַל וואָס פאַר א ראָמאַנען קאָנען זײַן אין שפּיטאָל? סאַלדאַטסקע געשפּרעכן זײַנען עס געווען". „נו, און איצט?" „איצט? גאָרניט, א גוט־מאָרגן און א גוט־יאָר". „דו ווייסט, זי איז געקומען זיך בעטן אף די קורסן פאַר בעטאָן־אַרבעטער. ווי האַלטסטו?" „אף קורסן פון בעטאָן־אַרבעטער?" יעגאָר האָט, ווי מיר האָט זיך אויסגעוויזן, א ציטער געטאָן. אָבער געענטפערט האָט ער מיטן זעלבן טאָן, וואָס פריִער: „טוט, ווי איר פאַרשטייט".

ס'איז ניט אַדורך קיין האַלב יאָר, און ליובע טשאַבאַן איז געוואָרן א בעטאָן־אַרבעטערן.

אין עטלעכע כאָדאָשים אַרום האָט מען ליובען באַשטימט פאַר בריגאַדיר, און דעמלט טאַקע האָבן זיך צווישן איר און יעגאָר אוסטינאָוון אָנגעהויבן קריגערײַען.

פריִער האָט אוסטינאָוו ניט געהאַט צו זיך קיין גלײַכן. זײַן בריגאַדע האָט אויסגעפילט צו אָנדערהאַלבן נאָרמעס און אין אַן ערעוו־יאָמטעוו אַפילע צוויי נאָרמעס. אַלע האָבן אים געגלייבט. איז גיי ריכט זיך, אַז ליובע מיט איר בריגאַדע וועלן אים ניט בלויז דעריאָגן, נאָר אָט־אָט אָנהייבן אים אַריבעריאָגן. אוסטינאָוו לעבט עס זייער שטאַרק איבער, ער קאָן מאַמעש ליובעס נאָמען ניט הערן. ס'איז דערגאַנגען בא זיי צו דעם, אַז ווי נאָר זי באַווײַזט זיך ערגעץ, אַזוי אַנטלויפט ער.

איינמאָל איינדערפרי יאָגט מיך אָן אף דער בויונג א פאַרסאָפּעטער מענטש און שרײַט: „אפּן בעטאָן האָט פּאַסירט אַן אומגליק, דער אַרמאַטור־בלאָק האָט זיך אָפּגעריסן און אונטער אים ליגט יעגאָר אוסטינאָוו". ווען איך בין צוגעלאָפן, איז יעגאָר שוין געלעגן אף א ברעזענט. קיין בלוט האָט מען ניט געזען. זײַנע אויגן זײַנען געווען פאַרמאַכט. דאָס פּאָנעם געל, ווי וואַקס. דער דאָקטער און די מעדיצין־שוועסטער האָבן זיך געיישעקט אַרום אים, און, ווי עס פירט זיך אין אַזוינע פאַלן, איז זיך אָנגעלאָפן א וועלט מיט מענטשן. ס'איז אָבער געווען אַזוי שטיל, אַז מע האָט געהערט, ווי שווער און הייזעריק אוסטינאָוו האָט געאָטעמט.

מיטאַמאָל דערהערן מיר א געשריי, פון וועלכן עס איז אונדז אַלעמען דורכגעלאָפן א פראָסט איבערן לײַב. א פרוי האָט אַלעמען פאַנאַנדערגעשטופּט און א פאַל געטאָן צו אוסטינאָוון אף דער ערד: „יעגאָרושקאָ! יעגאָרושקאָ!" אוסטינאָוו האָט אופגעעפנט די אויגן און דאָס פּאָנעם האָט גענומען בא אים לויכטן. מיר האָבן דערזען אין זײַנע אויגן אַזוינס, וואָס פאַר זײַטיקע מענטשן ווײַזט מען עס געוויינלעך ניט אַרויס. די פרוי האָט אים אַרומגעכאַפּט, צוגעדריקט צו זיך, גענומען אים גלעטן די האָר און שעפּטשען: „דו לעבסט, לעבסט... טײַערער מײַנער, ליבער מײַנער... אַזויפיל יאָרן דיך געטראָגן אין האַרצן"...

צו מײַן גרויס פאַרוווּנדערונג דערקען איך אין אָט דער פרוי ליובע טשאַבאַן. כ'האָב זיך מיטאַמאָל דערפילט אַזוי, גלײַך איך וואָלט צופעליק אַנטפּלעקט יענעמס א גרויסן סאָד.

— ווי האַלט עס מיט אים? — האָב איך געפרעגט באַם דאָקטער.

— ס'האָט אים אָפּגעגליקט. די ביינער זײַנען גאַנץ. און איִיך, בירגערן, — האָט דער דאָקטער זיך געווענדט צו ליובע טשאַבאַן, — בעט איך, איר זאָלט דעם קראַנקן לאָזן איצט צו רו.

יעגאָר האָט א קרעכץ געטאָן, ליובע האָט געקוקט אף אים מיט א צעשטראַלטן בליק.

איוואַן פּיאָדאָראָוויטש קוזמיטשאָוו, דער סעקרעטאַר פון פּאַרטיי־ביוראָ, האָט אף א רעגע זיך פאַרטראַכט און פאַרגעזעצט:

— ווער ווייסט, עס קאָן זייער זײַן, אַז ווען ס'זאָל ניט טרעפן דאָס אומגליק, וואָלטן זיי צוליב איבערגעטריבענער שטאָלץ זיך פאַנאַנדערגעפאָרן אין פאַרשיידענע זײַטן, גאָרניט זאָגנדיק איינער דעם צווייטן...

יידיש — שמואל גאָרדאָן.

מוישע טייף

# דאָס גאָלדענע עפּעלע

(פון זעלנערשן בלאָקנאָט)

האָט געלעבט אַמאָל אַ שניַידערל,
האָט זיך אים געכאָלעמט אַ כאָלעם,
דעם שניַידערל,
אַז אינמיטן וועג שטייט אַ בוים,
אַ יונג ביימעלע,
און אויפן ביימעלע הענגט אַן עפּעלע,
אַ גינגאָלדן עפּעלע...
(פ אָ ל ק ס ל י ד)

ס'איז שטיל אין וואלד. עס שוויַיגן אונדזערע הארמאטן,
דער סוינע איז שוין וויַיט. מיר יאָגן אים פון אונדזער היים.
מיר זיצן בא אַ שיַיטער אויסגעמאטערט.
ווי גוט אין וואלד! די ביימער סוידען זיך געהיים...

עס סטארטשען פון דעם שניי די צייכנס פון געשלעגן,
איר זעט די בערגלעך? אָן אַ ציילעם, אָן אַ שטיין...
דאָס איז דער רוסישער, דער פּראָסטיקער געלעגער,
ווו אייביק פוילן וועט דעם פּיַינטס געביין.

אין שיַיטער קאָכט, ווי זון אין כוידעש טאמוז,
די היץ, ווי ווייכע קינדער־נעגעלעך, די באקן ראצט,
עס זיפּצט די קאשע אין די קעסעלעך... ווי כיַיעסדיק דער טאם איז!
אין אש די הויט אף די געבאקטע בולבעס פּלאצט.

עס שפּארט פון זיי ארויס די מעליקע געדערים,
ס'איז הייס! בלאָזט אויס! באשיט מיט זאלץ,
גיסט אָן דעם ספּירט! פארביַיסט מיט הערינג,
און ווארעם ווערט אין מויל און האלדז.

די לעפל הילצערנע אַ צי פון די כאליאוועס,
און ניט געיַילט די קאשע גליַיקע אַ קער, אַ מיש!
זאָל לעבן, ברידער, די סאָלדאטסקע הייליקע פּאטראווע,
אָן אַ דאך, און אָן אַ וויַיב, און אָן אַ טיש...

עס שיפּען גרינע לאפּעס פון די יונגע יאָדלעס,
און ס'קנאקט אַ שרויפיקער געדיכטער פלאם,
די ציינער בליאסקען וויַיסע, ווי געשיילטע יאָדרעס,
די שטיקער כאזער צוגעברוינט... ווי כיַיעסדיק דער טאם!

דו פּילסט, דיַין הארץ קלאפּט לעבעדיק און לוסטיק,
צעשניַיד דעם ברויט! און ווארעם אָן זיַין שטיינערדיקע הויט.
ווער ס'האָט געגעסן ווינטער, בא אַ שיַיטער, ברויט אַ לוסטע,
יאָ, דער קאָן וויסן, ווי געשמאק איז ברויט!

ווי פרישע כאלע אָנגעשמירט מיט האָניק,
דעם גומען קיצלט, קושט די צונג געשמאק.
לעכאַיִם, ברידערלעך! וואס שוויַיגט אונדזער הארמאָניק?
היי, שפּיל, וואסילי! שפּיל אונדז עפּעס, סיביריאַק!

וואסילי, שפּיל! אַ קישעף־שפּיגל איז דײַן ניגן,
איך זע דײַן כאַטקעלע... ס'גייט עמעצער אַרויס...
ווי קייטן גאָלדענע, צוויי צעפּ געפלאָכטענע זיך וויגן,
די אויגן טוויִק־פֿײַכטע באַ דײַן פרוי..

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און עס שטאַרבט דער ניגן, נאָר עס קוויקט די הערצער
שטילער פלאַם פון שײַטער און פון שניי די רו.
עמעץ וועקט מיך: היי, סערזשאַנט, אַהערצו! —
נעענטער צום פײַער, דערצייל אונדז עפּעס דו.

שיט יעדער פון זײַן בײַטעלע מאַכאָרקע אַ ציגײַער
(ווי זיס דער רויך, ווען דו ביסט זאַט!).
אַ ייִדיש מײַסעלע באַם צאַנקענדיקן פײַער
דערציילט זײַנע כאַווירים אַ דיכטער אַ סאָלדאַט:

אין כיסלאַוויטש, צי ליבאַוויטש,
צי אין סמילאָוויטש, אַזאַריטש,
האָט געלעבט אַ ייִד אַ שנײַדער
אין אַ שטעטעלע, אין רײַסן...
הערט זשע, כעווירע, כ'וועל דערציילן
וועגן אים אַ שיינע מײַסע...

האָט דאָס שנײַדערל געהאַט
אײַ, אַ ווײַבעלע, אַ כוואַט!
גרויס איז זי ווי אַ קעזײַעס,
בלויע ליפּעלעך (פון קאַעס!)...
מיט אַ פּענעמל — אַ פײַג,
ווען זי רעדט, איז בעסער שווײַג.
אוי, אַ צינגל — פּעך און שוועבל!
און אַ קעלכעלע — אַ קוויטש.
גאָט באַהיט אײַך און באַשיץ!
זאָגט דער שנײַדער אין אַ שפּאַס
שאַבעס, ווען ער גייט אין גאַס:

— כ'האָב אַ דאָרן, וועלכער ברענט
און ווערט קיינמאָל ניט פאַרברענט...
ווי עס קומט נאָר דער פרימאָרגן,
נעמט זי קלאָגן, נעמט זי זאָרגן:

— קאָן איך שלאָפן? קאָן איך רוען?
אַז די קינדער — קרוע־בלוע,
אוי, עס עקט זיך מיר דאָס לעבן...
ענטפער, קאַלטער לונג־און־לעבער,
נייסט און נייסט אַ גאַנצע וואָך,
פאַרדינסט אַ גילדן מיט אַ לאָך!

נאָר ער מאַכט זיך קעלעיאָדע,
ציט פון נאָדעלע דעם פאָדעם,
מאַכט אַ קניפּל, טוט אַ שפּײַ,
קראַצט דאָס בערדעלע דערבײַ,
און ער זאָגט איר מיט אַ ניגן:

— ראַק דו ווילסט זיך מיט מיר קריגן,
אוי, זוגאָסי, דושע מײַנע,
ווייסטו, וואָס איך וויל דעהײַנע?
ניט קיין ציבעלע מיט זאַלץ,
נאָר אַ קוגעלע מיט שמאַלץ!

ווערט זי גרין און רויט. זי ברענט,
און עס שמאַרצן איר די הענט —
מיט דער לאָפּעטע אַ קנאַק
אין דעם שאַבעסדיקן הליאַק,
מיט דער פאָמעלע אַ שמיץ,
שיסט אין אים אַרײַן אַ קוויטש:

— וואָס, דו טרײַבסט פון מיר קאַטאָוועס?
אוי, דו קאַלטער מאַלכהאַמאָוועס,
פאַר אַ גילדן מיט אַ לאָך
אַ קוגל גאָר? אינמיטן וואָך?!!
אוי, דו יאָלאָפּ, אַלטער טערעך,
ביסט שוין גאָר אַראָפּ פון דערעך,
זאָג מיר, וואָס דיר ווילט זיך נאָך
גלאַט אַזוי אינמיטן וואָך?
באָקסער? טייטלען? פאָמעראַנצן?
זיסע טשאַסטעס און מאַראַנצן?
און אַ לימענע צו טיי?
ווי איז מיר און ווינד און ווי...
עפּשער האָט זיך דיר פאַרוואָלט
ס'קישעף־עפּעלע פון גאָלד?!
גאָט אין הימל ווייסט נאָר איינער —
ציסט דעם קליאָק פון מײַנע ביינער;
נייסט און נייסט אַ גאַנצע וואָך,
פאַרדינסט אַ גילדן מיט אַ לאָך!
זאָגט דער שנײַדער מיט אַ ניגן:

— זאָגסט אַ גילדן? ס'איז אַ ליגן!
כ'האָב אַן אויצער, אַ בורליאַנט,
קוק אין שפּיגל אַף דער וואַנט.

אָט אַזוי ט'געלעבט אַ שנײַדער,
אין כיסלאַוויטש, צי ליבאַוויטש,
צי אין סמילאָוויטש, אַזאַריטש,
אין אַ שטעטעלע, אין רײַסן,
הערט זשע, כעווירע, ביזקל סאָף
וועגן אים די שיינע מײַסע.

ליגט דאָס שנײַדערל אין בעט
און אין כאָלעם ער דערזעט,
אַז אין אויוון ברענט און בראָט...

וואָס איז דאָס, מײַן ליבער גאָט?
עפּעס קלאַפּט און עפּעס קלינגט,
עפּעס בויצקעט זיך און שפּרינגט,
עפּעס קיצלט אים און וועקט...
ווייסט איר וואָס פון אויוון שמעקט?
צימעס פרייעט: שיפּ־שיפּ...
און אַ קרופּניק: כליפּ־כליפּ...
די געבראַטנס: שיק־שאַק...
הינער־לעבער: ציק־צאַק...
ס'אַרא מײַכל! ווי געשמאַק!
וואָס איז דאָ אַ סאַך צו ריידן,
ניט קיין אויוון — אַ גאַניידן!
עסט דאָס שנײַדערל אין שלאָף
כאַלע מיט אַ כאַצי אָף...

ווי ער נעמט זיך צו דעם בײַן,
בלײַבט עס שטעקן אין די ציין.
קוקט דער שנײַדער און דערזעט:
שטייט אַ מאַלעך לעם זײַן בעט!!

— אַ גוטן־אָוונט אײַך, רעב זאָרעך!
אוי, וואָס קינדער, אָן אײַנהאָרע...
איר זײַט, דוכט זיך, קליין און דאַר,
נאָר איר קינדלט, ווי אַ גוואַר!
האַ? וואָס זאָגט איר? קליינע גליקן?
ווײַל די קינדער בעטן פּיקן?

— יאָ, איך ניי און ניי אַ גאַנצע וואָך,
פּאַרדין אַ גילדן מיט אַ לאָך...

זאָגט דער מאַלעך: — שווײַגט אַ ווײַלע!
כ'קום פון בעסדן אָן שעל מײַלע...
כ'שטיי אָף מײַן דעזשורסטווע הײַנט באַגינען
און איך צימבל מיר אָף דאַווידס מאַנדאָלינע,
מיטאַמאָל אַ באַסקאָל: עקסטרע, מאַלעך, מאַך אַ רייס,
צו רעב זאָרעכן אין שטיבל ברענג אַ טרייסט,
ווו זײַן גליק דערוואַרט אָף אים, באַווײַז אים,
און אהינצו מאַך מיט אים אַ רײַזע!
הייבט זיך אוף, רעב זאָרעך! זײַן גענוג צו קרעכצן,
זעצט זיך אָף מײַן פּלייצע, אָט אהערצו....
נאָר די פליגל מײַנע טשעפּעט ניט, פּאַוואָליע,
אָן די פליגל איז דאָך אָך און ווי מײַן דאָליע...
כאָטש אַ נאַקעטער בין איך — איז מיילע!
אָבער פליגל האָב איך, בין איך שוין אַ מיילעך!

פּאַטשט דער מאַלעך מיט די פליגל,
זעצט דעם שנײַדערל אָף זיך,
נאָכאַמאָל אַ פּאַטש די פליגל,
פליט ער, ווי אַ פויגל, גיך —
איבער טימקאָוויטש, באָברויסק,
איבער סמילאָוויטש, לאַהויסק,
איבער סמאָלעוויטש, פּראָפּויסק,
איבער שקלאָוו און ראַהאַטשאָוו,
סטאַרע־ביכאָוו, מאָהיליאָוו...
פליט דער מאַלעך מיטן שנײַדער
הויך אין הימל, ווי אַ בליץ,
איבער פּריפּעט און בערעזע
איבער סאָזש און איבער פּטיטש [1].

אָף די פּריזבעס קוקן ווײַבער:
וואָס איז דאָס, מײַן ליבער גאָט?
ס'איז אַ מאַלעך, ניט קיין מאַלעך,
עפּשער פּאַשעט אַ פּילאָט!!
פּאַטשט דער מאַלעך מיט די פליגל:
— נאָך איין רעגע, אָט אַ באַלד!

און ער לאָזט אַראָפּ דעם שנײַדער
אין דעם קאַמאַרויקער וואַלד...

— דאָ ניט ווײַט, אין וואַלד אין טיפן,
הענגט דײַן גליק, וואָס דו'סט געוואָלט,
אָף אַ דעמבעלע אַ יונגן
הענגט אַן עפּעלע פון גאָלד...
טאַריאַג יאָדערלעך אין עפּל,
זאָלסט פאַרזוכן איינעם בלויז,
דעמלט וועט דײַן דאָברע־מאַזל
גלײַך אַרײַן צו דיר אין הויז.
נו, איך אײַל זיך צו דער אַרבעט,
זײַ געזונט! איך פלי צוריק.
האָסט געוואַרט אָף גליק פון הימל,
אָט איז ער לעם דיר — דײַן גליק!
— — — — — — — — — — —
ס'האָט אַ פּאַטש געטאָן אַ פליגל...
צי אַ פויגל, צי אַ בלאַט,
שטייט דער שנײַדער אַ געליימטער
און זײַן פּאָנעם טויט און בלאַס.

זאַפּרענדיקע קליאָנען־בלעטער
שורשען אונטער זײַנע פיס,
צווילינגלעך אין גרינע העמדלעך —
קלינגען גלעקעלעך — די ניס...

[1] פּריפּעט, בערעזינא, סאָזש, פּטיטש — נעמען פון טײַכן אין ווײַסרוסלאַנד.

און א ווינטעלע א סאמעט
האלט אים פארן האנט און גלעט...
טאטע־פאָטער, וויינט דער שנײַדער,
איך בין אין א הינערפלעט!

...וויפל מאָל האָט ער אין כאָלעם
ס׳גאָלדן עפּעלע געזוכט.

איצט דערזען עס אף א צווײַגל
און זײַן יאָדערל פארזוכט.

האָט ער שטיל געזאָגט א טפילע
און איז אײַנגעשלאָפן מיד,
און א פידל א בעריאָזקע
האָט אים צוגעשפּילט א ליד...

...ס׳איז שטיל אין וואלד.
און אלע שווײַגן בא דעם שײַטער,
נאָר אין די קעסעלעך דאָס וואסער פלאפלט לעבעדיק און זידט,
און ס׳האָט פלוצעם דער הארמאָניק זיך צעקלונגען א פארשײַטער,
און מיר זינגען אלע הייזעריק א ליד...

קלאפט די ליד מיט פליגלען, פליט פון הייסע ברוסטן,
פליט ארײַן אין שײַטער, טרינקט זיך אָן מיט פלאַם,
טוט א קלאפּ די ביימער און א ריס די קוסטעס:
היי, א ווארע מאכט! א ווארע, פרײַ־געראַם!

העכער, בראטצי, שטארקער! לאָמיר אלע זינגען!
הערט נאָר, הערט, ווי ס׳ברעכט זיך אפן טײַך דאָס אײַז!..
עפשער בין איך שיקער, צי אראָפּ פון זינען?
זעט!! —
א מענטש פון וואסער קריכט אהער און שפרײַזט...

שטילער, בראטצי, שטילער! ניין, מע דארף ניט שיסן!
ס׳איז א ייִד פון געטאָ. ער איז גרין און גרוי,
ס׳איז דער אלטער שנײַדער! לאָמיר אים באגריסן:
זדראוויִיא זשעלאיעם, טאָווארישטש פּאַרטנוי!

וויין ניט, אלטער, וויין ניט! דײַנע הייסע טרערן
רײַסן אוף די הערצער און דאָס בלוט צינדט אָן,
וויין ניט, אלטער, וויין ניט! אף די ביקסן־רערן
דײַן נעקאָמע פלאטערט, ווי א פאָן.

זעץ זיך צו צום פײַער, מירן דיך אטכײַען,
מיר, סאָוועטישע סאָלדאטן, דײַנע זין!
גיסט אים אָן א קענדל! זיידעניו, לעכאַים!
שפּיל, וואסילי, הייסער! פריילעך זינג!

עך, דו, יאבלאָטשקאָ,
עפּל רוסישער,
דײַנע בעקעלעך
נאָר צעקושן זיי.

עך, דו, יאבלאָטשקאָ,
סאמעט קעפּעלע,
קײַקל זיך אף גאָרער וועלט,
גאָלדן עפּעלע...



## מאַרק ראַזומני



געבוירן אין 1896 אין שטעטל זאַגער (ליטע). אָנגע־
הויבן זיך דרוקן אין 1921. וווינט אין ריגע.




יך קום אָפּט אַרײַן אין דעם וואַרשטאַט, וווּ ס'אַרבעט מײַנער אַ באַקאַנטער זייגער־מאַכער. איך האָב ליב צו הערן, ווי די זייגערס אַף דער וואַנט מעסטן די צײַט, יעדער איינער מיט אַן אַנדער „טיקטאַק". איך האָב ליב צו שמועסן מיטן אַלטן מײַסטער און אויסהערן זײַנע טשיקאַווע פֿאַרגלײַכן.

— קוקט נאָר, — ווײַזט ער מיר אָן אַף איינעם אַן אומרו, וואָס וואַרפֿט זיך אונטערן ציפֿער־בלאַט מיט גרויס אימפּעט אַהין און צוריק, — קוקט, ווי ער יאָגט עס, ווויל אַרײַנכאַפּן די וועלט! אָבער ס'וועט דיר ניט העלפֿן, מײַן פֿייגעלע, — אויך פֿאַר דיר האָט די שאָ נאָר זעכציק מינוט. קיין רעגעלע ניט מער...

וועגן אַן אַנדער זייגער זאָגט ער:

— זעט נאָר, אַף וואָס פֿאַר אַ פּאָר האַמעטנע געוויכטן ער שפּאַרט זיך דאָס אָן. דאַרף ער דאָך אַלפֿי־סייכל האָבן אַ געדיכטע באַסאָווע שטים, האָ? הערט זיך אָבער צו צו זײַן דינינקן קע־לעכל! פֿון אַ מענטשן וואַרט מען אויך אָפּטמאָל, וועדליק זײַן אויסערלעכקײַט, גרויסע זאַכן, אָבער ווײַזן ווײַזט זיך אַרויס פּונקט פֿאַרקערט.

און איינער אַ זייגער, וואָס לייגט גאָרניט צו צו דעם אַלגעמיינעם טומל, — זײַן אַלטפֿרענ־קישער מעשענער אומרו הענגט אַראָפּ אָן באַוועגונג, — רופֿט בא אים אַרויס אַזאַ באַדאַכטונג:

— און דו, מײַן קרוין, האָסט שוין בּיכלאַל אופֿגעהערט ווײַזן די צײַט? דײַן אומרו איז שוין אינגאַנצן שטיל געבליבן? פּונקט ווי דער מענטש: קאָלזמאַן דער אומרו ברויזט אין זײַן האַרצן, לעבט ער מיט דער צײַט, ווערט אָבער דער אומרו פֿאַרגליווערט, שטאַרבט אָפּ — ווײַזט דער מענטש מער ניט די צײַט. ניט זיך און ניט יענעם.



(אַ מאָשל)


ס איז געשטאַנען זייער אַ הייסער זומער. די הירשן האָבן געליטן פֿון דאָרשט. דער עלטסטער הירש פֿון דער סטאַדע האָט אַרומגעבלאָנדזשעט און געזוכט אַ וואַסער־קוואַל. איינמאָל האָט אים אַ יעגער דערזען פֿונדערווײַטנס און אויסגעשאָסן אין אים. מיט דער קויל אין זײַט איז דער הירש פֿאַרשוווּנדן אין וואַלד. אָבער דער יעגער איז פֿון אים ניט אָפּגעשטאַנען, געגאַנגען נאָך די בלוטיקע שפּורן, און בייס דער הירש האָט פֿונ־דאָסנײַ זיך באַוויזן אַף דער לאָנקע, האָט אים אָנגעיאָגט אַ צווייטע קויל.

מיט די לעצטע קויכעס האָט דער הירש זיך דערשלעפּט צום וואַלד און אומגעריכט אָנגע־טראָפֿן צו אַ מורמלענדיקן קוואַל. ער איז געפֿאַלן, אײַנגעטונקען זײַן שווערן קאָפּ אין דעם פֿרישן וואַסער. די אויגן האָבן פּאַמעלעך אָנגעהויבן פֿאַרלאָשן ווערן...

און ווי ער איז אַזוי געלעגן, האָט זיך אים געגומען דאַכטן, אַז ער הערט עפּעס אַ קאָל:

— דייַן אומגליק איז, וואָס דו האָסט געלאָזט שפּורן נאָך זיך. ווען ניט זיי, וואָלט דיך דער טויט ניט אָנגעיאָגט... פאַרדריסט דיך דאָס ניט, מייַן בידנער הירש?

— נייַן... — האָט דער הירש געענטפערט זיך אַליין. — ס'איז טאַקע עמעס, אַז לויט די שפּורן האָט מיך געפונען דער טויט. אָבער לויט מייַנע שפּורן וועלן דאָך אַנדערע הירשן אויך געפינען דעם וועג צום וואַסער־קוואַל.

# פרייַנטשאַפט

מיט שטאָלצער איינזאַמקייַט ווייעט פון דעם קאַקטוס, וואָס האָט געבראַכט אין הויז פון מייַנע פרייַנט דעם הייסן אָטעם פון מידבער. ער שפּרייט אין אַלע זייַטן שווערד־שאַרפע, מיט שטעכלקעס באַוואַקסענע שפּראָצונגען, ווי קיין זאַך וואָלט אים ניט ליב זייַן, ווי ער וואָלט באַשאַפן געוואָרן נאָר אויף צאָרנדיקן פּאַרמעסט.

לעצטנס אָבער האָב איך באַמערקט, אַז די שווערדן פונעם קאַקטוס נעמען זיך מיט אומגעריכטער פרייַנטלעכקייַט בייגן אויף אַראָפּ און זייַן גאַנצער גאָזלאָניש־צוגעשפּיצטער לעוווּש הילט זיך אין אַ מין מילדקייַט, אַזוי ווי אין אַ שלייער.

איך זוך די סיבה פון דער ווונדערלעכער ענדערונג, און דאָ דערזע איך, אַז פון דער שוואַרצערד, צופוסנס פון דעם באַלגייַוועו, שלאָגט זיך אַרויס אַן איידל סאַמעט־ווייך בלימעלע, וועמעס ציטעריקן וווקס עס באַשירעמט צערטלעך און געטריַי דער שטעכיקער קאַקטוס.

אין עטלעכע טעג אַרום זע איך, ווי איינער פון די העל־גרינע שטייַפע שפּראָצונגען, וואָס האָבן שטענדיק מיט אַזאַ גאַדלעס אַרויסגעקוקט פון בלומען־טאָפּ, הענגט אַראָפּ מאַכטלאָז, ווערט געל און וועלקט אָפּ: דאָס האָט דער קאַקטוס אָפּגעגעבן זייַן שפּייַז און די קראַפט פון זייַן שפּראָצן דעם אומבאַהאָלפענעם בלימעלע...

און דאָ קומען מיר אויפן זינען די יעניקע מענטשן, וואָס זעען אויס, ווי אָט דער קאַקטוס: שטעכיק און פאַרביסן. ניט אַלע ווייסן, אַז הינטער דער אויסערלעכער האַרבקייַט שלאָגט אָפּטמאָל באַ אַזעלכע מענטשן אַ מילד און וואַרעם האַרץ, אַ האַרץ, וואָס ווייסט דעם סאָד פון מאַקריוו זייַן זיך פאַר אַ פרייַנט.

# נאַכעס

איך שטיי אין טראָליייבוס, צוגעשפּאַרט צו דער שויב פון דער שאָפער־קאַבינע. באַם רודער זיצט אַ יונג בלאָנד מיידל. מיט אַ שאַרפן בליק בויערט זי די ווייַט, מיט זיכערע באַוועגונגען פירט זי די גרויסע שווערע מאַשין.

אויפן פאָדערשטן בענקל פונעם טראָליייבוס זיצט אַ מיטליאָריקע פרוי אין אַ קאָפּטיכל און נעמט ניט אַראָפּ איר צעשטראַלטן בליק פון דער שויב, הינטער וועלכער עס גלאַנצט אַזוי כיינעוודיק אויפן שלאַנקן רוקן פונעם מיידל די גאָלדענע האָר־שעפּע. די פרוי ווישט פון צייַט צו צייַט מיטן ברעג טיכל אַ ווינקל פון אויג.

איך בייג זיך צו צו איר און פרעג:

— עפּשער העלפן אייַך מיט עפּעס? איך זע...

זי שלאָגט מיך איבער:

— איר האָט געזען, ווי איך וויין? דאָס איז פון פרייד, פון פרייד...

ווי עס שייַנט, האָט זי נאָר געוואַרט אויף אַ געלעגנהייַט זיך אויסצורעדן. קוים איבערכאַפּנדיק דעם אָטעם, הייבט זי אָן דערציילן:

— ווערט איר דאָך פרעגן, וואָס איז מיט מיר די סימכע? מייַן טעכטערל פון יענער זייַט שויב, — אָט ערשט, דאַכט זיך, געלערנט זי שטעלן די ערשטע טריט, — איז די גאַנצע באַלעבאָסטע איבער אַזאַ מאַשין!... ווען איך גיב נאָר אַ קלער, אַז אָט די אַלע־מענטשן, — מיט אַ ברייטן זשעסט פון די אויסגעהאָרעוועטע הענט טוט זי אַ פיר אַרום זיך, — אַזעלכע פלינקע, אַזעלכע שטאַרקע, אַזעלכע פאַרנומענע, האָבן זיך פאַרלאָזט אויף איר, און זי, מיט אירע איידעלע פינגערלעך...

און, ווישנדיק אַ ווינקל פון די אויגן, גיט זי צו:

— איז פאַר איך מיט מייַן טאָכטערלס מאַשין אַלע טאָג, אַלע טאָג, און קוועל אָן פון נאַכעס...

אווראָם גאָנטאַר

# אפן דעק נײַנטן שטאָק

1

אין דרויסן איז נאָך גוט פינצטער, ווען דער ליפט הייבט זיך אָן טראָגן איבער אלע צוועלף שטאָק פונעם הויז.

וויקע שפרינגט אראָפּ פון געלעגער און לאָזט זיך גלײַך צום פענצטער. זי טוליעט זיך צו מיט די הוילע קני צו דער הייסער באטאריי. דאָס גרויסע הויז קוקט אף איר מיט טויזנט פענצטער. נאָר איר אויג כאַפּט גלײַך דאָס, וואָס זי זוכט, — בא די שנאפּערס אפן נײַנטן שטאָק, פון לינקס, איז שוין ליכטיק...

דאָס מיידל פירט אריבער דעם בליק אף די פארשנייטע ווײַס־בלויע דעכער פון די שכיינישע נידעריקע הײַזער, אף דער מעטראָ־בריק, ווו עס גליטשט זיך דורך דאָס בלויע סטענגעלע פון אן אײַלנדיקן צוג, וואָס איז אָקאָרשט ארויסגעשפרונגען פון טונעל. די לויכטנדיקע לאמטערנס לענגויס דער בריק ווינקען זיך איבער מיט די באלויכטענע פענצטערלעך פון די וואגאָנעס.

— וואָס צינדסטו ניט אָן די שײַן? — דערהערט זיך דער מאמעס קאָל פון־צווייטן צימער.

וויקע ענטפערט ניט. די פינף לעמפּלעך פון דער ליוסטרע צינדן זיך אָן אלע מיטאמאָל. דאָס מיידל טוט זיך פאמעלעך אָן און הערט זיך אײַן אין די קלאנגען, וואָס דערטראָגן זיך דורך דער צוגעמאכטער קאָרידאָר־טיר: אָט האָט זיך אראָפּגעלאָזט פונעם נײַנטן שטאָק איסאק מארקאָוויטש שנאפּער. וויקע איז זיכער, אז דאָס איז ער, — אכט מאָל האָט א קלימפּער געטאָן דער ליפט. אף יעדן שטאָק טוט ער א קלימפּער, פונקט ווי ער וואָלט זיך אָנגעשטויסן אף עפּעס, און גייט ווײַטער...

ס'איז טאקע ער, איסאק שנאפּער, אליקס טאטע, דער מענטש מיט דער שענסטער באָרד אין שטאָט. ער גייט פאמעלעך און באדאכט ביז צו דער מעבל־קראָם, דאָ שטעלט ער זיך אָפּ און פארײַסט דעם קאָפּ צום נײַנטן שטאָק. יאָ, אליק שטייט באם פענצטער.

אזוי כאזערט זיך איבער אלע טאָג.

פון טעלעצענטער איז מען שוין צוויי מאָל געקומען פאָטאָגראפירן איסאק שנאפּערן. עמעס, געקומען איז מען לעכאטכילע ניט צוליב אים, נאָר צוליב אליקן, דעם זון זײַנעם, וואָס האָט פאָריקן ווינטער געראטעוועט א קינד, ארויסגעשלעפּט עס פון אונטערן אײַז און אליין געפערלעך פארשלאפט געוואָרן אף דער שווערער בעכטערעוו־קרענק. אָבער ווען די קאָרעספּאָנדענטן אין די לעדערנע רעקלעך און אין די בלאָווע בערעטקעס האָבן דערזען איסאק מארקאָוויטשעס געכאָליעטע באָרד און נאָך דערצו דערוווּסט זיך, אז דער אלטער איז א סטאָליער אין בארימטן „סמו־7“, זײַנען זיי ניט אָפּגעטראָטן פון אים.

שנאפּערס פרוי, כאנע בענציאָנאָוונע, האָט נאָכדעם דערציילט, אז די לעדערנע רעקלעך האָבן געכאלעשט, איסאק זאָל שפּילן די ראָליע פון עפּעס א פּיראט, נאָר זי האָט אים פארווערט, זי וועט ניט לאָזן ארויסשטעלן אים צום נאר...

וויקע בינדט אונטער מיט דער ווײַסער נייל‏אָן־סטענגע אירע שווארצע האָר און הערט זיך ווידער צו, ווי עס טראָגט זיך דער ליפט. פון זיבן ביז האלב אכט אינדערפרי רוט ער ניט, שטעלט זיך ניט אָפּ אף קיין איין מינוט — אראָפּ און ארויף, אראָפּ און ארויף. די פּאראד־טיר הערט ניט אויף צו קלאפּן און ס'איז נאָר א כידעש, וואָס די גרויסע שויבן פּלאצן ניט פון יעדן טראסק.

וויקע לייגט ניט קיין אכט אפן טומל, ביזוואנען עס דערהערט זיך ניט זינע וואָראָנצאָוועס קאָל. דאָס מיידל מיט דער קלינגענדיקער גרעפישער פאמיליע רופט אויס דער כאוורטעס נאָמען אזוי הויך, אז איבערכאזערן איז שוין ניט נייטיק... וויקע טוט א קלאפּ אין שויב — א סימען, אז זי הערט. זי כאַפּט אף זיך ארוף דאָס געלע היטעלע און, ניט געזעגענענדיק זיך מיט דער מאמען, שפרינגט זי ארויס פון שטוב. ווען די כאוורטעס טרעפן זיך אין גאס, טוליען זיי

זיך צו איינע צו דער צווייטער מיט די באקן. זינעס בלאָווע שמאָלע הייזלעך זייַנען אויסגעוואַל־גערט אין שניי, פון די שווערע שיך קוקן ארויס דיקע וואָלענע שקארפעטן, דאָס שאַלכל איז אראָפּגערוקט אפן נאקן, די העלע האָר זייַנען אָפּגעדעקט, אירע באקן זייַנען אזוי רויט, ווי זיי וואָלטן געפלאַמט פון א ניט געלונגענעם קאָמפּלימענט. זי כאַפּט ארויס אן עפּל פון דעם גע־פלאָכטענעם קוישעלע, טוט א ביס מיט די גרויסע ציין און טראָגט צו דעם עפּל צו דער כאַווער־טעס מויל. וויקע קוקט זיך פריִער ארום.

— בייַס אָפּ, פאר וועמען שעמסטו זיך?

— ס'איז ניט שיין.

— דער גאַנצער וועלט ווילסטו געפעלן.

— און דו?

— האַלעווייַ זאָל איך געפעלן כאָטש איינעם.

— אין ברילן? — פרעגט וויקע פילדייַטיק. דערבייַ פארייַסט זי דעם קאָפּ, פארזשמורעט די אויגן און באטראכט די כאַווערטע פון די פיס ביז די צעשאָטענע בלאָנדע האָר. זי טוט זיך א ריס פון אָרט, גליטשט זיך דורך איבערן גלאַנצנדיקן אייַז־סטעזשקעלע און לויפט ווייַטער. זינע טוט אַלץ נאָך דער כאַווערטע, ווי זי וואָלט זייַן איר שאָטן.

פון פינפטן שטאָק קוקט אָף זיי עסטער לוואָוונע, וויקעס מאמע. מיט פארזשמורעטע אויגן, ווי בא דער טאָכטער, קוקט זי, ביז די מיידלעך פארקערעווען אָף לינקס, צו דער מעטראָ.

עסטער לוואָוונע האָט שוין איצט כאראָטע, וואָס זי האָט נעכטן געהאַט אזא הייסן געשפרעך מיט וויקען: מיט רייד וועט זי בא איר סײַווי גאָרניט פועלן. זי פארשטייט אליין, אז ניט אזוי גרינג וועט וויקע אויסמעקן אליקן פון הארצן, זי קען גוט איר טאָכטער!

לאַנג טראכטן איז אָבער איצט ניטאָ קיין צייַט. עסטער לוואָוונע טרינקט אויס אפגיך די הייסע גלאָז טיי, בריט זיך די פינגער און דאָס מויל, שלינגט די פרעזשעניצע, וועלכע וויקע האָט ניט דערעסן, און, שוין לויפנדיק פון די טרעפּ, פארשפיליעט זי אָף זיך דאָס האָזן־פעלצל.

אין אווטאָבוס באגעגענען זיך אלע אינדערפרי קימאַט איינע און די זעלבע מענטשן. עסטער לוואָוונע ווייסט שוין, אז אויב זי טרעפט דאָ די דינינקע אינדזשענערן מיט איר פיריאָריק זונעלע, איז שוין שפּעט, וועט זי צו דער ארבעט פארשפּעטיקן אָף א מינוט צען. פון זינט עס האָבן זיך אָנגעהויבן די פרעסט, האָט דאָס שווארצע ייִנגעלע מיט די צוויי גרויסע פארכידעשטע אויגן זיך אַלץ מער געטוליעט אין דער מוטערס דינע פארביקע שאַלן. אין אווטאָבוס האָבן אלע זיך גע־שראָקן, דאָס קינד זאָל זיך ניט פארקילן, און געייצעט דער אינדזשענערן אים אָנטאָן ווארעמער. הייַנט איז דער קלייניקער שוין געווען אין וואָליקעס און אין גרויסע וואָלענע הענטשקעס.

עסטער לוואָוונע זעט דאָס אַלץ, ווי דורך א נעפּל. שוין זיצנדיק בא איר טיש אין דער בוי־קאָנטאָר, כאַפּט זי זיך, אז די גאַנצע צייַט גייט איר פון קאָפּ ניט ארויס די טאָכטער.

אין דער צווייטער העלפט טאָג האָט זי ניט אויסגעהאַלטן און אָנגעקלונגען אהיים, נאָר צום טעלעפאָן איז קיינער ניט צוגעגאַנגען. זי האָט געפּרוּווט זיך אייַנריידן, אז וויקע האָט זיך פאר־האַלטן אין אינסטיטוט, דאָס הארץ אָבער האָט איר געזאָגט, אז גיכער פון אַלץ איז וויקע בא אליקן, די ארבעט איז איר געפאַלן פון די הענט. דאָס וויפלטע מאָל מאַכט זי אפן רעכענונגס־ברעט איין און דעם זעלבן כעזשבן און יעדעס מאָל באַקומט זיך אן אנדער רעזולטאַט.

דער הויפּט־בוכהאַלטער וולאדימיר אנדרייעוויטש האָט ארויסגעשטעקט פון אונטער דעם סטאָס פאַפּקעס זייַן גרויסן צעשויבערטן קאָפּ און געכאַפּט א קוק אָף עסטער לוואָוונען. דער דאָ־זיקער מענטש מיט די שווערע הענט און פיס, וועלכן עס האָט גיכער געפּאַסט זייַן א שטאַנגיסט איידער א כעזשבנפירער, האָט שטענדיק געפילט די מינדסטע נעשאָמע־באַוועגונג פון אָט דער פרוי, אָף וועלכער ער שרייַבט העכער, ווי אָף אלעמען, אלע זעקס יאָר, וואָס זי ארבעט דאָ. און געשריִען האָט ער, ווייַל טיף אין הארצן זייַנען פארבאָרגן געווען פאר איר שטילע און צארטע ווערטער. דאָס געשריי איז געווען די צוים, וואָס האָט ניט דערלאָזט, אז די דאָזיקע ווערטער זאָלן זיך ארויסרייַסן פון הארצן מיט א נאָך גרעסער געשריי. אויך איצט האָט ער דערפילט, אז עפּעס איז פאָרגעקומען מיט איר, און סאָפּקאָלסאָף באשלאָסן זיך אויסשרייַען, אנדערש וועט ער אוועקפאטערן דעם טאָג און גאָרנישט ניט קאָנען טאָן. ער האָט ארייַנגערוקט די פיס אין די גרויסע שטעקשיך, וואָס זייַנען געשטאַנען אונטערן שרייַבטיש, און זיך געלאָזט צו עסטער לוואָוו־נען. שטיל, ווי קיינמאָל, נאָר דאָך מיט רוגזע, האָט ער געזאָגט:

— אז מע פילט זיך ניט מיט אלעמען, גייט מען אהיים... וואָס איז דאָס זיצן און קלאַפּן מיט די ביינדלעך אָן א טאָלק?

זי האָט מיט א גוטן שמייכל א קוק געטאָן אָף זייַן גראָוון קאָפּ, אָף די גרויסע הענט, אין וועלכע ער האָט געהאַלטן א דיקע פאַפּקע מיט אן אופשריפט «Накопительная ведомость»,

און דערבײַ א טראכט געטאָן וועגן אים: „אזא איז פֿייִק טראָגן א פרוי אף די הענט...“ געענטפערט האָט זי געלאסן:

— וויקע איז ערגעץ פארפאלן געוואָרן, איך האָב זיך צעווערטלט מיט איר.

ער האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ: ער פארשטייט, הייסט עס, און ניט אומגעקערט זיך צו זײַן אָרט, ביז זי האָט ניט צונויפגעלייגט אלע אירע פאפקעס אין די טישקעסטלעך.

אין א האלב שעה ארום איז עסטער לוואָוונע שוין געשטאנען לעבן דער שטוב־טיר. א ווײַלע זיך אײַנגעהערט אין דער שטילקײַט, האָט זי דערפילט, אז אין שטוב איז קיינער ניטאָ. בײַסן אופשליסן די טיר האָט אָנגעהויבן קלינגען דער טעלעפאָן, זי האָט קוים באוויזן צולויפן.

— ווּ ביסטו דאָס פארפאלן געוואָרן? — האָט זי ארײַנגעשריִען אין טעלעפאָן־טרײַבל, דערקענענדיק דער טאָכטערס קאָל. — בא די שנאפערס ביסטו? ווידער דאָרט?

וואָס עס זאָל ניט זײַן, טאָר זי ניט דערלאָזן, אז וויקע זאָל אָפּטאָן אזא נארישקײַט. שוין גענוג, וואָס זי אליין האָט פארשפילט איר לעבן. קיין שום אידעאליזם! קיין שום סענטימענטן! זי וועט ניט דערלאָזן, אז איר טאָכטער זאָל ווערן א דינסט בא איר אייגענעם מאן, וואָס איז פארמישפעט צו בלײַבן אפן גאנצן לעבן א קאליקע.

זי האָט א קוק געגעבן אין שפּיגל. די שלאָפלאָזע נאכט האָט זיך באהאלטן אין די קישעלעך, וועלכע זײַנען אופגעלאָפן אונטער די אויגן. פאָריקע נאכט האָט זי ניט צוגעמאכט קיין אויג. אין דער פינצטער האָט, ווי אף אן עקראן, דורכגעשווינדלט איר ניט געראָטן לעבן. אייגנטלעך, איז זי שוין ניט זיכער, צי האָט זי געהאנדלט ריכטיק. איצט האָט זי דערוף כאראָטע. ווייניק מאנצבלען האָבן אפן פראָנט, בײַס דעם קריג, ניט גערעכנט פאר קיין גרויסער זינד א צײַטווײַליקע ליבע? דעמלט האָט זי אזוי ניט געקאָנט טראכטן. גלײַך ווי זי האָט זיך דערוווסט וועגן דעם, האָט זי אים אָפּגעשיקט דעם אטעסטאט און אפילע קיין וואָרט ניט אָנגעשריבן. אין א וואָך ארום איז ער עקסטרע געקומען צו פליִען. דאָס קינד האָט ער אין שטוב ניט געטראָפן. זי האָט באוואָרנט, אז וויקען, וועלכער ס'איז דעמלט געגאנגען דאָס פינפטע יאָר, זאָל ער ניט זען.

...ער איז ארײַן אין שטוב, ווי א וויכער, א דערשראָקענער און פארלוירענער. זי האָט אים אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז די פיס, אים דערלאנגט זײַן בריוו און מיט שפּאָט געזאָגט: „א מענטש, וואָס האָט אזעלכע סוידעס, דארף זײַן אקוראטער...“ ער האָט זיך גלײַך געכאפּט, וואָס ס'איז געשען, — פארפלאָנטערט די אדרעסן: עסטער האָט באקומען זײַנעם א בריוו, וועלכער איז געווען געשריבן פאר אן אנדערער...

זי האָט אים דאן ניט מוחל געווען. ניין, זי ווייסט, אז זי האָט געהאנדלט ריכטיק, עס האָט איר אָבער געקאָסט טײַער.

דוכט זיך, ס'האָט נאָך ניט געטראָפן, אז עסטער לוואָוונע זאָל ניט דערקענען דער טאָכטערס קלונג. דאָס מאָל האָט עס געטראָפן. דאָך האָט זי ווי שטענדיק דורכגעלאָזט וויקען פאָרויס, פארלייגט דאָס קייטעלע אף דער טיר און אוועק אין קיך אָנצינדן די פּליטע.

— וואָס טוסטו גאנצע טעג בא די שנאפערס? — האָט זי גערעדט הויך, אז וויקע זאָל זי הערן פון קיך.

— מיר האָבן הײַנט געצייכנט.

— ווער איז דאָס דער „מיר“?

— אליק האָט מיר געהאָלפן.

די מוטער האָט ניט געזען דעם אויסדרוק פון דער טאָכטערס פּאָנעם, נאָר איז זיכער געווען, אז קיין איין מוסקול האָט ניט קיין ציטער געטאָן אף איר געזיכט. „וויקע טוט דאָס, וואָס דאָס הארץ זאָגט איר, — האָט זי געטראכט. — נאָר לעבן מיטן הארצן איז א צו גרויסער לוקסוס פאר א מיידל, וואָס איז אויסגעוואקסן אָן א פאָטער“... זי האָט אליין זיך איבערגעריסן דעם געדאנק און מיט געמאכטן גלײַכגילט איבערגעפרעגט:

— מיט אליקן האָסטו געצייכנט?

— מיט אליקן, וואָס כידעשסטו זיך?

— איך האָב געטראכט, אז מײַן טאָכטער האָט מער סייכל און מער ווירדע...

וויקע האָט ניט געענטפערט. זי האָט פארשטאנען, וואָס מיט דער מאמען קומט איצט פאָר. זי האָט זיך שטיל ארײַנגעשארט אין קיך און פון אונטער דער פלייש־מאשינקע, וועלכע די מאמע האָט געדרייט, ארויסגעכאפּט א שטיקל רויען פארש. דורך די האלב אראָפּגעלאָזטע אויגן־לעפלעך האָט זי א קוק געטאָן אף דער מוטער.

— פארוואָס ביסטו הײַנט אזוי פרי געקומען אהיים, מאַ?.. — זי האָט מיטביידע הענט צונויפגענומען דער מוטערס האָר, וואָס האָבן זיך צעשאָטן איבערן פּאָנעם, און מיט א האָרנאָדל זיי פארשפיליעט אף ארונטער. — הײַנט וועל איך שוין אינערגעץ ניט גיין, מאַ, מיר וועלן דעם גאנצן אָוונט זיצן באם טעלעוויזאָר, ווילסט? — זי האָט ארײַנגעקוקט דער מאמען אין די אויגן און גע־

וואָרט, דער אויסדרוק זייערער זאָל ווערן וואַרעמער. — איך ווייס דאָך, דו ווילסט מיט מיר נאָך ריידן...

עסטער האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אף יאָ.

2

שוין באַלד א יאָר, ווי אין הויף פּאַרט אַלע אינדערפרי אַרײַן די ליכטיק־גרויע מאַשין מיט דער רויטער אויפשריפט „מעדיציניש הילף". פּינקטלעך, ווי א זייגער, קומט די פעלדשערן יעקאַ־טערינאַ איוואַנאָוונאַ מאַכן אַליקן אײַנשפּריצונגען. זי רעדט קימאַט ניט מיט אים, זי קוקט נאָר מיט אַזעלכע אויגן, אַז אים אַליין ווילט זיך שטענדיק באַרויִקן די דאָזיקע פרוי, זאָגן איר, אַז אַלץ וועט גוט זײַן, אַז ער וועט גיך געזונט ווערן.

אַמאָל טרעפט, אַז אויך זי פּרוּווט זיך אים טרייסטן:

— ניטאָ קיין שלאַפקײַט, וואָס מע זאָל ניט קאָנען בײַקומען מיט הײַנטיקע מעטאָדן, — זי רעדט אַזוי, אַז די ווערטער אירע זאָלן קלינגען איבערצײַגנדיק, כאָטש ווייסן ווייסט זי גוט, וואָס אַזוינס איז די בעכטערעוו־קרענק. נאָר דער פּראָפעסאָר קרילאָוו האָט ניט לאַנג צוריק געזאָגט, אַז אין כינע היילט מען זי יאָ.

איינמאָל האָט יעקאַטערינאַ איוואַנאָוונאַ דערטאַפּט וויקען און שטרענג, ווי א ריכטער, מיט איר אײַנגעטײַנעט:

— זאָלסט וויסן זײַן, טאַטעלע, אַז קיין שפּילכל איז עס ניט. אויב דו פּילסט זיך ניט בעקויעך, איז זוך אויס א גרינגערן וועג, דו האָסט, דוכט זיך, צו א שיין פענעמל...

וויקע האָט בייז זי איבערגעשלאָגן:

— אויב איר קלײַבט זיך קוקן אין פּאָנעם און ניט אין האַרצן אַרײַן, איז מישט זיך בעסער ניט!

— אָ־אָ! — האָט די פעלדשערן זיך פאַרוווּנדערט. — אַזוי געפעלט מיר, דאָס זײַנען גאָר אַנדערע רייד... — זי האָט אַנגענומען דאָס מיידל פאַר די הענט און אַרײַנגעקוקט איר אין די אויגן, גלײַך זי וואָלט זיך געקליבן דערזען דאָרט וויקעס צאַפּלדיקע נשאָמע.

* * *

אָנגעהויבן האָט זיך עס שוין זייער לאַנג, נאָך אין דער קינדהײַט. עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד האָבן זיי געפירט צווישן זיך א מילכאָמע, ביז ביידע האָבן פאַרשטאַנען, אַז זיי האָבן זיך ליב.

שולדיק אין דעם קריג איז געווען אַליק.

עטלעכע וואָכן האָט אין גרויסן שול־זאַל נאָך די לימודים געררוישט און געקאָכט. מע האָט זיך געגרייט צום נײַיאָר־אָוונט: רעפּעטירט, געמאָלט דעקאָראַציעס, גענייט קאָסטיומען פאַר דער „שניי־מאַלקע".

איסאַק מאַרקאָוויטש שנאַפּער, דער אַקטיוויסט פונעם עלטערן־קאָמיטעט, האָט קאָמאַנדע־וועט מיט די כעוורע, וואָס האָבן געבויט די בינע. זײַן קאָל האָט מען געהערט אין דער גאַנצער שול. זײַן גרויסע באָרד האָט מען געזען אף אַלע שטאָקן. ער האָט געטאַסקעט פונעם סקלאַד לאַנגע שאַלעווקעס, אַלטע פּאַרטעס און טישן מיט אַזאַ גרינגקײַט, גלײַך ער וואָלט געהאַט צו טאָן מיט שפּענדלעך. די כעוורע האָבן מיט קינאָ געקוקט אף זײַנע הענט, וואָס האָבן געטאָן אַלץ גרינג און געשיקט. דערפאַר טאַקע האָבן זיי אין דעם טאָג פון דער פאָרשטעלונג אויסגעזעהיט צוויי שטולן לעבן דער סאַמע בינע און זיי קיינעם ניט אָפּגעטראָטן, ביז איסאַק מאַרקאָוויטש מיט כאַנע בענציאָנאָוונע האָבן זיי ניט פאַרנומען.

ניט בלויז דאָס איז פאַרן סטאָליער געווען אומגעריכט. אומגעריכט איז פאַר אים אויך געווען, וואָס וויקע און אַליק זײַנען פּלוצעם אַרויס אף דער בינע.

ווען וויקע, די שניי־מאַלקע, האָט זיך באַוויזן, האָט באַ אַלעמען אין זאַל אַזש פאַרכאַפּט דער אָטעם. שיין, ווי א פּאַווע, האָט זי אויסגעזען אין די גאָלדענע שיכעלעך אף די הויכע קנאַפּל, אין דער גאָלדענער קרוין און אין דעם לופטיק ווײַסן קליידל, פון וועלכן עס האָבן זיך געשאָטן פינקלענדיקע שטערנדלעך.

איר הויך פאַרהייבענעם קאָפּ מיט די שוואַרצע פּרוזשיניקע האָר־גלעקעלעך האָט זי גע־טראָגן אַזוי, ווי זי וואָלט אינדערעמעסן אַראָפּגעקומען אַהער פון א מײַסע־ביכל.

די ייִנגלעך פון די עלטערע קלאַסן האָבן זיך איבערגעקוקט און אָנגעפרעגט איינער באַם אַנדערן, ווער דאָס איז.

די שניי־מאַלקע האָט אויסגעשטרעקט די הענט, און א שטורעם פון ווײַסע שניי־פּליטערלעך האָט פאַרהוילן אַלץ און אַלעמען.

„די בערג וועל איך פאַרפרירן און די טאָלן,
די טײַכן קאָוועון און די הערצער קאַלט מאַכן, ווי אײַז"...

אַזוי האָט געוואָרנט די שניי־מאַלקע, און אין זאַל איז דערפון מיטאַמאָל ווי אָף אַן עמעס קאַלט געוואָרן. אין דעם געוואָי פון ווינט, אין דער פינקלדיקער ווײַסקייט האָט זיך באַוויזן דער פרינץ.

כאַנע בענציאָנאָוונע האָט אַ ציטער געטאָן און אָנגעכאַפּט דעם מאַן פאַר די קני:

— איסאַק, טו מיך אַ קניפּ, ס'איז דאָך אונדזער אַליק!

איסאַק מאַרקאָוויטש האָט זיך אַ צי געטאָן פאָרויס, אַרײַנגעכאַפּט אין ביידע הענט די באָרד און קוים זיך אײַנגעהאַלטן ניט אַרויסצורופן אָף אַ קאָל דעם נאָמען פון זײַן זון.

כאַנע בענציאָנאָוונע האָט אים צו דער צײַט וועקגעזעצט אָף אַן אָרט. אָבער שפּעטער מיט עטלעכע מינוט, ווען דער פרינץ האָט זיך אָנגעבויגן איבער דער שלאָפנדיקער שניי־מאַלקע און איר אַ זאָג געטאָן: „איך האָב צו דיר פאַרבלאָנדזשעט" און באַלד טאַקע זי אַ קוש געטאָן, איז שוין ניט בלויז דער אַלטער שנאַפּער אונטערגעשפּרונגען פונעם בענקל. אין דעם פאַרטונקלטן זאַל האָבן אָנגעהויבן סקריפּען די בענק. עס האָט זיך דערהערט אַ שושקערײַ, וואָס האָט דערמאָנט אָן דעם רויש פון אַ ראָי בינען. עמעצער האָט פּישטשענדיק אַ לאַך געטאָן און זיך פאַרשטעלט מיט די דלאָניעס דאָס מויל. אַלע האָבן פאַרשטאַנען: דער קוש איז געווען טאַקע אָפּאַנעמעסן.

נאָר כאָטש זי איז דעמלט געווען ערשט אין זעקסטן קלאַס, האָט איר געקלעקט סייכל פון אַ פּרוּוו צו מאַכן דעם אָנשטעל, אַז ס'איז גאָרניט פאָרגעקומען.

זי האָט רויִק געעפנט די אויגן, איז אופגעשטאַנען פון אָרט און מיט אַ שמייכל באַטראַכט דעם פרינץ, דערנאָך אויסגעצויגן צו אים די לינקע האַנט און שטאָלץ, ווי עס פּאַסט פאַר אַ מאַלקע, אַוועקגעפירט פון דער בינע איר אויסלייזער, וואָס האָט אַרײַנגעטאָטעמט אין איר פאַרפרוירענער נעשאָמע מענטשלעכע וואַרעמקייט.

אין זאַל האָט מען געשריִען „בראַוואָ". קימאַט אַלע האָבן אָנגעהויבן טראַכטן, אַז ס'איז גאָרנישט ניט געשען, אַז אַזוי האָט עס געדאַרפט זײַן, אָבער הינטער די קוליסן איז די שניי־מאַלקע מיטאַמאָל פאַרענדערט געוואָרן. הייסע פײַערלעך האָבן זיך אָנגעצונדן אין אירע אויגן. אַ רעגע האָט זי געקוקט אָף אַליקן, ווי זי וואָלט אים אָף אַן עמעס געוואָלט פאַרפרירן, דערנאָך זיך אַ וואָרף געטאָן אָף אים און אײַנגעביסן זיך מיט די ציין אין זײַן אַקסל. דאָס יִינגל האָט אַזאַ קוויטשע געטאָן, ווי מע וואָלט אים געשניטן. וויקע איז אַנטרונען געוואָרן.

פון דעמלט אָן האָט מען דעם באָכער אַ נאָמען געגעבן „דער פאַרבלאָנדזשעטער". די צונעמעניש האָט זיך גלײַך צוגעקלעפּט צו אים. אַפילע אין דער היים האָט מען אים אַזוי גערופן. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע צווישן וויקען און אַליקן.

פאַרשטייט זיך, אַז דער באָכער, וואָס איז עלטער געווען פון וויקען אָף צוויי יאָר, וואָלט זיך גרינג געקאָנט ספּראַווען מיט איר, נאָר ס'איז געווען אַ ביזויען זיך „וואָזשען מיט אַזאַ פּיסקליאַ".

וויבאַלד וויקע האָט פאַרשטאַנען, אַז שלאָגן וועט ער זי ניט, האָט זיך איר שוואַכקײַט פאַרוואַנדלט אין אַ קויעך.

דעם גליטש, וועלכן די כעוורע פונעם הויף האָבן עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד פאַרגאָסן אונטער דער אָנפירונג פון אַליקן, האָט עמעצער צעהאַקט און צעקאַרדאַשעט, ווי אים וואָלט צעטאָפּטשעט אַ טאַבון פערד, געקאָוועטע מיט שאַרפע פּאָדקעוועס. אַליק האָט זיך אָנגעשטויסן, וועמעס אַרבעט דאָס איז, ער האָט זיך אָבער ניט פאָרגעשטעלט, אַז זי וועט זיך נאָך איבערנעמען דערמיט.

— אַוואַדע האָב איך צעהאַקט דאָס אײַז! — האָט זי אים אַרײַנגעקוקט גלײַך אין די אויגן. — איז וואָס זשע וועסטו מיר טאָן, „פאַרבלאָנדזשעטער"?

אַליק האָט אַזש אָנגעהויבן פינטלען מיט די אויגן פון אַזאַ ענטפער. די האַנט האָט זיך אַ הייב געטאָן און איז שוין גרייט געווען אָנכאַפּן איר גראָבן צאָפּ. זי האָט אַ פּריסקע געטאָן, ווי אַ קאַץ, און איז אַוועק פון אים צו די קלענערע קינדער, מיט וועלכע זי האָט זיך געשפּילט אין הויף.

3

זיי געדענקען שוין אַליין ניט, וויאַזוי זיי זײַנען צוריק כאַווער געוואָרן. די עלטערן האָבן, פאַרשטייט זיך, ניט גערעדט וועגן דעם, נאָר אָן שום רייד איז געווען קלאָר, אַז דאָס איז אַ באַשערטע פּאָר.

יענעם זומער האָט אַליק פאַרענדיקט די שול און אַלע צוזאַמען האָבן אים געייצעט, ער זאָל אָנגעבן די פּאַפּירן אין בוי־אינסטיטוט.

צען מאָל אַ טאָג האָט דאָס מיידל זיך אופגעהויבן אָפן נײַנטן שטאָק צו אַליקן, און צוואַנציק מאָל אין טאָג האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט צו איר אָפן פינפטן. אַז מע האָט שוין ניט געהאַט וועגן

וואָס צו ריידן, האָט מען גלאַט אָנגערופן איינער דעם אַנדערנס נאָמען. וויקע! — אַליק! וויקע! — אַליק!.. — האָט געקלונגען זייער פייגל־שפּראַך.

און אַז איינמאָל האָט געטראָפן, זיי האָבן זיך צעשטורכעט, זײַנען אַלע אַרומגעגאַנגען אָנגעבלאָזענע. איסאַק מאַרקאָוויטש האָט ניט אויסגעהאַלטן און איבער עפּעס אַ קלייניקייט זיך צעשריִען אויף אַליקן.

כאַנע האָט געכאַפּט אַ קוק אויפן זון, און יענער האָט שוין פאַרשטאַנען, וואָס ער האָט צו טאָן. ער איז אַרויס פון שטוב — און אין עטלעכע מינוט אַרום האָט זיך שוין אויף די טרעפּ געהערט וויקעס קאָל. איסאַק מאַרקאָוויטש האָט אַרויסגענומען פון בופעט דעם ווײַסן גראַפינטשיק און אָנגעגאָסן דרײַ קעלישעקלעך. אַליקן האָט ער אומיסטן פאַרפעלט, און פאַרן אויסטרינקען געזאָגט:

— מע דאַרף זײַן אַ מענטש, אַ מענטש דאַרף מען זײַן...

* * *

כאַנע בענציאַנאָוונע האָט געפּויעלט בײַ עסטער לוואָוונע, אַז אויף די קאַניקולן זאָל זי אָפּלאָזן וויקען מיט זיי קיין טוטשקאָווע, אויף דער זומער־וווינונג הינטער מאָסקווע.

נאָך צוריק מיט אַ יאָר צען האָט דער סטאָליער צונויפגעקלאַפּט אַ קורין בײַם ראַנד וואַלד. עטלעכע זומערס נאָכאַנאַנד האָט די גאַנצע מישפּאָכע געהאָרעוועט אַרום דעם קורין, ביז זיי האָבן געמאַכט פון אים אַ „צאַצקע" מיט אַ רויטן דאַך און גרינע לאָדנדלעך.

דעם ערשטן פרימאָרגן אין טוטשקאָווע איז אַליק אויפגעשטאַנען פריִער ווי שטענדיק, נאָר וויקען אויפן אָרט שוין ניט געטראָפן. אין דעם היי פון דעם צעטאָפּטשעטן סטויגל, וווּ זי איז די נאַכט געשלאָפן, האָט ער געפונען איר בלאָווע האַלדזטיכל מיט די ווײַסע פּינטעלעך.

די באָרוועסע פיס זײַנע האָבן געשפּירט די קילע פאַרטאָגיקע ראָסע פונעם גראָז. אַ ציטער, וואָס איז דורכגעגאַנגען אַזש ביז די צעשפּרייטע נאָז־לעפּלעך, איז איבערגעלאָפן איבער זײַן לײַב, און ער האָט דערפילט די שווערקייט פון זיך אַליין, די פרוזשיניקייט פון די שטײַפע הענט און פיס, די אָנגעצויגנקייט פון דער ברוסט. ער האָט זיך אָנגעבויגן און מיט די ליפּן אויפגעהויבן דאָס לופטיקע טיכעלע. אַ ווינטל האָט עס אונטערגעכאַפּט און אים פאַרדעקט דערמיט דאָס פּאָנעם, פאַרמאַכט די אויגן.

אַזוי, אין די קורצע סאַטינענע הייזלעך, מיטן טיכעלע אין מויל, האָט ער זיך געלאָזט לויפן צום וואַלד. דאָרט, אין דער טיפעניש, איז נאָך אינגאַנצן פינצטער. די שוואַרצע יאָדלעס הוידען די שפּיצן זייערע, וואָס גיבן אויף אַ ווײַל אַ בלישטשע און ווערן ווידער טונקל־גרין, די נאָדעלעך האָבן זיך שוין דאַפקע אײַנגעשטאָכן אין דעם ערשטן שטראַל, נאָר אײַנהאַלטן אים ניט געקאָנט.

און ער, דער יונג, לויפט מיט אַ פאַריסענעם קאָפּ, וואַרפט הויך די באָרוועסע פיס, ווי אַ יונגער לאָשעק, היט זיך ניט פאַר די צווײַגלעך און שטענגלעך, וואָס סטאַרטשען פון אַלע זײַטן און דראַפּען זײַן נאַקעט לײַב, די באָרוועסע פיס. ער צעשפּרייט די הענט אין די זײַטן און טשורבעט מיט די זשמעניעס גאַנצע הויפנס בלעטער פון די קוסטעס, דערבײַ פילט ער, אַז אינווייניק אין אים קײַקלט זיך אַ געלעכטער, וואָס וועט באַלד מיט קויעך עפענען בײַ אים די ליפּן און אַרויסרײַסן זיך אויף דער פרײַ. מיטאַמאָל רײַסט זיך אַרויס פון זײַן ברוסט אַ ווילד געשריי: האָ־האָ־האָ! האָ־האָ־האָ! — דאָס געשריי קלינגט אָפּ אין די שוואַרצע שטאַמען פון די יאָדלעס, אין די ווײַסע בערעזעווע שטאַמען. אַלע ביימער אין וואַלד הייבן זיך אָן שושקען: — דער יונגער מענטש איז אין וואַלד... די פייגל הייבן אָן צו גוואַלדעווען, נאָר שרעקן זיי זיך ניט, זיי ווייסן אויך: — דער יונגער מענטש איז אין וואַלד, און קיין שלעכטס וועט ער קיינעם ניט טאָן.

אַליק לויפט לאַנג, נאָר קיין מידקייט פילט ער ניט. אָט האָבן די טאַנען זיך אָנגעהויבן אַראָפּלאָזן באַרג־אַראָפּ צום ברעג, גלײַך זיי וואָלטן געגאַנגען צום טײַך זיך אָנטרינקען. ער דערלויפט ביזן וואַסער, וואָס האָט ערשט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם נאַכט־צודעק און עס שלאָגט נאָך פון דעם אַ וואַרעמע פּאַרע.

צווישן דער טונקעלער גרינקייט, וואָס אויף יענער זײַט טײַך, טוען אַ בלענד צוויי ראָזע הענט. ער דערקענט זי גלײַך. נאָך איידער ער באַווײַזט זיך אַרומקוקן, שווינדלט דורך איר דינינקער קערפּער און שנײַדט זיך אַרײַן אין וואַסער.

— וויקאַ־אַ! — שרײַט ער. — ווי־קאַ־אַ! — און ווי ער גייט און שטייט וואַרפט ער זיך אין טײַך אַרײַן און לאָזט זיך מיט אַלע קויכעס שווימען איר אַנטקעגן. דאָס מיידל דערזעט אים און עס באַפאַלט זי אַ שרעק.

„ס'איז עפּשער עפּעס געשען", טראַכט זי.

— פאַרוואָס ביסטו אַנטלאָפן? — דערהערט זי נאָך פונדערווײַטנס, און באַרויִקט זיך גלײַך. ווען זיי קומען זיך צונויף, נעמט ער זי מיט דער רעכטער האַנט אַרום בײַם גאַרטל און זי לייגט

ארוף איר לינקע האנט אף זײַן פלייצע. אַט אזוי שווימען זיי אַן רייד און פריסקען מיט די ליפּן, דאָס וואסער זאָל אין מויל ניט אַרײַן.

אײַנגעבויגענע שפּרינגען זיי ארויס אפן ברעג און נעמען פּאַכען מיט די הענט, שפּרינגען אף איין פוס, דאָס וואסער זאָל ארויס פון די אויערן. זיי נעמען זיך פאר די הענט און לאָזן זיך לויפן צוריק אין וואלד אריין. לויפנדיק, ווארפט וויקע ארוף אף זיך דאָס דינע קליידל, וואָס כאַפּט זיך באלד צו צום נאסן לײַב און טאָקט אויס איר קערפּער.

זיי האלטן זיך פאר די הענט און לויפן בארג־אַראָפּ און בארג־ארוף, אלע מאָל טרעפן זיי זיך מיט די אויגן און דאַן דריקן זיך שטאַרקער צונויף זייערע פינגער.

— א־ליי־ק! — האָט אין וואלד, צווישן די שווארצע יאָדלעס און ווײַסע בערעזעס, א קלונג געטאָן דעם סטאַליערס קאָל.

— א־ליי־ק! — האָבן די ביימער אים פינקטלעך נאָכגעמאכט.

און ביידע, סײַ אליק, סײַ וויקע, האָבן פארשטאנען, ווער עס רופט זיי, און אָפּגעענטפערט ביידע מיטאמאָל:

— הא־הו־ו!..

א גאנצן טאָג האָבן וויקעס אויגן זיך געלויכטן, ס׳האָט זיך געדאכט, זיי זײַנען צוויי מאָל גרעסער געוואָרן. אפּדערנאָכט, אין דער פינצטערניש, ווען כוץ זיך אליין זעט מען קיינעם ניט, האָט זי געזאָגט אליקן דאָס, וואָס ער האָט שוין געוווּסט פון לאַנג:

— דו ווייסט כאַטש, מײַן „פארבלאָנדזשעטער", ווי שטארק איך האָב דיך ליב?

4

ווען אליק איז נאָך געווען געזונט, האָט עסטער לוואָוונע געהאלטן, אז וויקעס אויסוואַל איז ניט אינגאנצן קיין געלונגענער. איר טאָכטער, האָט זי געטראכט, וואָלט געקאָנט אויסרעכענען אף עפּעס בעסערס. זי האָט זיך אָבער ניט געמישט. נאָר ווען אליק איז קראנק געוואָרן און עס איז געווען קימאַט ווי זיכער, אז אויב עס וועט ניט געשען קיין נעס, וועט ער פארבלײַבן אפן גאנצן לעבן מיט אַן אויסגעקרימטן רוקן, מיט אויסגעדרייטע הענט און פיס, האָט זי באשטימט אום יעדער פרײַז ראטעווען וויקען.

אָ, זי ווייסט שוין איצט, וואָס עס איז אזוינס די בעכטערעוו־קרענק, זי האָט שוין געהאַט דאָס פארגעניגן זיך אָנהערן וועגן איר...

די שטענדיק געלאסענע עסטער לוואָוונע איז ניט געווען צו דערקענען. פונוואַנען האָט זיך עס צו איר גענומען אזא ענערגיע? צענדליקער מאָל איז זי געלאָפן אף דעם קוטוזאָוו־פּראָספּעקט אין קוראָרטאָלאָגישן אינסטיטוט, וואָס דערלערנט די דאָזיקע קרענק. א הויפן מעדיצינישע בראָשורן און ארטיקלען זײַנען געלעגן אין די שופלאָדן פון איר שרײַבטיש אף דער ארבעט.

לעכאַטכילע האָבן קימאַט אלע אין דער קאָנטאָר געהאלטן מיט עסטער לוואָוונע. די פּוליי־ביקע מאריא אנאניעוונא האָט מיט אירע בייזע אויגן שיר ניט דווירעס געווען „די מאמעס, וואָס לאָזן זייערע טעכטער קריכן אין קראַפּעווע".

— אַט אזוי ברעט מען זיך אָפּ און מע קראַצט זיך נאָכדעם דאָס גאנצע לעבן, — האָט זי געגוואלדעוועט.

בלויז די יונגיטשקע נינא וולאסאָווא מיט דער הויכער פריזור און מיט די לאַנגע אוירינג־לעך האָט אָנגעהויבן קוקן קרום אף עסטער לוואָוונע. נינע האָט לאַנג זיך ניט אײַנגעשטעלט אָפּן ארויסזאָגן איר מיינונג, נאָר סאָפּקאָלסאָף ניט אויסגעהאלטן. זי האָט נערוועז גענומען צופּן מיט די דינע פינגער די אונטערשטע ליפּ, און קימאַט א ווײַנענדיקע אויסגעשריגן:

— פארוואָס מישט איר זיך, פארוואָס?.. — זי איז אופגעשפּרונגען פון איר אָרט, זיך אָנגע־כאַפּט מיט ביידע הענט פאַרן אָנלען פון בענקל, ווי זי וואָלט זיך געקליבן האלטן א רעדע, נאָר געזאָגט האָט זי בלויז:

— און איך האָב געמיינט, אז איר, עסטער לוואָוונע... — זי האָט ניט פארענדיקט און איז ארויס פון קאָנטאָר, קלאַפּנדיק מיט די דינע קנאַפּעלעך אין צעמענטענעם דיל.

וואָס ווײַטער זײַנען זיך די מיינונגען אלץ מער פאנאנדערגעגאנגען. איצט האָט אויך ווערא סעמיאָנאָוונא, וואָס טראָגט שטענדיק יינגלשע שטיוועלעך און אָן אושאנקע פון אָפּגעריבענעם לעדער און נאָך מער אָפּגעריבענעם פוטער, די זעלבע ווערא סעמיאָנאָוונא, וועגן וועלכער מע דערציילט, אז איר שטוב איז א סקלאד פון אנטיקווארע כפייצים און אין דער בוי־קאָנטאָר זאָגט מען, אז זי רעדט אויס איין וואָרט אין צוויי טעג, — אַט די ווערא סעמיאָנאָוונא האָט פּלוצעם פארזיכערט:

— דאָס האָב איך דאָך די ערשטע געזאָגט, אז אפילע א מאמע דארף זיך ניט מישן אין אזעלכע זאכן.

און אין צוויי טעג ארום:

— א פֿרײַנט דערקענט מען אין א נויט...

אַלע האָבן זיך געכידעשט, וואָס ווערא סעמיאָנאָוונא האָט ארויסגעזאָגט איר מיינונג וועגן אַן איניען, וואָס האָט קיין שײַכעס ניט צו גוסט־פראַגן, — ס'איז באַוווּסט געווען, אַז אויב זי זאָגט שוין עפּעס יאָ, איז בלויז וועגן גוטן אָדער שלעכטן געשמאַק.

מיט שרעק האָט עסטער לוואָוונע געוואַרט אַפֿן מישפּעט פֿון וולאַדימיר אַנדרייעוויטשן. זי האָט אי געוואָלט, אי מוירע געהאַט צו הערן זײַן וואָרט. דער דאָזיקער שרײַער האָט אָבער אָנגענומען א מויל מיט וואַסער.

ניט דערוואַרט זיך אָף זײַן אייצע, האָט עסטער לוואָוונע באַשלאָסן זיך דורכגיין מיט דער טאָכטער צום קראַנקן סינעלניקאָוו, מיט וועלכן זי האָט זיך באַקאַנט בייַס אירע לויפֿעניש אין אינסטיטוט. זאָל זי זען, וויקע, וואָס די בעכטערעוו־קרענק מאַכט פֿון א מענטשן. אומגעריכט איז דאָס מיידל אַליין צוגעשטאַנען צו איר, זי זאָל זי באַקענען מיט סינעלניקאָוון, וועגן וועלכן די מאַמע האָט איר געהאַט דערציילט.

ניט אָפּגעלייגט אין דער לאַנגער באַנק, האָט עסטער לוואָוונע דורכן טעלעפֿאָן זיך צונויפֿגערעדט מיט ניקאָלײַ באָריסאָוויטש סינעלניקאָוון, אַז אין אָוונט וועלן זיי זײַן בא אים.

אין געשטריקטן ליכטיק־בלויען אָנצוג, אין די טופֿליעס אָף די דינע קנאַפּל האָט עסטער לוואָוונע נאָך אויסגעזען יונג און גראַציִעז, נאָר די פּאַסמע גראָווע האָר, וואָס האָט זיך געצויגן פֿונעם לינקן שטערן־ווינקל, האָט איידעס געזאָגט, אַז איינמאָל אין לעבן האָט די דאָזיקע פרוי נאָכגעלאָזט די נערוון, וועלכע האָבן איר אָפּגעצאָלט דערפֿאַר מיט אָט דער זילבערנער האָר־פּאַסמע. וויקע האָט באַטראַכט די מאַמע מיט א גוטן שמייכל:

— ביסט אַזוי שיין, מאַמע!

עסטער לוואָוונע איז געווען צופֿרידן, וואָס די טאָכטער האָט עס באַמערקט.

די טיר האָט זיי געעפֿנט אַן אַלטיטשקע מיט געקרויזטע און געפֿאַרבטע האָר. ס'איז ניט שווער געווען זיך אָנשטויסן, אַז אויך די ליפּן און די באַקן זײַנען רויט ניט דערפֿאַר, ווײַל די בלוטן פֿליסן אַזוי געשווינד אין איר קליין קערפּערל, וואָס זעט אויס נאָך דאַרער צוליב די שמאָלע הייזלעך און ענגן סוויטערל, פֿון וועלכע עס שפּאַרן ארויס אַלע אירע ביינדעלעך.

די אַלטיטשקע האָט געפֿינטלט מיט די אויגן, געשאָקלט מיטן געקרײַזלטן קאָפּ און גיך־גיך איבערגעכאַזערט איינס און דאָס זעלבע:

— Прошу, прошу! Прошу, прошу!

אָף וויקען האָט זי געמאַכט אַן אײַנדרוק פֿון א מיידעלע, אָף וועלכער מ'האָט ארופֿגעזעצט א קאָפּ פֿון אַן אַלטיטשקער.

— ניקאָלײַ באָריסאָוויטש! — האָט די באַלעבאָסטע אויסגערופֿן מיט א קאָל, וואָס די גאַנצע צײַט ברעכט עס זיך. — צו אונדז זײַנען געקומען געסט.

עס האָט זיך צו זיי דערטראָגן דעם באַלעבאָס' באַס. ער האָט אײַנגעלאַדן די געקומענע צו זיך אין קאַבינעט.

אינעם צימער האָבן געברענט עטלעכע גרויסע לאָמפּן, ס'האָט אַזש א שניט געטאָן אין די אויגן פֿון דער שאַרפֿער שײַן.

בא א הויכער קאָנטאָרקע איז געשטאַנען אָדער געזעסן זייער אַן אויסגעדאַרטער מענטש מיט א גרויסן קאָפּ. דער מענטש האָט פֿונדערווײַטן געקוקט אָף די געסט און קיין איין מאָל קיין פֿינטל ניט געטאָן מיט די אויגן. ער האָט געקוקט אָף זיי, ביז די אַלטיטשקע איז ניט צוגעלאָפֿן און אים געהאָלפֿן איבערזעצן זיך פֿון דער הויכער קאָנטאָרקע אין א ווייכן שטול, וואָס איז געשטאַנען אינמיטן גרויסן צימער.

ניקאָלײַ באָריסאָוויטש איז, ווײַזט אויס, ביז דער קרענק געווען זייער א הויכוווּקסיקער. און איצט, איבערקלײַבנדיק זיך פֿון דער קאָנטאָרקע צום שטול, האָט זײַן קערפּער אויסגעזען, ווי צונויפֿגעלייגט אינצווייען. די לאַנגע הענט זײַנען אַראָפּגעהאַנגען ביז צום דיל, גלײַך ער וואָלט דאָרט מיט זיי עפּעס געזוכט.

וויקעס טונקעלע באַקן זײַנען בלאַס געוואָרן. די מאַמע האָט עס באַמערקט. נאָר דאָס מיידל האָט זיך גלײַך גענומען אין די הענט און מיט א שמייכל אָף די ליפּן אָנגעהויבן זיך צוהערן צום באַלעבאָס' רייד. זי האָט געהערט און פֿאַר אירע אויגן איז געשטאַנען אַליק...

...גלײַך, ווי עס פֿאַרענדיקן זיך די לימודים אין שול, לויפֿט זי, וויקע, צום פֿינפֿטן טראָליבוס. אָנשטאָט צו פֿאָרן אַהיים, לאָזט זי זיך אין דער קעגנזײַטיקער ריכטונג, און ווען דער קאָנדוקטאָר רופֿט אויס: Следующая остановка Разгуляй, שטייט זי שוין בא דער טיר, גרייט ארויסצושפּרינגען. נאָך פֿונעם אויטאָבוס דערזעט זי זײַן טשופּרינע אין פֿענצטער פֿון אינסטיטוט. ער

וואַרט אַף איר. נאָר ווען זיי באַגעגענען זיך, שטעלט ער אויס די ציגײַנערישע הייסע אויגן און כידעשט זיך:

— וויקוסיאַ? ווי קומסטו אַהער?!

אין אַ מינוט אַרום פּרוּוון זיי זיך שוין אַרויסרײַסן פֿון צווישן קאָלערליי אווטאָמאָבילן, וואָס זײַנען זיך צונויפגעפֿאָרן פֿון אַלע פֿיר געקרייצטע גאַסן און פֿאַרשטעלן זיי דעם וועג. אַליק לאָזט זי ניט אָפּ פֿון זיך. ווי אַ קליין שוועסטערל, פֿאַר וועלכער ער איז פֿאַראַנטוואָרטלעך, האַלט ער זי בײַ דער האַנט, טוליעט זי צו זיך, הייבט זי קימאַט אויף פֿון דער ערד, ביז זיי שלאָגן זיך דורך צום טראָטואַר. זי פֿילט מאַמעש אַליקס הייסע האַנט אַף איר זײַט...

וויקע קוקט אַף דעם צעקאַליעטשעטן פֿרעמדן מענטשן, וואָס זיצט אַפֿן שטול אַנטקעגן איר, און האָט מוירע דערטראַכטן דעם שרעקלעכן געדאַנק, אַז אַליק קאָן אויך ווערן אַזאַ... עפּעס אַ מעשונעדיק געשריי פּלאַצט איבער איר קאָפּ, — זי דערשרעקט זיך אַזוי שטאַרק, אַז זי ציט אײַן אַרײַן דעם קאָפּ אין די אַקסל און פֿאַרשטעלט דאָס פּאָנעם מיט די הענט.

די אַלטיטשקע אין די שמאָלע הויזן וואַקסט אויס לעבן איר און נעמט זי באַרויִקן. זי רעדט גיך־גיך:

— שרעקט זיך ניט, דאָס האָט אונדזער סטיליאַגע פּאָפּ־פּאָפּיטש זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון שלאָף און אײַך באַגריסט. Bonjour, האָט ער געזאָגט.

ערשט איצט האָט וויקע דערזען אַ גרויסע שטײַג, וואָס איז געשטאַנען אַף אַ גלעזערנעם שראַנק, אַ פֿולן מיט טשוטשעלעס פֿון פֿייגלען און כײַעלעך. — Bonjour, bonjour, bonjour! האָט דרײַ מאָל איבערגעכאַזערט דער פֿויגל, וועלכן מע רופֿט דאָ פּאָפּ־פּאָפּיטש.

— די לעצטע צײַט, — דערקלערט די באַלעבאָסטע, — האָבן מײַנע שילער, מיט וועלכע איך לערן פֿראַנצויזיש, אים קאַליע געמאַכט דעם פֿראַנאָנס, און אַ פֿרישן מענטשן איז שווער צו פֿאַרשטיין, וואָס פּאָפּ־פּאָפּיטש שרײַט.

ניקאָלײַ באָריסאָוויטש האָט אָנגעשריִען אַפֿן „פֿראַנצויז“ און זיך געווענדט צו עסטער לוואָוונע.

— בײַ אײַך איז זייער אַ שיינער נאָמען: עס־טע! — האָט ער אויסגעצויגן יעדן טראָפּ באַזונדער. — אויב איך האָב קיין טאָעס ניט, איז אין פּאַראַגווײַ פֿאַראַן אַזאַ אָזערע, וואָס הייסט פּונטאַ־דעל־עסטע.

— ווי שטענדיק, ניקאָלושקע, האָסטו אַ טאָעס, — האָט באַמערקט די אַלטע לערערקע. — ערשטנס, איז עס דער נאָמען פֿון אַ קוראָרט; צווייטנס, געפֿינט ער זיך אין אורוגווײַ, און, דריטנס, רופֿט מען די כאַווערטע דאַשעווסקע עסטער און ניט עסטע.

ניקאָלײַ באָריסאָוויטש האָט זיך צעלאַכט, און וויקען האָט זיך געגומען דוכטן, אַז זײַן פֿאַרגליווערט פּאָנעם איז געוואָרן כיטרע און אויסדריקלעך, נאָר לאַנג קוקן אַף אים האָט זי ניט געקאָנט.

— ניט איך, לידושקע, — האָט ער געזאָגט צו דער שוועסטער, — נאָר דו וואָלסט געדאַרפֿט זיך פֿאַרנעמען מיט מאַטעמאַטיק. קיין טראָפּן פֿאַנטאַזיע דערלאָזסטו ניט: עס טרעפֿט אַמאָל, אַז מיט דער הוילער ווירקלעכקײַט איז שווערער ווי... — ער האָט ניט פֿאַרענדיקט דעם געדאַנק און צוויי מאָל איבערגעכאַזערט: עסטער, עסטער... גלײַך ער וואָלט געפּרוּווט דעם נאָמען אַפֿן געהער.

— עסטער איז אַפֿילע שענער... ווי מיינט איר, עסטער לוואָוונע?

— ניט אין דעם גייט עס, לידיאַ באָריסאָוונאַ, — האָט עסטער זיך געווענדט צו דער אַלטיטשקער, גלײַך יענע וואָלט איר געשטעלט די פֿראַגע.

אַ שמייכל האָט זיך אויסגעצויגן אַף דעם קראַנקנס דינע ליפּן. אַ צײַט האָט ער געשוויגן און דערנאָך, ווי ער וואָלט עפּעס באַשלאָסן, געזאָגט:

— די איינציקע אייצע איז מאַכן זיך ניט וויסנדיק. יאָ, יאָ, זיך ניט וויסנדיק מאַכן, — ער האָט מיט די אויסגעדרייטע פֿאַרקריפּלטע פֿינגער זיך אײַנגעקלאַמערט אין די הענטלעך פֿון שטול און זיך בעסער אײַנגעמאָסטעט. — קוים נעמסטו זיך צוהערן צו דער קרענק, טויג עס צום טײַוול, מע טאָר זי ניט אַרײַנלאָזן אין דער נעשאָמע. אין די ביינער זאָל זי זיך האַלטן, ווײַטער קיין מילימעטער ניט.

ער האָט גערעדט וועגן זײַן קרענק, ווי וועגן אַ לעבעדיקער באַשעפֿעניש, ווי וועגן אַ זאַך, וואָס עקזיסטירט אויסער אים.

איצט האָט וויקע ניט דורכגעלאָזט קיין איין וואָרט זײַנס. אין דעם שווערן גוירל, וואָס איז אויסגעפֿאַלן דעם דאָזיקן מענטשן, איז אויך געווען אַן אָרט פֿאַר גליק. ער האָט מיט צאַרטקײַט גערעדט וועגן זײַנע דיקע ביכער, וועלכע לידיאַ באָריסאָוונאַ האָט אים געבראַכט פֿון

ביכערשראַנק און אוועקגעלייגט אַף די אויסגעדאַרטע קני. ער האָט געגלעט די שוואַרצע טאָוולען, ווי מע גלעט אַ קינד איבערן קעפּל, און דערבײַ ניט אַראָפּגעלאָזט דעם בליק פון דער שוועסטער:

— לידושקען האָב איך צו פאַרדאַנקען, און עפּשער אויך דער קראַנק מײַנער, אַנדערש וואָלט איך זיי ניט אָנגעשריבן, אַנדערש וואָלטן זיי די לעבעדיקע וועלט ניט דערזען, — האָט ער עטוואָס אונטערגעהויבן די שווערע ביכער. — שטאַרק בערויגעז זײַן אַף „מײַן בערטע־טשקען" — אַזוי האָט ער גערופן די קראַנק — קאָן איך ניט.

עסטער לוואָוונע האָט גענומען פון זײַנע קני אַ בוך און אַ בלעטער געטאָן. „דאָקטאָר פון מאַטעמאַטישע וויסנשאַפטן נ. ב. סינעלניקאָוו", האָט זי איבערגעלייענט אַף אַ קאָל. דאָס בוך איז אָנגעפּיקעוועט געווען מיט פאָרמולעס. זי האָט אַ שמייכל געטאָן: באַ זיי אין בערשאַד האָט אַ דאָקטער געהייסן נאָר דער, וואָס היילט קראַנקע, פון מאַטעמאַטיק־דאָקטוירים האָט קיינער ניט געוווסט און ניט געהערט. זי האָט געקוקט אין בוך און געטראַכט: ניט שוין זשע ווייסט דער דאָזיקער קאַליקע אויך פון גליק? נו, און די שוועסטער זײַנע, לידיאַ באַריסאָוונאַ, וועלכע איז צוליב אים פאַרזעסן? און אויב ער ווייסט אפילו יאָ פון גליק, איז ער דאָך איינער, און הונדערטער אַנדערע בלײַבן בלויז קאַליקעס — קאַליקעס אַפן גאַנצן לעבן. אַ גרויל איז איר איבערגעגאַנגען איבערן לײַב און זי האָט מיט די אויגן אַ זוך געטאָן די טאָכטער.

וויקע איז רויִק אַרומגעגאַנגען איבערן גרויסן קאַבינעט מיט לידיע באַריסאָוונאַ, וועלכע האָט איר עפּעס גיך־גיך אײַנגערוימט אין אויער.

דעם גאַנצן וועג אַהיים איז וויקען געשטאַנען פאַר די אויגן לידיאַ באַריסאָוונאַ, די קליינינקע אַלטע לערערן פון פראַנצויזיש, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אַ אייגן לעבן צוליבן קראַנקן ברודער...

שוין קימאַט באַם הויז האָט וויקע דערזען זינע וואָראָנצאָווען. זינע איז געווען אָנגעטאָן אין אַ קורץ ספּאָרטיוו רעקל, אין שמאָלע הייזלעך. זי האָט זיך געטוליעט צו אַ וווקסיקן באָכער, אויך אין אַ קורץ ספּאָרטיוו רעקל און אין נאָך שמעלערע הויזן ווי באַ איר. דער באָכער האָט געהאַלטן זײַן האַנט אַף זינעס אַקסל און געשפּאַנט מיט איר אינמיטן טראָטואַר מיט אַזאַ אויסזען, גלײַך קיינער וואָלט דאָ ניט געווען, אויסער זייביידן.

* * *

עסטער לוואָוונע האָט ניט געקאָנט פאַרויסזען, אַז וויקע וועט מאַכן גאָר אַזאַ אויספיר פון דער באַקאַנטשאַפט מיטן דאָקטאָר פון מאַטעמאַטיק סינעלניקאָוו. דאָס מיידל איז, דוכט זיך, גאָר פרייליכער געוואָרן. זי האָט גאַנצע טעג פאַרבראַכט מיט אַליקן, געגרייט מיט אים די לעקציעס און ביידע האָבן זיי אָפּגעגעבן זאַטשאָטן אַף גאָלע פינפן.

די שטוב פון די שנאַפּערס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פיליאַל פון בוי־אינסטיטוט. סטודענטן און סטודענטקעס זײַנען גאַנצע טעג אָפּגעזעסן באַ די שנאַפּערס. „דער צווייטער פּאַטאָק", האָט אַליק גענומען רופן זײַן צימער.

קיינער האָט ניט געהערט, אַז כאַנע בענציאָנאָוונע, צי דער אַלטער שנאַפּער, זאָלן אַמאָל זיך באַקלאָגן אַף דעם, וואָס זיי האָט געטראָפן. צום אָנהייב האָבן אייניקע געמיינט, אַז דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס די דאָזיקע פּראָסטע מענטשן גיבן זיך ניט אָפּ קיין כעזשבן, אין וואָס פאַר אַ לאַגע זייער זון געפינט זיך. אײַנגיכן אָבער האָבן אַלע פאַרשטאַנען, אַז די עלטערן ווייסן אַלץ זייער גוט, נאָר זיי פירן זיך אָוף אַזוי צוליב אַליקן. מיט קיין פינטל פונעם אויג האָבן זיי ניט אויסגעגעבן דעם גרויסן ווייטאָק און שרעק פאַרן גורל פון זייער זון.

אַליק האָט גוט פאַרשטאַנען, וואָס מיט טאַטע־מאַמע קומט פאָר, נאָר אויך ער האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז אַלץ וועט זײַן גוט. אָבער מיט וויקען האָט ער אָפטער און אָפטער גענומען אײַנטײַנען, אַז ער פאַרלאַנגט ניט פון קיינעם קיין קאָרבאָנעס. וויקע האָט זיך געבייזערט, נאָר שטענדיק זיך געסטאַרעט אַריבערפירן דאָס געשפּרעך אין אַ שפּאַס.

— אויב דו וועסט ניט אָנשוויגן וערן, וועסטו, דוכט זיך, זײַן באַ מיר דער ערשטער קאָרבן! — זי האָט זיך צוגעכאַפּט צו זײַן געדיכטער טשופּרינע און מיט קויעך גענומען פאַרקעמען זײַנע האָר אַף אַרויף.

ער האָט געכאַפּט אירע הענט, זיי געטוליעט צו זײַנע טרוקענע ליפּן, צוגעלייגט זיי צו די באַקן.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט זינע וואָראָנצאָווע געבראַכט עסטער לוואָוונען אַ בריוו פון אַליקן. אַליק האָט געשריבן, אַז ער וויל ניט, וויקע זאָל פאַטערן אומזיסט אירע בעסטע יאָרן, וועגן אים זאָל זי, עסטער לוואָוונע, ניט קלערן, און ווירקן אַף דער טאָכטער... די פרוי האָט געלייענט, און גרויסע טרערן זײַנען גערונען איבער אירע באַקן.

זינע האָט מיט דערשראָקענע טונקל געוואָרענע אויגן געקוקט אַף עסטער לוואָוונע, וועלכע

האָט איר דערלאַנגט דעם בריוו. מיט איין אָטעם האָט זינקע אײַנגעשלונגען אַלע שורעס מיטאַמאָל און ווען זי האָט געכאַפּט, אין וואָס עס גייט, אָנגעהויבן לייענען פונדאָסנײַ.

עסטער לוואָוונע האָט אָפּגערוקט דעם פאָרהאַנג און גענומען קוקן אין דעם שוואַרצן אָפּדערנאַכטיקן פענצטער. זי האָט בוילעט געזען פאַר זיך, ווי אַליק קריכט אַף אַ הויכן לייטער, זי האָט אַזש אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, פאַרמאַכט און ווידער געעפנט די אויגן. דאָס בילד איז פאַרשוווּנדן. פון קליינווײַז אָן פלעגט דאָס יינגל איר צורעכט מאַכן די עלעקטרישע פּראָבקעס אין שטוב, ווען די שײַן פלעגט פאַרלאָשן ווערן.

עסטער לוואָוונע האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּאָנעם צו זינען און דערזען, אַז דאָס מיידל שטייט אַ פאַרלוירענע, מיט אַ האַלב־צעעפנט מויל.

— נו, וואָס זאָגסטו, זינע?

דאָס מיידל האָט ניט געוווּסט, וואָס צו ענטפערן.

— דו ווייסט ניט? — האָט עסטער לוואָוונע באַדויערנדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ. — און איך, מיינסטו, ווייס?

5

ווען דער זון איז קראַנק געוואָרן, האָט איסאַק מאַרקאָוויטש איבערגעטראָגן דעם טעלעפאָן צו אים אין צימער אַרײַן. דער טאַטע האָט פאַרשטאַנען, אַז אַ קוש, אַפילע דורכן טעלעפאָן, האָט גאָר אַן אַנדער טאַם, אַז מע גיט אים איבער אָן איידעס...

די לעצטע כאַדאָשים איז אַליק באַזונדערס געוואָרן פילבאַר צו יעדן קער און ווענד פון זײַן שניי־מאַלקע. ער האָט געפילט די מינוט, ווען וויקע וועט אים אָנקלינגען. אַליין דאָס קלינגען פון דעם טעלעפאָן איז דעמלט געווען אינגאַנצן אַן אַנדערס.

איצט, נאָך דעם, ווי ער האָט אָפּגעשיקט מיט זינען דעם בריוו צו עסטער לוואָוונע, האָט דער טעלעפאָן אים געהאַלטן אין איינע שרעק. אַלע מאָל האָט ער פון אַ זײַט געכאַפּט אַ קוק צום טישעלע, וווּ עס איז געשטאַנען דער אַפּאַראַט. ווען דער טעלעפאָן האָט גענומען קלינגען, האָט ער דערפילט אַ נאָגנדיקן ווייטעק זיין די הענט און אין רוקן.

זײַן בריוו איז ניט געווען קיין אויספּרווו פאַר וויקען — אין איר האָט ער ניט געצווייפלט. דאָס איז גיכער געווען אַן אויספּרווו פאַר זײַן אייגענעם האַרצן, צי וועט עס אויסהאַלטן אויך די דאַזיקע פּײַן? דאָס איז געווען אַן אויספּרווו פון זײַן ווילן, — צי איז ער שטאַרקער, איידער דאָס געפיל...

אין דער אײַנגעשטעלטער צײַט האָט וויקע ניט געקלונגען. מיט אַ פאַרשטאַרטן בליק האָט אַליק אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער צום שטילן געסל, וואָס ציט זיך פון מעטראָ. דאָרטן האָט אַן עלטערע פרוי, ווײַזט אויס אַ באָבע, געדולדיק געלערנט איר אָנגעפּעלצט אייניקל זיך האַלטן אַף די גליטשערס. דאָס קינד איז אַלע מאָל געפאַלן, די באָבע האָט עס אופגעשטעלט, אַרומגערייניקט פון שניי, גענומען עס פאַר אַ הענטל און געפירט פון איין עק געסל ביזן צווייטן און צוריק. ענדלעך איז דאָס קינד שוין פעסט געשטאַנען אַף די גליטשערס, דערפאַר אָבער איז די אַלטע געפאַלן פון די פיס. זי האָט קוים זיך דערשלעפּט צום גאַנעק פון איר שטוב און אַרויסגעשיקט עפּעס אַ פרוי אין אַ דין קליידל אַרײַננעמען דאָס קינד. אַליק האָט ניט דורכגעלאָזט קיין איין באַוועגונג סײַ פון דער באָבע, סײַ פון דעם קינד אַף די גליטשערס.

כאַנע בענציאָנאָוונע האָט עטלעכע מאָל זיך אַרײַנגעשאַרט אינעם זונס צימער. זי האָט דערפילט, אַז עפּעס איז מיט אַליקן ניט גוט, געפּרווּט פאַרפירן מיט אים אַ געשפּרעך, נאָר גאָרנישט ניט געקאָנט פויעלן. ס'האָט אַפילע ניט געהאָלפן דאָס שליאָפּען אירס מיט די פּאָפּיצעס איבערן דיל — אַליק האָט זיך געמאַכט ניט הערנדיק.

— וואָלסט זיך צוגעלייגט, אַליק. דעם גאַנצן טאָג זיצסטו באַם פענצטער.

אַליק האָט אַ צוק געטאָן מיט די אַקסל.

ווישנדיק דעם שטויב פונעם שרײַבטישל, האָט זי רויִק אַ זאָג געטאָן:

— אויב דו ווילסט, וועל איך זיך אַראָפּכאַפּן אַ קוק טאָן, צי איז זי, כאָלילע, ניט פאַרשלאָפט געוואָרן, וויקע.

ער האָט זיך אַ שאַרפן קערעווע געטאָן צו דער מוטער. זײַנע בייזע און איינצײַטיק דער־שראָקענע אויגן האָבן זיך אײַנגעשטאָכן אין איר. עס האָט זי פאַרקלעמט באַם האַרצן, אָבער נאָך מער האָט איר אַ צי געטאָן בא דער נעשאָמע, ווען זי האָט באַמערקט, אַז די אויגן זײַנע ווערן פאַרצויגן מיט אַ נעפּל — אָט־אָט וועלן זיי זיך אָנגיסן מיט טרערן.

דער טעלעפאָן האָט זיך צעקלונגען. אַליק האָט אַראָפּגעכאַפּט דאָס טרײַבל, אַ שוויס האָט באַדעקט זײַן שטערן. כאַנע האָט פאַרשטאַנען, וועמעס קלונג עס דאַרף זײַן, און איז אַף די שפּיצפינגער אַרויס פון צימער.

וויקעס קאָל האָט זיך דערטראָגן זייער שוואַך, ווי פון גאָר ווײַט. ער האָט זי קוים געהערט.

— פונוואַנען רעדסטו? — האָט ער אַרײַנגעשריִען אין טרײַבל. — פונוואַנען? — ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זי קלינגט פון אַן אויטאָמאַט. עפּעס האָט ער געהערט, ווי זי זאָגט אַרויס די ווערטער „דרײַ טעג"... נאָר וואָס דרײַ טעג, האָט ער ניט פאַנאַנדערגעקליבן, ער האָט נאָר קלאָר דערהערט, אַז זי האָט אים אָנגערופן „פאַרבלאָנדזשעטער", זי האָט אָנגעהויבן לאַכן.

אַליק איז געבליבן זיצן מיט אַ פאַריסענעם קאָפּ און צוגעמאַכטע אויגן, אַ שמייכל האָט זיך באַוויזן אַף זײַן געזיכט. ער האָט זיך ווידעראַמאָל בוילעט פאַרגעשטעלט דאָס אָנגעפּעלצטע קינד, וואָס לערנט זיך פאָרן אַף די גליטשערס... איצט האָט ער זיך געכאַפּט, אין וואָס דאָס ייִנגעלע מיט דער באָבן האָט אים אַזוי דערמאָנט:

...יענעם זונטיק אינדערפרי איז די עלעקטריטשקע נאָך מער ווי שטענדיק פול געווען מיט ליזשניקעס. די זון איז אויפגעגאַנגען, און דער שניי האָט אַזוי געפינקלט, אַז ס'האָט אַזש געשניטן אין די אויגן.

אַליק און וויקע זײַנען געשטאַנען אין טאַמבור צוגעדריקט איינס צום צווייטן און זיך געהאַלטן בײַ די הענט. גערעדט האָבן זיי נאָר מיט די אויגן און זיך ניט שלעכט פאַרשטאַנען. ער האָט פאַריכט דעם וואָלענעם שאַרף, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט איר הויכן האַלדז און איז אַראָפּגעהאַנגען מיט ביידע עקן אַף דער ברוסט. זי האָט געוווּסט — עס געפעלט אים. אַלץ געפעלט אים אין איר — די הויכע שטאַלטנע פיס אירע אין די שוואַרצע געשטריקטע ספּאָרטיווע הויזן, דער ווייכער בייג פון דער ברוסט־ליניע, וועלכן עס שטרײַכט אַזוי אונטער דער וואָלענער סוויטער, דאָס טונקלהויטיקע לויטערע געזיכט, די פֿײַכטע אויגן מיט די אַראָפּגעלאָזטע אויגן־לעפּלעך... זי קוקט אַף אים און הערט ניט אויף צו שמייכלען. — „אַליק!" — זאָגט זי אים מיט די אויגן. — „אַליק!"

„יאָ, יאָ, וויקע, איך האָב דיך שטאַרק ליב, זייער, זייער שטאַרק", — ער זאָגט עס אויך ניט מיט קיין ווערטער, נאָר זי ווייסט, אַז ער זאָגט עס.

אין טוטשקאָווע, אַפּן וואָקזאַל, שיטן זיך אַרויס פונעם צוג ייִנגלעך און מיידלעך אין פאַרביקע ספּאָרט־קאָסטיומען און אַלע מיט ליזשעס אַף די אַקסל. די פּלאַטפאָרמע ווערט גלײַך פול מיט געלעכטער און געפילדער. די לאַנגע שאָטנס פון די ליזשניקעס ציִען זיך אויס איבערן בלענדנדיקן שניי, בייגן זיך אויס אַף די וואַגאָנעס און קריכן אַרויף אַף די פאַרשנייטע דעכער.

דער צוג רירט זיך פון אָרט, און די ליזשניקעס נעמען זיך אײַלן צום וואַלד. דאָרט, צווישן שניי־בערג, זון און יאָדלעס, וואָס לויפן צום טײַך באַרג־אַראָפּ, אָנגעפּעלצטע אין ווײַסן פוך, באַשפּריצטע מיט זון־העזעלעך, נעמען וויקע און אַליק אַראָפּ די ליזשעס פון די אַקסל, און וויקע לערנט אַליקן זיי אָנטאָן אַף די פיס. ווען ער שטייט שוין אַף ביידע ליזשעס, פּאָדערט זי, ער זאָל איר דערוואַרעמען די הענט. כאַפּט ער אַלע אירע צען פינגער און הויכט אַף זיי, נעמט זיי אין מויל אַרײַן, ביז זי רײַסט זיך אַרויס פון אים, שטויסט זיך אָפּ מיט די שטעקנס — איין מאָל און צוויי מאָל. אויסבייגנדיק דעם קערפּער עטוואָס אַף אַ זײַט, פליט זי אַלץ שנעלער און שנעלער פון באַרג.

— וויקאָ! — שרײַט ער איר נאָך. — וויקאָ! — זי טוט זיך האַסטיק אַ דריי אויס אַף די ליזשעס, הייבט אויף די הענט אײַנייִנעם מיט די שטעקנס און רופט אים צו זיך:

— האָב קיין מורע ניט, אַליק! לאָז זיך צו מיר! האָב קיין מורע ניט!..

ער טוט זיך אַ טאָפּטשע, דערפילט, ווי די ערד גליטשט זיך אַרויס פון אונטער זײַנע פיס און ער פאַלט אין שניי. ער כאַפּט זיך אָבער באַלד אויף, שטעלט זיך פעסט אַף די ליזשעס און לאָזט זיך באַרג־אַראָפּ, באַרג־אַראָפּ, דאָס האַרץ פאַרגייט אַזש. אָט דערנעענטערט ער זיך צו איר, און דאָ, פון דערשרעק, צי פון פרייד, טוט ער אַ פאַל און קײַקלט זיך, קײַקלט זיך פון באַרג. דאָס פּנים, דאָס מויל, די אויערן זײַנען פול מיט שניי. וויקע פליט צו צו אים און נעמט מיט די ליפּן אויסווישן דעם שניי פון זײַן פּנים. אין האַלדז בײַ איר גיסט זיך עפּעס איבער, נאָר זי זאָגט גאָרניט, זי וואַלגערט זיך מיט אים אײַנייִנעם אין שניי, קאַטשעט זיך, ווי אַ שניי־קויל.

אַ שאָ דרײַ נאָכאַנאַנד צווינגט זי אים אויפהייבן זיך אַפּן באַרג און אַראָפּלאָזן זיך צוריק, ביז ער שטייט שוין פעסט אַף די ליזשעס. און אָט יאָגט ער מיט איר צוזאַמען באַרג־אַראָפּ, און אומגעריכט אַנטפּלעקט זיך דער טײַך, וואָס ליגט, ווי אַ ווײַס־בלויער לאַנטוך צווישן די ברעגן...

ער שטרענגט זיך אָן ניט צו טראַכטן וועגן דעם, וואָס איז ווײַטער געשען... אָט נאָרוואָס האָט זיך באַוויזן דאָרט אַ קינד, אַ מיידעלע, און איז אין איין סעקונדע, מאַמעש פאַר זײַנע אויגן, פאַרשוווּנדן געוואָרן אונטערן אײַז... ניט קלערנדיק, וואָס צו טאָן, האָט אַליק אַ שפּרונג געטאָן אין דער פּאָלאָנקע...

**ער האָט זיך עס הײַנט דערמאָנט, זיצנדיק אַ צוגעשמידטער צום בענקל און קוקנדיק, ווי אַ באָבע לערנט איר אייניקל שטיין אַף די גליטשערס.**

וויקע האָט האַסטיק זיך אַרײַנגעריסן צו אים אין צימער און טאַקע דאָ אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס גרינע מאַנטעלע. צוגלעטנדיק מיט די הענט די האָר, האָט זי געקוקט אויף אים מיט אַ געמאַכטער בייזער מינע.

— דײַן גליק, וואָס דער קאַס איז מיר שוין איבערגעגאַנגען, — זי האָט זיך צוגעזעצט אויף דעם עק פון זײַן שטול און אַרומגעוויקלט מיט דער לינקער האַנט זײַן האַלדז.

אַליק האָט צוגעדריקט דעם קאָפּ צו איר אַקסל און מאַמעש דערפילט די ווינטערדיקע פרישקייט, וואָס וויקע האָט אַרײַנגעבראַכט מיט זיך. דער קאָפּ האָט זיך עטוואָס געדרייט, נאָר דעם האַרצן איז געוואָרן לײַכטער.

וויקע האָט זיך אויפגעהויבן און גענומען שפּאַנען איבערן צימער, געקוקט מיט פאַרזשמורעטע אויגן אויף די אייגענע פיס און געשוויגן. אַליק האָט פאַרשטאַנען, אַז באַלד וועלן זיך אויף אים אַ שאָט טאָן טײַנעס.

זי האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו אים, אַרײַנגענומען אין ביידע הענט זײַן האַנט און מיט אַלע קויכעס זי געדריקט.

— פאַרוואָס גלייבסטו מיר ניט, אַליק, פאַרוואָס? — האָט זי געפרעגט.

אירע אויגן האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט טרערן.

— צוליב וואָס שרײַבסטו אַזעלכע בריוו? וואָס וואָלסטו געטאָן, ווען מיט מיר טרעפט עפּעס? פאַרוואָס באַליידיקסטו מיך?

אין אַ מינוט אַרום האָט זי שוין לאַכנדיק דערציילט:

— איך האָב באַשטימט דרײַ טעג ניט אַריבערטרעטן דײַן שוועל, נאָר כ'האָב ניט אויסגעהאַלטן.

די טיר האָט זיך אָן עפּן געטאָן און כאַנע בענציאַנאָוונע האָט אַרײַנגעשטעקט דעם קאָפּ.

— אָט באַלד טראָג איך אײַך אַרײַן טיי, קינדער, — האָט זי געזאָגט און איז פאַרשוווּנדן.

* * *

ווען מע וואָלט אַראָפּגעבראַכט אַן אָנגעפּאָרעגעם מענטשן גלײַך אַהער, אינעם ראַכמאַנאָוו־געסל, ווו עס געפינט זיך דאָס געזונט־מיניסטעריום, וואָלט אים גאָר ניט אײַנגעפאַלן, אַז ער איז אין צענטער פון מאָסקווע. ער וואָלט זיכער געמיינט, אַז דאָס איז עפּעס אַ גאַס אין אַ פּראָווינץ־שטאָט, ווו מענטשן שפּאַצירן פּאַמעלעך און באַדאַכט, וווינען אין אָפּגעזונדערטע הײַזער, אַרומגערינגלטע מיט סעדלעך הינטער געגראַטעוועטע פּלויטן. אים וואָלט ניט געקומען אויפן זינען, אַז אַ קוואַרטאַל פון לינקס געפינט זיך די רוישיקע פּעטראָווקע מיט די קאַלערליי קראָמען און בונטע וויטרינעס, אַז אַ קוואַרטאַל פון רעכטס איז די באַרימטע נעגלינקע, ווו אַמאָל איז געפלאָסן אַ טײַך צווישן ליימיקע ברעגן און איצט פליסט דאָרטן אַן אומופהערלעכער שטראָם פון מענטשן און מאַשינעס, פאַר וועלכע די גאַס איז שוין ענג געוואָרן.

שטילע געסלעך אין סאַמע צענטער פון שטאָט זײַנען אין מאָסקווע פאַראַן אָן אַ שיר. פון אַ גרינעם הויף מיט קלומבעס און אַלטע ליפּעס קאָן אײַך אומגעריכט אַנטקעגנקומען אין אַ פאַר־שטויבט סאַמעטן היטעלע אַן אַלטיטשקע, וואָס פירט אַ קודלאַטע ווײַסע באָלאָנקע, — און איר וועט פאַרגעסן, אַז איר זײַט אין מאָסקווע.

אינעם הויף פון געזונט־מיניסטעריום, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט אַ טשוהונענעם פּלויט און ווו אַלטע ביימער וואַרפן זייער שאָטן אויפן פּאַלאַצאַרטיקן געקינצלטן מויערל, איז געזעסן די אַלטע לערערן פון פראַנצויזיש לידיאַ באָריסאָוונאַ סינעלניקאָווא. זי האָט צעשטרייט געקוקט אויף די פרילינגדיקע קוסטעס, וואָס האָבן זיך ערשט באַדעקט מיט דינינקע ליכטיק־גרינע בלעטע־לעך. עטלעכע מאָל איז זי אַרויסגעלאָפן פאַרן טויער. לויט איר כעזשבן האָט וויקע געדאַרפט אָנקומען פון נעגלינקע. באַאומרויִקן זיך איז קיין גרונט ניט געווען, מאַלע ווו אַ מענטש קאָן זיך פאַרהאַלטן, נאָר ס'איז אַ שאָד, אויב וויקע וועט פאַרשפּעטיקן: באַלד קאָן מען זיי אַרויסרופן צום שעף פון היילונגס־אָפּטייל.

לידיאַ באָריסאָוונאַ סינעלניקאָווא איז אין געזונט־מיניסטעריום געווען אַן אייגענער מענטש. מיט אייניקע מיטאַרבעטער האָט זי זיך דאָ געטראָפן נאָך מיט צוואַנציק און פינף און צוואַנציק יאָר צוריק. אָט זיצט באַם טיש לעם די ברייטע טרעפּ די וואַכטיאָרשע מאַרוסיע לאַפּטיעווא. זי געדענקט, לידיאַ באָריסאָוונאַ, ווי הײַנט וואָלט עס געווען, מיט העכער צוואַנציק יאָר צוריק האָט זי אין דעם טאָג פון מאַרוסיעס כאַסענע איר געבראַכט אַ גרויסן בוקעט ווײַסע ליליעס. און הײַנט האָט מאַרוסיע, וועלכע אַלע רופן שוין פון לאַנג מאַריאַ איוואַנאָוונאַ, צעלייגט איבערן טיש, ווי אַ פּאַסיאַנס, אַ טוץ פאָטאָגראַפיעס פון איר אייניקל גרישוטקע.

די צוויי סעקרעטאַרשעס, מאַשענקע און דאַשענקע, וואָס זײַנען נאָך אַלץ בלאָנד און וועלכע

מע רופט נאָך אַלץ בא די פאַרצויגענע נעמען, זײַנען שוין אויך באָבעס, נאָר וועגן די אייניקלעך ריידן זיי פיל וויניקער, ווי וועגן מאָדנע פריזורן און טופליעס אף שפּילקע־קנאַפּל.

לידיא באָריסאָוונא האָט זיך שוין געקליבן אַרופלויפן אין אופּנעם־צימער א בעט טאָן מאַשענקען אָדער דאַשענקען, זיי זאָלן איבערשטעלן ווײַטער אינעם צעטל וויקעס ריי, נאָר אין דער מינוט האָט פון פּעטראָווקע פאַרקערעוועט א טאַקסי און זיך אָפּגעשטעלט באַם טויער פון מיניסטעריום. וויקע איז אַרויס פון דער מאַשין און זיך גענומען אַנטשולדיקן.

זי האָט א קוש געטאָן די לערערן אין דער אָנגעפּאַרבטער באַק, א טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, די האָר זאָלן זיך לייגן אפן אָרט, און דאַן גענומען די אַלטיטשקע אונטער דער האַנט.

ווען זיי זײַנען אַרײַן אין אופּנעם־זאַל, האָבן מאַשענקע און דאַשענקע זיך אָנגעהויבן שושקען. זיי האָבן שוין אַלץ געוווּסט וועגן וויקען, געווען פאַרכאַפּט פון דער אויסטערלישער ליבע־געשיכטע און זיכער געווען, אַז וויקע מוז זײַן זייער שײַך. יאָ, זיי האָבן קיין טאָעס ניט געהאַט, און דערפאַר נאָך מער גרייט געווען איר העלפן מיט אַלץ, וואָס איז געווענדט אין זיי.ביידע האָבן זיי גערן איבערגעקוקט די ספּראַווקעס, מעדיצינישע אַנאַליזן און געזונט־קאַרטעס, וועלכע וויקע האָט געבראַכט מיט זיך, און געצייצעט דעם מיידל, ווי׳אַזוי ריידן מיט זייער שעף, מיכאַיִל קאַרפּאָוויטשן.

מאַשענקע האָט זיך ניט געקאָנט אײַנהאַלטן און געמאַכט וויקען א קאָמפּלימענט, אַז איר וווּנדערלעכער קאָסטיומטשיק פּאַסט איר זייער. זי האָט נאָך געקליבן זיך פּינקטלעך דערפרעגן, ווער איז די נייטערן, נאָר ניט באַוויזן, — די טיר פון קאַבינעט האָט זיך געעפנט און אין אופּנעם־זאַל איז אַרײַן דער שעף פון היילונגס־אָפּטייל מיכאַיִל קאַרפּאָוויטש. ער האָט באַלד באַמערקט לידיאַ באָריסאָוונען און מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט זיך געלאָזט צו איר.

— זייער אָנגענעם צו זען אײַך! — ער האָט א שטאַרקן דריק געטאָן איר קליינע שמאָלע האַנט. — א דאַנק, לידיא באָריסאָוונא, פאַר די איבערזעצונגען פון זשאַן לוויִס אַרטיקלען, זיי וועלן מיר זייער צוניץ קומען. דאָס איז געוויס ניקאָלײַ באָריסאָוויטשעס אידיי. ער פאַרגעסט מיך ניט, מײַן אַלטער פרײַנט.

— ניין, — האָט לידיא באָריסאָוונא פאַריסן דעם קאָפּ און זיך געסטאַרעט אים אַרײַנקוקן אין פּאָנעם, — דאָס האָב איך אַליין צוגעטראַכט, און מיט א באַשטימטן מיין, — זי האָט קאָקעטיש א פינטל געטאָן מיט די וויִעס און באַוויזן מיט א שאָקל פונעם קאָפּ אף וויקען, — איך האָב געהאַט אין זינען, אַז איך וועל דאַרפן אָנקומען צו אײַך, און באַשטימט זיך אונטערכאַנפענען...

זיי האָבן זיך ביידע צעלאַכט.

ער האָט צעעפנט די טיר פון קאַבינעט און דורכגעלאָזט די געסט.

וויקע האָט אים דערלאַנגט די פּאַפּירן, ער האָט זיי אָבער גלײַך אוועקגעלייגט אפן טיש.

— ניקאָלײַ באָריסאָוויטש האָט מיר געקלונגען וועגן אײַך... וועגן סטודענט אַלעקסאַנדער שנאַפּער, מיין איך. מיר דוכט, אַז מיר וועלן געפינען אַן אויסוועג, עפּעס צוטראַכטן. — ער האָט געמאַכט עטלעכע שפּאַן, זיך אָנגעשפּאַרט מיט ביידע הענט אינעם טיש. — אָבער ס׳איז איצט אַבסאָליוט ניט נייטיק צו פירן אײַער פרײַנט קיין כינע. לענינגראַד איז א סאַך נעענטער...

ער האָט געכאַפּט א קוק אף זײַנע באַזוכער און זיך אָנגעשטויסן, אַז זיי פאַרשטייען ניט, וואָס ער מיינט דערמיט צו זאָגן. דאַן האָט ער מעטאָדיש, ווי מע קאָן דערוואַרטן פון א מענטש, וואָס האָט יאָרנלאַנג געלייענט לעקציעס, גענומען דערקלערן:

— די כינעזישע פאָלקס־מעדיצין האָט אין מעשעך פון דורעס געזוכט מיטלען קעגן דער קרענק, וואָס דרייט אויס באַם מענטשן די געלענקען און מאַכט אים ענלעך צום אַזויגערופענעם „לעבנס־וואָרצל“ זשען־שען. זיי האָבן א סאַך דערגרייכט אין דעם פּראַט. זייערע סודעס פון היילונג האָבן זיי אָפּגעהיט נאָך מער, איידער די טײַערסטע איידלשטיינער...

די לעצטע יאָרן האָבן אייניקע אונדזערע קראַנקע זיך געהיילט אין כינע און צוריקגעקומען אין א גוטן צושטאַנד. איך פאַרשטיי, — האָט ער שמייכלענדיק א ווונק געטאָן צו לידיא באָריסאָוונען, — אַז די אייצע וועגן כינע שטאַמט פון אײַך... — ער האָט איבערגעפירט דעם בליק אפן מיידל און איבערגעלייענט אין אירע אויגן סײַ שרעק, סײַ האָפענונג, האָט ער זיך צוגעזעצט לעבן איר אפן דיוואַן, פאַררייכערט א סיגאַרעט, און פאָרגעזעצט:

— איינגיכן קערט זיך אום פון כינע קיין לענינגראַד דער דאָקטער ווינאָקוראָוו. ער האָט דערלערנט די דערפאַרונג פון די אָנגעזעענסטע כינעזישע ספּעציאַליסטן. אײַער אַלעקסאַנדער, — האָט ער אַרופגעלייגט די האַנט אף וויקעס אַקסל, — איז יונג, זײַן קרענק איז אין דער סאַמע אָנפאַנג־סטאַדיע. לענינגראַד איז מיט דער האַנט צו דערלאַנגען, וועלן מיר גלייבן! גלייבן, אַ?

אין הויף, אף דער באַשאָטנטער באַנק, האָבן זיי זיך ביידע צוגעזעצט, די פרילינגדיק־יונגע וויקע און די אַלטע לערערן. זיי זײַנען עטלעכע מינוט געזעסן שווײַגנדיק, ווי מע זיצט פאַר א ווײַטער רײַזע. די אַלטע פרוי, וואָס האָט אַלע אירע יאָרן געטראַכט וועגן יענעם, האָט אויך איצט א טראַכט געטאָן וועגן וויקען: „זאָל איר גורל זײַן גרינגער, איידער מײַנער“...

---

שלוימע טשערניאַוסקי

# לויט מאָסקווער צײַט

ווען ס'שלאָגן צוועלף די קרעמלשע קוראַנטן,
פון שטילן אָקעאַן ביז דער אַטלאַנטיק
לויט מאָסקווער צײַט די זייגערס שטעלט מען אָן.
און ס'קלאַפּן הערצער ווײַטע, אומבאַקאַנטע
מיט הערצער אונדזערע אין אוניסאָן...

און ס'קלאַפּן הערצער שטאַרקער פון טאַם־טאַמען
אין אַפריקע, וואָס ראַנגלט זיך אין פלאַמען,
און ס'ציטערט בא דעם סוינע צאָן אויף צאָן.
דעם וועג דער פרײַהײַט — קיינער וועט פאַרצאַמען,
אויב איינער פאַלט, א צווייטער נעמט איר פאָן.

די פאָן, באַהעלט מיט זאַלפּן פון „אַווראָרע",
מיר האָבן דורכגעטראָגן זי דורך יאָרן
מיט פעלקער־ברידער האַנט־בא־האַנט.
און ס'זעען זיך שוין אָן די הייכן קלאָרע,
אין יעדן קער און אופּטו פון מײַן לאַנד!

צו דינסט דעם מענטש די אַטאָמען מיר שטעלן,
מיר גיבן אויף די אַטאָמען באַפעלן,
מיר האַלטן זייער קראַפט אַצינד אין צוים.
אין מיט פון קאָסמאָדראָם, אויף די סטאַפּעלן,
ראַקעטעס שטייען אָנגעצילט אין רוים —

קיין וואַלקנס־שוואָמען זאָלן זיך ניט שלענגלען,
א קלאָרער הימל איבער אונדז זאָל הענגען,
ס'זאָל קיינמאָל מער ניט בושעווען קיין קריג,
פון ווײַטן קאָסמישע דער מענטש זאָל ברענגען
אונדז אַלעמען בלויז פרייד און גליק!

טאָ זאָלן קלינגען קרעמלשע קוראַנטן!
פון שטילן אָקעאַן ביז דער אַטלאַנטיק
לויט מאָסקווער צײַט די זייגערס שטעלט מען אָן.
און ס'קלאַפּן הערצער ווײַטע, אומבאַקאַנטע
מיט הערצער אונדזערע אין אוניסאָן...

* * *

כ'פאַרמאָג אין זיך א גרויסן אויצער פרייד,
וואָס קאָן אין האַרצן לאַנג זיך ניט פאַרהאַלטן,
אונטער א בליק א וואַרעמען, צעשטראַלטן
כ'בין צו דער פּען זיך נעמען שטענדיק גרייט.
מײַן ליד! —
כ'דעק אויף פאַר נײַגעריקע דײַן געזיכט,
ביסט יונג, מײַן ליד, און פול מיט דורשט צום
לעבן,
און גרייט בין איך
דעם אָטעם מײַנעם אויך דיר געבן,
כ'בין גרייט דיר אָפּגעבן פון אויג מײַנעם די
ליכט.

# אפראָדיטע

ווי אלט און ווי יונג איז די ליד וועגן דיר, אפראָדיטע,
איך פאל צו איר קוואל און איך טרינק מיט א הייליקן ציטער...
ס'איז אלט די לעגענדע, אין הערצער פון דוירעס פארשריבן,
און אויב כ'בין א דיכטער, איז אָנהייבן בלויז מיר פארבליבן:
ניט ווייט פונעם שטעטעלע פאטאָס, בא קיפּרישע ברעגן,
עס הויכט זיך א מעכטיקער פעלדז, און עס לויפן אים כוואַליעס אנטקעגן.
זיי פאלן ארוף אף זיין ברוסט און, ווי הויפנס בורשטין, זיך צעשיטן...
און פון אָט דעם יאמיקן שוים געבוירן ביסטו, אפראָדיטע!
דו ביסט אפן פעלדז דאן ארוף, די אָרעמס פאר וועלט האָסט צענומען,
געמאָלדן, אז ביסט צוליב ליבשאפט און פריינטשאפט געקומען!
איך זינג וועגן דיר און דיין לאנד, איך זינג, אפראָדיטע,
זאָל קיינמאָל דיין הימלאנד ניט וויסן פון פיין און פון שכיטעס.
איך זינג וועגן מענטשן פון אלע קאָלירן און שפראכן —
מיר דארפן די פריינטשאפט פארהיטן, פון פיינט זי באוואכן.

# א ליבּ-געזאַנג

א לויב־געזאנג די אויגן דיינע, פרוי,
זיי זיינען סאמעט־שווארץ און הימלש בלוי.

אָט לעשן זיי זיך, ווי א שקיע־פלאַם,
אָט טראָגן זיי גאָר לויטערקייט א יאַם,
די גרעסטע ליידנשאפט אין מיר זיי שטילן.
און שאָענוויז כ'בין קוקן אף זיי גרייט.
מיין אומרו, ווי א וואָלקן, ווערט צעזייט,
און קלאָר דער לעבנסוועג און זיינע צילן...

ווייל גאָטלאָז כ'בין פון אָנהייב ביזן סאָף,
און ביזן טויט כ'וועל זיין אזוי, איך האָף,
נאָר אין מיין זיין ביסטו א געטלעך־צארטע.
דו שיינסט פאר מיר אין קלייד פון פראָסטן שטאָף,
דו ביסט דער שענסטער כאָלעם פון מיין שלאָף,
דו ביסט דער אומרו פון מיין וואָר, געגארטע...





## שיפרע כאָלאָדענקאָ

געבוירן אין 1909 אין דאָרף באַרטקאָווא רודניא (אוקראַינע). אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1924. חוינט אין מאָסקווע.

# און שטענדיק אנטקעגן דו גייסט...

פאַראַן איז דאָך פלאַץ אָף צעמײַדן זיך,
די וועלט איז גענוג, דוכט זיך, גרויס,
איך פלײַס זיך פון דיר צו דערווײַטערן,
און שטענדיק אנטקעגן דו גייסט.

כ'געדענק דיך אויך דאַן, ווען כ'פאַרגעס אין דיר,
עס לאָזט מיך דײַן בליק ניט צו רו.
פאַרוואָס זשע, פאַרוואָס זשע, פונדעסטוועגן,
איך גיי צו דיר קיינמאָל ניט צו!

איך זע דאָך, דו מיינסט, דו געפעלסט מיר ניט...
איך האָב אָט דעם כשאַד ניט פאַרדינט,
כ'האָב מוירע נאָר שטאַרק, ס'זאָל ניט פעלן זיך
די קראַפט, וואָס צוזאַמען אונדז בינדט.

די קראַפט אָט־אָ די אומגעהויערע,
וואָסביידן פאָרויס אונדז זי פירט,
איך וויל, זי זאָל לענגער געדויערן —
דערפאַר נאָר איך היט זיך פאַר דיר.

* * *

ניט אומיסטן, ליבער, איז די זאַך געשען,
פונדערווײַטנס האָב איך דיך דערזען.

פון די אויגן דײַנע פאַלט אָף מיר די ליכט,
ווײַל צו דיר זיך ווענדעט שטענדיק מײַן געזיכט.

איך בין גאָרניט אויסן, נאָר נאָך דיר איך שפּיר,
קומט בעמיילע אויס דאָך, אַז דו קוקסט אָף מיר.

איך געדענק אַנומלט, ס'איז געווען אין פעלד,
האָב איך קעגן הימל זיך אוועקגעשטעלט.

כ'שטיי דעם קאָפּ פאַרהייבן, כ'טו זיך ניט קיין ריר,
און מיר דוכט, די שטערן קוקן נאָר אָף מיר.

ניט אומיסטן, ליבער, איז די זאַך געשען,
פונדערווײַטנס האָב איך דיך געזען...

מישע לעוו

# ווען ניט די פרײַנט מײַנע...

## פאַרפאַלן געוואָרענע



אָפּ־טאָפּ... — טאָפּען איבער די שטיינער שווערע דײַטשישע שטיוול. דער קאָנוואָיִר האַלט די ביקס מיטן באַגנעט אַראָפּ. איך זע אַ שטיק אויסגעברוקירטן וועג, קורצע פאַרשטויבטע כאָליעוועס, פאַלדן פון אַ גרוי־גרינעם מונדיר און אַ זון־העזל, וואָס שפּיגלט זיך אין דער גלאַנציקער שאַרף פון שטאָל.

עס ווילט זיך אונטערשטעלן דאָס פּאָנעם דעם וואַרעמען ווינט, וואָס טרײַבט פון דאָרעם די וואָלקנס. ווײַזט אויס, אַז ווײַט פונדאַנען האָבן זיי שוין אַ גאַס געטאָן מיט רעגן. צוזאַמען מיטן גערוך פון מיסטגריבער דערטראָגט זיך אַהער, צום עק שטאָט, אויך דער רייעך פון טריפנדיקער סמאָלע און עפּעס אַזוינס, וואָס דערמאָנט אין קלעפּיקע טאָפּאָל־בלעטער נאָך אַ רעגן.

נייִן, אָט דער פריִער דופטיקער זומער פאָרט זיך ניט מיט דעם, וואָס דאָ קומט פאָר: מיטן הונגער, מיט דער מידקײַט און פאַרצווייפלונג. ס'דוכט, אַז די נאַטור באַמיט זיך באַווײַזן: „זעט, איך בין בעסער און מילדער, איידער איר, מענטשן...“

מיר, די געפאַנגענע, זײַנען ווי פליגן אום ווינטער, וואָס זײַנען צוליב עפּעס אַ צופאַל לעבן געבליבן. מיר גייען ווי אין אַ כאָלעם, גלײַך מע וואָלט אונדז אײַנגעגעבן שלאָפגעטראַנק. די אויגן מאַכן זיך אַליין צו. קיין סימען פון פאַרב אָף די אויסגעצערטע פּנעמער. מיט איין וואָרט: „דאָכאַדיאַגעס“ — מענטשן, בא וועלכע עס איז בלויז געבליבן די דערמאָנונג וועגן דער פאַרגאַנגענהײַט, ווען זיי האָבן צוגלײַך מיט אַלעמען פאַרמאָגט אַ היים, גוטעפרײַנט, אַן אָנשטענדיקן אָנצוג, געגלייבט אין וואָס איר ווילט, נאָר ניט אין דעם, אַז עס וועלן זיי באַגלייטן קאָנוואָיִרן אין שטיוול, אונטערגעשמידטע מיט גרויסע קוואַדראַטע טשוועקעס.

אין יאָרן אַרום, ווען די שאַרפקײַט פונעם איבערגעלעבטן וועט אָפּגעטעמפּט ווערן, וועט, מעגלעך, עמעצער פון די, וואָס שפּאַנען צוזאַמען מיט מיר, גאָר אָנהייבן צווייפלען אין דער וואָראַהאַפטיקײַט פון דעם, וואָס דאָ קומט איצט פאָר.

אויב ניט רעכענען מיך, וואָס איז הײַנט אַלפינעס אַ לעבעדיקער, איז צווישן אונדז דער סאַמע מאַזלדיקער קאַזימיר אוועראָוו. זײַן ברייט פּאָנעם, דאָס פעסט צוגעמאַכטע מויל, די קורץ אונטערגעשוירענע שטעכיקע האָר איבערן הויכן שטערן, — אַלץ רעדט וועגן זײַן פאַרשלאָסנקײַט און אויך אײַנגעשפּאַרטקײַט. וועדליק זײַנע יאָרן, איז ער נאָך גענוג בייגעוודיק און קרעפּטיק. קויעך פילט זיך אַפילע אין זײַן שטילער שטים, אין זײַנע אויגן, וואָס קוקן דיר שטענדיק טיף אין דער נעשאָמע.

אוועראָוון האָב איך נאָך אַלץ ניט צעקײַט. עס דוכט מיר, אַז ער מאַכט אַן אָנשטעל, באַמיט זיך באַווײַזן די לינקע זײַט זײַנע און באַהאַלט אויס די רעכטע. איך האָב נאָך פאַר אים אַלץ מוירע, עמעס, ווייניקער איידער פריִער. מיט אַ האַלב שאָ צוריק, בייס איך האָב זיך געזעגנט מיט מײַנע לאַגער־כאַווירים, האָט ער ווי צו זיך אַליין אַ זאָג געטאָן:

— אַ מענטש אָן פרײַנט איז, ווי אַ בוים אָן וואָרצלען. — און אין אַ ווײַלע אַרום צוגעגעבן: — ווינטשט אײַך איינער דעם צווייטן גליק, איך מיין, עס וועט אײַך צוניץ קומען. — וואָס האָט ער עס געמיינט, אוועראָוו? צי שטעקט דאָ ניט קיין אָנצוהערעניש?..

לעבן אוועראָוון גייט דער הויכער, לאַנגפּענעמדיקער סטעפּאַן שומאָוו. ער שפּאַנט מיט שטילע טריט, ווי ער וואָלט זיך געגאַנוועט. אָף אים איז צו גלייבן, אַז אויך ביז דעם, ווי ער איז אַרײַנגעפאַלן אין געפענקעניש, איז ער געגאַנגען ניט מיטן גלײַכן וועג, נאָר דורך געשלענגלטע שטע־

אָנהייב — „סאָוועטיש היימלאַנד“ נומ. 3 פון 1961 יאָר.

געלעך, געהיט זיך, ווי א האז. די שטים בא אים איז אזא האָניק־זיסע, אז ניט אומזיסט האָט אים אנומלטן טערעכאָוו געוואָרנט:

— בעסער וואָלסטו געשוויגן, ס'איז שוין פון לאנג באוווסט: סאם איז צוקער־זיס און א רעפּוע איז ביטער, ווי גאל.

שומאָוו איז ניט פון די, וואָס זײַנען בעקויעך זיך צו פארטראכטן. פונדעסטוועגן האָט ער גלײַך פארשטאנען, אז אין לאגער איז שטענדיק שולדיק דער באוואַכטער. עס לוינט בעסער צו זײַן צווישן די, וואָס באוואַכן. דאָך מיין איך, אז אפילע אין זײַן קלײנינקן מויעך ווערט דאָס איבערגעלעבטע לאָזן א שפּור.

קוזיע, וואָס שפּאנט איצט צווישן מיר און שומאָוון, זידלט זיך אזוי קונציק, אז ווען ער זאָל נאָך זײַן אזא בעריע אף עפּעס נוצלעכס, וואָלט מען אים געמעגט מעקאנע זײַן. איך ווייס ניט, ווי ער האָט אויסגעזען ביז ער איז קראנק געוואָרן אף פלעקטיפוס, נאָר איצט, כאָטש ער איז שוין אינגאנצן גראָוו, דריקט זײַן פּאָנעם אויס בלויז נאַיווע קינדערשע נײַגעריקײַט. אָפט רעדט ער מיט זיך אליין און קוקט דערבײַ מיט גרויסע גוטמוטיקע אויגן. קוזיע איז ניט פון די, מיט וועמען מע קאָן זיך אן אייצע האלטן, אָבער קיין בייז וועט ער דיר ניט טאָן.

אנטקעגן אונדז אײַלט א דײַטשישער וועלאָסיפּעדיסט. דער הארבאטער אווטאָמאט באָמבלט זיך אף זײַן ברוסט, די ארבל זײַנען פארקאטשעט העכער די עלנבויגנס. ווען ער איז פארבײַגע־פאָרן, האָט עמעצער פון די קאָנוואָירן אים נאָכגעשריִען מיט הארטע דײַטשישע ווערטער:

— גוטען מאָרגען, קורט!

דער וועלאָסיפּעדיסט האָט זיך אָפּגעשטעלט און אויסגעקערט דעם קאָפּ.

— גוטען מאָרגען, גיונטער!

— קום אהער, — האָט אים גיונטער גענומען רופן. — שולץ איז איצט אין לאגער ניטאָ. אומזיסט אײַלסטו.

קורט האָט א רעגע געצווייפלט, דערנאָך אוועקגעלייגט דעם וועלאָסיפּעד באם וועג און מיט שווערע טריט, ווי א טרעגער, זיך געלאָזט צו גיונטערן.

און דאָ האָב איך זיך געכאַפּט: עס איז דאָך דער זעלבער גיונטער פורגעל, וואָס האָט מיך און פימענאָוון דעמלט, אין יענער קאלטער הארבסטיקער נאכט, אָפּגעפירט אין לאזארעט. איצט באמערק איך, אז ער איז א ביסל אײַנגעהויקערט, זײַן קאָפּ איזריין געגאָלט, די אויגן זײַנען פארשטעלט מיט גרויסע הארן־ברילן. מע באפוילט אונדז אראָפּלאָזן זיך אין ריוו, וואָס ציט זיך לענגויס דעם וועג. פורגעל און קורט זעצן זיך צו אפן גראָז ניט ווײַט פון אונדז.

— דערצייל, — זאָגט גיונטער, — וועגן די רומפּולע זיגן, וואָס איר האָט אָפּגעהאלטן. וויפל דערפער האָט איר אײַנגענומען? וויפל וואלד־באנדיטן האָט איר גענומען אין געפענקעניש?

דאָס זאָטע פּאָנעם בא קורטן איז נאָך רויטער געוואָרן, זײַנע קורצע גראָבע פינגער האָבן גענומען פויקן איבער דער פוסטער פעלדפלאַש.

— גיי צום טײַוול, גיונטער. דיר איז גוט צו שפּאסן. איך וואָלט וועלן זען, וואָס דו וואָלסט געטאָן אף מײַן אָרט.

— איך? אזעלכע פאראנטוואָרטלעכע אָפּעראציעס פארטרויט מען מיר ניט. מיך וועט מען אין צוויי וואָכן ארום אָפּשיקן אפן פראָנט.

— אזוי קומט דיר טאקע, מיר, דײַנע לאנדסלײַט, דער פעלדפעבל הובערט און איך, האָבן דיך ניט איין מאָל געוואָרנט, אז מע דארף ניט זײַן קליגער פון אלעמען... — קורט האָט ארויסגע־נומען זײַן צינד־מאשינקע, וואָס איז ענלעך געווען אף א פּיסטאָלעט, און א דריק געטאָן דאָס צינגל. ס'האָט זיך באוויזן א טונקל רייכל, דערנאָך א שווארץ ציטערנדיק פײַערל, וואָס האָט א לעק געטאָן און זיך אײַנגעגעביסן אין די געפּרעסטע טאבעק־בלעטער פונעם גראָבן ציגאר. די גאנצע צײַט האָט ער ניט אָפּגעווענדט דעם בליק פון גיונטערן:

— און אונדז, זעסטו, — האָט ער שוין ווייך פאָרגעזעצט, — האָט מען באפוילן כאַפּן פיר געפאנגענע, וואָס זײַנען אנטלאָפן פון לאגער. אינגאנצן פיר. און געכאַפּט האָבן מיר צוועלף...

גיונטער האָט לאנגזאם אופגעהויבן די שווערע ווײַסע ברעמען. זײַנע ליפּן האָבן זיך א קרים געטאָן:

— בראַוואָ, קורט! דיך וועט מען אפן פראָנט ניט שיקן, כאָטש דאָס מאָל לײַגסטו. ביסט פון יענע, וואָס האָבן ליב אָפּצובײַסן מער, וויפל זיי קאָנען אײַנשלינגען. נאָר בייזער זיך ניט, איך בין דאָך ניט דער דרײַצנטער געפאנגענער. בעסער זײַ אזוי גוט און גיב מיר צו פארשטיין, וויאזוי מע קאָן אָנשטאָט פיר אנטלאָפענע כאַפּן צוועלף...

— איך ווייס, גיונטער, אז אין ווינער אוניווערסיטעט האָט מען אײַך אזעלכע זאכן ניט גע־לערנט. א מענטש מיט אזא פליך מעג אָבער זײַן א ביסל קליגער. טו א קוק, — האָט ער א וויִנק געטאָן מיט דער האנט, — אָט גייען זיי אהער, קאָנסט זיי איבערציילן.

פון די צוועלף ארעסטירטע, וואָס האָבן זיך דערנעענטערט אהער, זײַנער נאָר פיר געווען לאַגערניקעס. בא צווייען זײַנען די הענט געווען געבונדן אף הינטן, דעם דריטן האָט מען געטראָגן אף א צעשפּרייטן מאסקיר־כאַלאַט.

קורט האָט באַמערקט די רויטע קרייצן אף אונדזערע ארבל און א זאָג געטאָן גיונטערן:

— זאָלן דײַנע „מעדיקער" א קוק טאָן, צי לעבט ער נאָך, צי ער איז שוין קאַפּוט. אז מע הענגט אוף א טויטן, זאָגט שולץ, איז פאַרלאָרן דער עפעקט. דו געדענקסט דעם רוס, וועלכן מע האָט אופגעהאַנגען באַלד נאָכן נײַ־יאָר? דוכט זיך, הויט און ביין, קוים, וואָס די נעשאָמע האָט זיך אין אים געהאַלטן, פונדעסטוועגן האָט ער באַוויזן געבן הובערטן מיטן פוס אין דיך, און שולצן... גאָט מײַנער, שולצן אָנשפּײַען אין פּאָנעם אַרײַן! נאָך דעם דאָזיקן צופאַל האָט אונדזער פעלדפעבל ליב אופצוהענגען טויטע. נאָר דער לאַגער־פיורער האַלט, אז דאָס איז אן אומזיסטע ארבעט, גאָר ניט ז'ער עפעקט.

פעסטשטעלן, צי אָטעמט נאָך דער, וואָס איז געלעגן אפן מאסקיר־כאַלאַט, איז געווען גאָר ניט אזוי לײַכט. אין אים האָט אזוי שוואַך געצאַפּלט דאָס לעבן, אז אפילע דערפאַרענע מעדיקער וואָלטן עס געקאָנט ניט באַמערקן.

ניין, ניט די יאָרן האָבן אויסגעקריצט טיפע קנייטשן אף זײַן פּאָנעם. אף דער בלויער, גע־שוואָלענער האַנט, א באַדעקטע מיט וווּנדן און בלאָטערס, איז אויסגעטאַטויִרט „וואסיע — 1920". ער ליגט א צונויפגעקאָרטשעטער, א פאַרשמאַכטער. קיינער פון זײַנע אייגענע וועט זיך שוין קיינמאָל ניט דערוויסן, ווו זײַן געביין איז אהינגעקומען...

ערגעץ אפן יעניסיי צי אף דער וואָלגע, אין א גרויסער שטאָט צי אין א דערפל האָט ער געלעבט. א גוטער יאַט געווען. איצט וועט אף שטענדיק בלײַבן נאָר דער מאַמעס ווייִ, וועלכע וועט אף אלע אירע אָנפראַגעס באַקומען בלויז איין ענטפער, אז איר זון וואסילי איז פאַרפאַלן געוואָרן אף דער מילכאָמע. קיין יעדיִעס וועגן אים זײַנען ניטאָ.

אויב נאָר וואסיליס מוטער איז באַשערט לאַנג צו לעבן, וועט זי שטענדיק אופציטערן, ווען עס וועט א סקריפּע טאָן די פאָרטקע אין הויף, צי א קלונג טאָן דאָס עלעקטרישע גלעקל אין איר שטאָטישער קוואַרטיר... וויפל בריוונטרעגער עס זאָלן ניט פאַרבײַגיין איר שטוב, וועט זי דאָך ארויסקוקן אף זיי, גלייבן, אז דאָס וועט ער ברענגען איר די גוטע יעדיִע. די צײַט שלײַפט אפילע א שטיין, מיט דער צײַט פאַרגעסן זיך א סאַך זאַכן. נאָר אומעטום און שטענדיק וועט אלץ דער־מאָנען דער מוטער אין איר זון...

ניין, וואסילין טאָר מען ניט פאַרגעסן. באַם דענקמאָל, וואָס וועט ווען־עס־איז אוועקגעשטעלט ווערן פאַר יענע, וועלכע זײַנען פאַרפאַלן געוואָרן אף דער מילכאָמע, זאָל מען אויך אָנרופן דעם נאָמען וואסילי.

די איבעריקע אכט ארעסטירטע זײַנען געווען „פּרימאַקעס" — רויטאַרמייער, וועלכע זײַנען ארײַנגעפאַלן אין אַרומרינגלונג און פאַרבליבן לעבן אין די דערפער. זיי זײַנען געווען דאָרפיש געקליידט און האָבן אויסגעזען אין פאַרגלײַך מיט אונדז, געפאַנגענע, ווי מענטשן פון גאָר אן אנדער וועלט.

צי האָבן זיי געוווּסט, וואָס וואַרט אף זיי אין לאַגער? געוויס. נאָר פאַרוואָס האָבן זיי זיך געגריבלט, ווי באַטראַקעס, אף די גערטנער און זײַנען ניט אוועק אין וואַלד? אף דעם איז שווער געווען צו ענטפערן.

גיונטער האָט ניט דערלאַנגט קורטן די האַנט באַם געזעגענען זיך. מיט א גרויס בלוי טיכל האָט ער אויסגעווישט די ברילן און אונדז באַפוילן זיך לאָזן אין וועג ארײַן.

## אויסערן געזעץ

מאַלעוו, די אלטע שטאָט באַם דניעפּער...

עס איז ארום האַלבער טאָג, נאָר די גאַסן און געסלעך זײַנען פּוסט. הײַזער מיט צוגעמאַכטע לאָדנס. הויפן — אָן קינדערשן טומל און געלעכטער.

אפן ראָג שטייט א באַיאָרטע פרוי אין א דאָרפישער פאַטשיילע, אף די פיס — פּאָסטעלעס, אין דער רעכטער האַנט האַלט זי א געפלאָכטן קוישל. ווען מיר דערנעענטערן זיך צו איר, נעמט זי אין דער לינקער האַנט עטלעכע געקאָכטע קאַרטאָפל און, אָנווײַזנדיק אף אונדז, פרעגט זי בא גיונטערן:

— פּאַני, מע מעג?

ער ענטפערט ניט, פאַרהוסט זיך און דרייט זיך אָפּ אין א זײַט. אף קיין אנדער ענטפער וואַרט זי ניט. זי גייט אונדז נאָך ביזן סאָף געסל און שטופּט ארײַן יעדערן אין האַנט צו צוויי

קאַלטע קאַרטאָפל. געקאַכט זײַנען זיי שוין פון לאנג — דאָס מונדירל אַף זיי איז צונויפגע־קאַרטשעט, ווי דאָס פּאָנעם בא דער אַלטער.

— באָבעניו, לאַנג לעבן זאָלסטו, — זאָגט שומאָוו און ציילעמט זי פונדערווײַטנס.

דער קאָנוואָיִר, בא וועמען דאָס לינקע אויג איז איבערגעבונדן מיט א שוואַרץ שטיקל מאַטעריע, דראָט איר מיט דער לעדערנער נאַהײַקע:

— פאַרנעם זיך פונדאַנען, רוסישע שווײַן!

אפילע מיט אזא קאָנוואָיִר איז מען פאָרט נעענטער צו דער פרײַ, איידער דאָרט, אין לאַגער. דאָ, דוכט זיך, איז דער הימל העכער און אפילע דער שטויב אַף די ביימער לעגגויס דעם וועג איז היימישער.

פון איין געסל ארויס, אין צווייטן ארײַן. אלץ איז דאָ אײַנגעזונקען אין דרימל. דערפאַר, קאָן זײַן, וועקן די געסלעך דעם זיקאָרן. דער פאַרזשאַווערטער בלעכענער לאָדן אַפן האלב־קאַרעווען הויז, ווו ס'איז, ווײַזט אויס, געווען א שפּײַז־קראָם, דערמאָנט אין געשמאַקע מײַכאָלים, כאָטש איצט זײַנען אלע מײַכאָלים געשמאַק.

ביסלעכווײַז הער איך אוף נאָכשפּירן נאָך די בייזע געשרייען פון די קאָנוואָיִרער, נאָך דעם בילן פון די וואַך־הינט, — וואָס ווײַטער באַהערשט מיך שטאַרקער דער גלײַכגילט: ס'איז מיר אלציינס, צי לײַכט די זון צי די לעוואָנע, צי ס'איז טאָג צי נאַכט. ערגעץ אין א ווינקעלע פונעם זיקאָרן טוט א שוועב דורך דאָס מיידל פון מײַן טרוים — זי איז אָנהייב מילכאָמע אוועקגעפאָרן צוזאַמען מיט איר זאַוואָד...

— אַפּ־אַפּ, — דערמאָנט וועגן זיך דער קאָנוואָי.

נאָר איך קער זיך באַלד אום צוריק אין מײַן אויסגעטרוימטער וועלט.

דאָס מאָל האָט עס מיך איבערגעטראָגן צו איר אין הויף, הינטער מאָסקווע. איך הייב זיך אוף אַף דעם גאַנעק, קלאַפּ שטילערהייט אָן אין פענצטער. זי רוקט אָפּ דאָס ווײַסע פאַרהענגל, קוקט אַף מיר דורך דער שויב, נאָר דערקענט מיך ניט. קיין כידעש איז עס ניט — זי האָט דאָך מיך קיינמאָל ניט געזען אזא, ווי איצט: אָן אָפּגעשליסענעם, א פאַרוואַקסענעם...

מע האָט אונדז געבראַכט צום וואָקזאַל. גיונטער פרעגט זיך עפּעס אָן באַם שאָפער פון א סאַניטאַר־מאַשין.

איך שפּאַר זיך אָן אין א סלופּ, אַף וועלכן ס'איז אָנגעמאָלט א שאַרבן מיט צוויי איבערגעקרייצטע ביינער, אונטן איז אָנגעשריבן: „געפערלעך פאַרן לעבן!"

פונקט ווי צוריק מיט עטלעכע כאַדאָשים, ווען מע האָט אונדז געבראַכט אהער פון קריטשעוו, איז די סטאַנציע פול מיט עשעלאָנען, מיט טאַנקען, האַרמאַטן און אָן א שיר קאַסטנס, וועלכע זײַנען אײַנגעדעקט אין גרויסע ברעזענטן און פאַרמאַסקירט מיט צווײַגן און פאַרוועלקטע בלעטער.

א יונגער דײַטשישער סאָלדאַט שטייט אַף א פּלאַטפאָרמע אינגאַנצן א נאַקעטער. איבער זײַן ברודיק־ווײַסן לײַב רינען שטראָמען וואַסער. איך קוק זיך צו אים צו — איר זאָלט זאָגן כאָטש א בראָדעווקע אַפן פּאָנעם, עס זאָל זײַן אַף וואָס צו פאַרהאַלטן דעם בליק. ער וואַרפט אַף אונדז א קוק מיט ביטל. ער ווייסט ניט, אז אים אליין האָט מען ארײַנגעוואָרפן אינעם מילכאָמע־פײַער, ווי מע וואַרפט א בלינד הינטל אין א טיפן וואַסער.

אַף דער צווייטער באַן־ליניע האָט זיך אָפּגעשטעלט א סאַניטאַר־צוג. דער נאַקעטער סאָלדאַט פרעגט עפּעס בא א פאַרוווּנדעטן, וואָס קוקט ארויס דורך דעם פענצטער פון וואַגאָן.

דער סעמאַפאָר ווײַזט, אז דער וועג אַף מיזרעך איז אָפן. א קורצער פײַף, און דער עשעלאָן מיטן יונגן סאָלדאַט רירט פון אָרט. דאָס וואַסער פון עמער האָט ער אויסגעגאָסן. געוויס וועט אים נאָך לאַנג באַגלייטן דאָס פריקרע־זיסלעכע גערוך פונעם באַוועגלעכן לאַזאַרעט. ער קוקט נאָך נאָך די לעצטע פּלאַטפאָרמעס, וועלכע זײַנען אָנגעלאָדן מיט ברוכשטיקער פון דײַטשישע עראָפּלאַנען. צי דען וועט ער ניט א טראַכט טאָן וועגן די, וועלכע זײַנען געפלויגן אַף אָט די עראָפּלאַנען? ווו זײַנען זיי איצט?

קימאַט אלע עשעלאָנען גייען אַף מיזרעך. זאָל עס הייסן, אז די דײַטשן גרייטן זיך צו א נײַעם אָנגריף?

...פונעם פראַכט־וואַגאָן, צו וועלכן מע האָט אונדז צוגעפירט, האָט געאָוועט מיט הני און קאַרבאָלקע. עס האָט דערמאָנט אין מאַלאַגיירעדיקע קי, אין פולע אײַטערס און איינצײַטיק אין דעם לאַגער־לאַזאַרעט, אין די באַראַקן, מיט וועלכע מיר האָבן זיך מיט עטלעכע שאָ צוריק צעשיידט.

אופמערקזאַם קוק איך זיך צו צום וואַגאָן, נאָר ס'איז ניט צו זען קיין סימאָנים, אז ער איז צוגעגרייט אַף אריבערפירן געפאַנגענע. דאָס פענצטערל איז איבערגעצוימט ניט מיט קיין אײַזערנע גראַטעס, נאָר מיט שמאָלע הילצערנע לײַסטלעך.

— זעמליאַק, וועגן וואָס האָסטו זיך פאַרקלערט? — טוט באַ מיר אַ פרעג אוועראַוו.
גיי דערצייל אים, אַז אין דער רגע האָב איך זיך געפרוווט פאָרשטעלן, ווי איך רײַס אַרויס באַ דעם איין־אויגיקן קאַנוואָיר זײַן ביקס און דערבײַ געטראַכט, ווי וועט ער, קאַזימיר אוועראַוו, זיך אויפירן. און נאָך האָב איך געקלערט: וועגן גיונטערן. וואָס וואָלט איך געטאָן מיט אים?
— וועגן וואָס, פרעגט איר, האָב איך זיך פאַרקלערט? אַלץ וועגן זעלבן, קאַזימיר וולאַדי־מיראָוויטש, גאַסטראָנאָמישע כאַלוימעס.
— ווען איך וויים עס, וואָלט איך דיר ניט געשטערט... ניט אומזיסט האָסטו אַ ציטער געטאָן, ווי אַ פויגל, ווען מע דערשרעקט אים. דו ווייסט, שומאָוו האַלט אין איין בעטן גאָט, ער זאָל אים פאַרלענגערן דאָס לעבן, קעדיי כאָטש נאָך איין מאָל זיך אָנעסן צוזאַט. איז וואָס פאַר אַ מײַכאָלים האָסטו געגעסן? באַלאַנדע פון קראָפּעווע מיט ברויט פון דזעגעכץ?
— איך האָב געגעסן דראַטשעניקעס — פרישע היסע לאַטקעס פון געריבענע רויע קאַר־טאָפל, געבראָטן אָף כאַזער־שמאַלץ.
— אָט דאָס הייסט אַ ריינע קריסטלעכע נעשאָמע! אויב אַזוי, איז פאַרקלײַב זיך ווידער אין דײַנע הימלען, און איך וועל זיך פאַרנעמען מיט ערדישע זאַכן. ווי מיינסטו, באַ דער איצטיקער נײַער אָרדענונג וועט מיר אָט דער אַריער דערלויבן אוועקגיין אין אַ זײַט אָפּטאָן אַ קליינע באַדערפעניש?
איך האָב באַמערקט, אַז אוועראַוו איז הײַנט אומרויִקער, צעשטרייטער און באַריידעוודיקער איידער געוויינלעך.
...מיר שטייען שוין העכער אַ שאָ צײַט באַם פאַרפלאָמבירטן וואַגאָן און קיינער וואַגט ניט איבערײַסן דאָס דינע דרעטעלע, אָף וועלכן עס האַלט זיך די פלאָמבע. אָף דער צווייטער ליניע אַרבעטן מענטשן מיט געלע לאַטעס אָף די פלייצעס, זיי לאָדן אויס אַ פּלאַטפאָרמע מיט שווערע קלעצער.
נאָך דעם, ווי דער גוירל האָט מיך צעשיידט מיט מײַנע פרײַנט, מיט איוואַשינען און גלעבן, מיט אַלוואַרדיאַנען און טערעכאָוון, ווען באַ די הענט האַלטן מיך מער ניט פּימענאָוו און סערגייעוו, איז וואָס שטערט מיך אַ לאָז טאָן זיך, ווי דערמלט אין סוכינישטשי, צו די, וואָס טראָגן מיט שטומען צאַר דעם „יודען־שטעמפל"? פעדיע פּימענאָווס וואָרענונג: „ביסט פון זינען אַראָפּ"? אָדער דאָס, וואָס נאָך אַזויפיל פּײַן און ליידן פיל איך דאָך אפילע איצט דאָס גליק פון בלײַבן לעבן? איך ווייס איצט גוט, אַז זעלבסטמאָרד קומט פון פּאַכדאָנעס. און אַזוי פּאַשעט וועל איך דאָס לעבן ניט אָפּגעבן.
די אײַזערנע ווענט פון דער פּלאַטפאָרמע זײַנען געווען ניט קיין הויכע, נאָר הויך זײַנען געווען די סלופּעס, וועלכע מע האָט צוגעפּעסטיקט צו אַכט שטיק באַ יעדער וואַנט. די סלו־פּעס זײַנען בייטיק געווען אָף אײַנהאַלטן דאָס געהילץ. אָבער איצט, ווען דאָס געהילץ איז שוין קימאַט אויסגעלאָדן, זײַנען זיי פּאַשעט איבעריק, ווײַל איבער זיי מוז מען אופהייבן די פאַרבלײַ־בענע קלעצער אָף אַ פּאָר מעטער העכער. עמעצער האָט געפּרוווט אַרויסשלעפּן די סלופּעס פון דער פּלאַטפאָרמע. ס'האָט זיך אָבער גלײַך דערהערט דאָס געשריי פונעם עסעסאָוועץ:
— דו, פאַרפלוכטער יודע, וואַג ניט!
דער עסעסאָוועץ האָט מיט לאַנגזאַמע טריט געלאָזט זיך צו אונדזער איין־אויגיקן קאַנוואָיר.
— הײַל! ביסטו ניט מײַנער אַ לאַנדסמאַן?
אָף אַן ענטפער איז אים אויסגעקומען צוּוואַרטן, ווײַל באַ דעם איין־אויגיקן איז דאָס מויל געווען פול מיט ברויט און וווּרשט. ער האָט אָפּגעווישט די ליפּן, און, אײַנקוקנדיק זיך אינעם עסעסאָוועץ, געענטפערט:
— דאָ, אָף דער פאַרשאָלטענער ערד, זײַנען אַלע דײַטשן לאַנדסלײַט. פון הינטער לײַפּציג בין איך.
— און איך בין פון בערלין. פון סאַמע צענטער שטאָט. איך וואָלט אָבער ניט געזאָגט, אַז די ערד איז דאָ אַ פאַרשאָלטענע. דאָס איינציקע, וואָס עס האָט דאָ געפעלט, איז אונדזער נײַע אָרדענונג. איך זע, דו האָסט פאַר איר גאַנץ טײַער באַצאָלט. דערפאַר וועלן איבער דײַן קאָפּ שוין מער קיין קוילן ניט פליִען. אין ערגסטן פאַל וועט מען דיך שיקן אין אָבאָז, אָף דער סאַמע לעצ־טער פור. כאַ־כאַ, — האָט ער מיט האַנאָע זיך צעלאַכט.
— כאַ־כאַ, — האָט אונדזער קאַנוואָיר אים איבערגעקרימט. — געזאָגט אַ וויץ און לאַכט אַליין! אין אָבאָז בין איך שוין געווען. טאַקע אָף דער לעצטער פור, ווי דו זאָגסט, האָב איך פאַר־לאָרן דאָס אויג. דאָ ווייסט מען ניט, ווּ דו וועסט גיכער אָנלייגן מיטן קאָפּ: אָף דער פּאָדערשטער פּאָזיציע, צי אין הינטערלאַנד. אָט טו אַ קוק, זיי שטייען, דוכט זיך, ווי די שאָף, נאָר פּרוּוו כאַפּן אָף אַ ווײַלע אַ דרעמל, וועט מען דיך גלײַך דערשטיקן, דו וועסט ניט באַווײַזן אפילע קיין פּיפּס טאָן.

— דו מיינסט, מײַנע יודען זײַנען בעסער? מיט זיי האָבן צו טאָן, זײַנען צוויי אויגן קאַרג. דערצו זײַנען זיי פֿאַרבליבן אַזוי ווייניק, אַז עס איז אַ ווונדער, וואָס מע האַלט מיך נאָך אױף דער דינסט. ניין, אין אַזאַ צײַט איז פּאַרט גוט צו דאָבן אַ מום. טאָמער פֿרעגט מען דיך, וואָס קומט דאָ פֿאָר, קאָנסטו ענטפֿערן: — איך זע ניט, — צעלאַכט ער זיך ווידער. — ווי רופֿט מען דיך?

— וועמעס דײַגע איז עס, וואָס איך האָב איין אויג, און פֿאַרוואָס ווילסטו, איך זאָל זאָגן, אַז איך זע ניט, אויב איך, קאַרל, מיט איין אויג זע בעסער, ווי דו מיט דײַנע צוויי? גלייבסט ניט? איז קום זיך וועטן אױף אַ פּעקל סיגאַרעטן, אַז מיט דער ערשטער קויל טרעף איך אין קאָפּ אָט דעם לאַנגן אױף דער פּלאַטפֿאָרמע, וואָס האַלט אונטער די קלאָץ מיטן אַקסל.

גערעדט און געטאָן. קאַרל האָט זיך אויסגעצויגן צווישן צוויי שפּאַלעס, די ביקס האָט ער פֿעסט צוגעדריקט צום אַקסל. לעבן אים האָט זיך צוגעלייגט זײַן הונט, די פֿאַרשפּיצטע מאָרדע אױף די פֿאָדערשטע לאַפּעס, די אַרויסגעשטעקטע רויטע צונג האָט פּולסירט. אָט עטעמט דער הונט אַרײַן אַ פֿאָרציע לופֿט און אָט צעפּליִען זיך פֿון אונטער זײַן שוואַרצער נאָז צוויי פּאַסמעס שטויב. ער קוקט ניט אױף זײַן באַלעבאָס, נאָר ער פֿילט, ווײַזט אויס, יעדן ריר זײַנעם. קאַרלס שטערן שנײַדט דורך אַ טיפֿער קנייטש פֿון אָנשטרענגונג, און אין דער זעלבער רגע שטעלן זיך באַם הונט אויף די האָר אױפֿן קאַרק, די אויגן נעמען שפּריצן מיט גרינע און רויטע פֿײַערלעך.

דער מענטש, אין וועמען קאַרל צילט, רירט זיך ניט פֿון אָרט, ווי ער וואָלט בעקיוון זיך גערייצט מיט זײַן גורל. וואָס טוט מען? שווײַגן קאָן איך ניט. אַ געשריי טאָן, וועט עס מיר קאָסטן דאָס לעבן. דערצו איז דער מענטש צו ווײַט פֿון מיר, איך זאָל אים וואָרענען מיט עפּעס אַ צייכן. אַרום אונדז איז אַן אָנגעשטרענגטע שטילקײַט, אַפֿילו דער מאַנעווריר־לאָקאָמאָטיוו האָט אויפֿגעהערט צו פֿײַפֿן.

— וואַרט נאָר אַ ווײַלע, — האָט דער עסעסאָוועץ זיך אָנגעבויגן און אָנגערירט קאַרלען באַ דער האַנט. — פּרובער שטעל אָן די ביקס אױף עמעצן פֿון דײַנע. טרעפֿסטו אין אים, באַקומסטו אַלצײנס אַ פּעקל סיגאַרעטן.

— ניין, דאָס קאָן איך איצט ניט טאָן. די געפֿאַנגענע זײַנען אַלע איבערגעשריבן.

קאַרל האָט ווידער גענומען זיך צילן.

— וואָס קומט דאָ פֿאָר? — האָט זיך דערהערט די שטים פֿונעם פֿעלדפֿעבל, וואָס האָט זיך דערנעענטערט אַהער צוזאַמען מיט גיונטערן. — קאַרל, אין וועמען צילסטו עס?

— אין אַ ייִדן.

— אַאופֿשטיין! סאַקראַמענטאָ! אױף קיין איין מינוט קאָן מען אײַך אַליין ניט איבערלאָזן. האָסט פֿאַרגעסן דעם באַפֿעל פֿונעם גאַרניזאָן־שעף? עס איז שטרענג פֿאַרבאָטן שיסן אָן אַ באַזונדער נויטווענדיקײַט!

— הער פֿעלדפֿעבל, — האָט זיך אָפּגערופֿן דער עסעסאָוועץ, — איך האָב אויך ניט געוווּסט, אַז אױף צו שיסן אַ פֿאַרפֿלוכטן ייִדן, דאַרף מען האָבן אַ ספּעציִעלע דערלויבעניש.

— ניט וועגן ייִדן גייט אַ רייד, נאָר וועגן דער שיסערײַ, וועגן אומזיסטן טומל אין שטאָט. פֿירט זיי אײַך אָפּ אַ ביסל ווײַטער אין פֿעלד און דערשיסט זיי אַלע ביז איינעם, קיינער וועט אײַך קיין וואָרט ניט זאָגן.

דער מענטש אױף דער פּלאַטפֿאָרמע, וועמעס לעבן ס'איז נאָרוואָס געהאַנגען אױף אַ האָר, איז געשטאַנען אין אַ צעריסן קורץ רעקל, אין הויזן פֿון אַ זאַק, אָן אויסגעדאַרטער, אַ פֿאַרוואַקסענער, און הויך אױף אַ קאָל קאָמאַנדעוועט: — איינס, צוויי, גענומען! איינס, צוויי, העכער! איינס, צוויי, נאָך העכער! און ווען העכער אויפֿהייבן די שווערע מאַסע האָט באַ די מענטשן ניט געקלעקט קיין קויעך, האָט ער אַליין מיטן אַקסל אונטערגעשפּאַרט די קלאָץ, זי אַ שטויס געטאָן און אַראָפּגעוואָרפֿן אױף די געלערס. דער דאָזיקער מענטש דערמאָנט מיר שטאַרק סערגייעוון, אין וועלכן עס האָט אַמאָל אויך געצילט אַ דײַטשישער סאָלדאַט. מיר שטעלט זיך פֿאַר די אויגן דער ראָסלאַוולער לאַגער. ווען עס זײַנען אײַנגעפֿאַלן די נאַרעס, האָט סערגייעוו, פּונקט ווי אָט דער גוואַר מיט דער געלער לאַטע, זיי אונטערגעשפּאַרט מיט די פּלייצעס און פּונקט אַזוי קאָמאַנדעוועט. עפּשער נעמט זיך עס דערפֿון, וואָס פֿון הונגער, צאָרעס און פּײַן פֿאַרשווינדן אַ סאַך אינדיווידועלע שטריכן און מענטשן ווערן ענלעך איינער אױפֿן אַנדערן.

ווער איז ער, אָט דער מענטש אױף דער פּלאַטפֿאָרמע? וואָס איז זײַן פֿאַך? וועגן וואָס טראַכט ער איצט? נאָר וואָס איז די נאַפּקעמינע? אויב ער לעבט נאָך, איז ניט דערפֿאַר, וואָס דאָס געזעץ פֿאַרהיט אים, כאָטש, לאָמיר זאָגן, אַזוי ווי דאָס דרעטעלע מיט דער פּלאָמבע פֿאַרהיט דעם וואַגאָן. ניין, ער לעבט נאָר דערפֿאַר, ווײַל זײַן טויט האָט געקאָנט מאַכן אַן איבעריקן טומל.

# הובערטס פאַרדאַכט

ערשט איצט האָב איך דערפילט, ווי מיר איז איבערגעטריקנט אין מויל. אָט דאָ ניט לאנג זײַנען מיר פאַרבײַגעגאנגען א ריטשקעלע, לעבן וועלכן עס זײַנען געוואקסן ליכטיק-גרינע זיס-שמעקנדיקע ליפּעס און א שלאנקער קליאָן. די ברייטע קרוין פונעם קליאָן האָט אויסגעשפּרייט א געדיכטן שאָטן. עמעס, דאָס ריטשקעלע איז געווען אזוי קליין און זײַן ביסל וואסער איז גע-פלאָסן אזוי מיד און לאנגזאם, אז ווען ניט דער ברייטער דניעפּער, וואָס רוישט ניט ווײַט פונ-דאנען און דערמאָנט, אז פון קליינע ריטשקעלעך ווערן גרויסע טײַכן און יאמען, האָט זיך גע-קאָנט דאכטן, אז אליין דאָס ריטשקעלע קאָן אויסגיין פון דאָרשט...

קארל איז אין קאס. זײַן לעדערנע נאהײַקע שנײַדט דורך מיט א פײַף די לופט און לאָזט זיך אראָפּ מיט א טרוקענעם טראַסק אף קוזיעס פּלייצע, אף זײַן קאָפּ.

דאָס קליינע לייטערל, וואָס האָט זיך געפונען אין וואגאָן, האָט קארל אופגעהאנגען אף דער אײַזערנער פרענטע פון דער טיר און באפוילן קוזיען ארײַנקריכן אין וואגאָן. דאָס לייטערל דער-גרייכט אָבער ניט צו דער ערד, הוידעט זיך עס אהין און אהער. צוהאלטן דאָס לייטערל לאָזט קארל ניט, און אין וואגאָן איז ניטאָ, ווער עס זאָל קוזיען דערלאנגען א האנט.

שוין דאָס דריטע מאָל שנײַדט די נאהײַקע זיך אײַן אין קוזיעס געשוואָלענע פּיס. זײַן גליק, וואָס ער ליגט שוין מיטן בויך אף דער אײַזערנער רייקע און וואָס קארל פארשטייט ניט די צענ-גאָרנדיקע, מיט וועלכע קוזיע בענטשט אים און זײַנע קינדסקינדער.

אינמיטן וואגאָן איז מיט עטלעכע דרענגלעך און ברעטער אָפּגעצאַמט אָן אָרט פאַר די קאָנוואָירן. דער דיל איז דאָרט באשאָטן מיט קאלך. פון ערגעץ האָבן די קאָנוואָירן געבראכט און אויסגעשפּרייט א בינטל געפּרעסטן שמעקנדיקן היי. איין העלפט פונעם וואגאָן איז פארנומען מיט פּוסטע קעסטלעך. גיונטער דערלויבט אונדז אופעפענען א פענצטערל און זיך צוזעצן אפן דיל.

די זון האָט געהאלטן באַם פארגיין. דאָ, ווײַט פון דער סטאנציע און נאָענט צום פעלד, האָט אף א צײַט זיך אײַנגעשטעלט אזא שטילקײַט, אז מע האָט מאמעש געקאָנט הערן, ווי עס שושקען זיך די בלעטער אף דיביימער. יעדער בוים האָט זיך געוויגט אף זײַן שטייגער: די בערעזע — לײַכט, שפּילעוודיק און פריילעך, די אָסינע — פארטראכט און ציטעריק... און וואָלט דאָ, טראכט איך, געשטאנען א דעמב, וואָלט פאַר זײַנע בלעטער אזא ווינטל קלאָל געווען ווייניק. זײַן פאר-וואָרצלטקײַט און גרויסע קראַפט לאָזט אים ניט בייגן זיך פאַר אבי אוועלכן ווינטל.

דער אָנקומענדיקער ביין-האשמאָשעס פארנעפּלט אלץ. עס רוקן זיך אָן לאנגע שאָטנס. די אויגן ווערן צוביסלעך צוגעוווינט צו דער פינצטערניש. דורך דער עטוואָס אָפענער טיר פונעם וואגאָן ציט מיט פרישקײַט, מיט פײַכטער ערד.

איך האָב זיך צוגעדריקט צו קוזיען, וואָס האָט מיט ביידע הענט זיך געהאלטן באַ דער גע-שוואָלענער באַק און, ווי געוויינלעך, שטילערהייט געשאָלטן און גענידלט זיך. איך פרעג באַ אים:

— עס טוט נאָך אלץ וויי? די ציין האָט ער דיר ניט אויסגעזעצט? עפשער איבערבינדן דיר די באַק?

— מע דארף ניט. איך וואָלט נאָר וועלן וויסן, וואָס פאַר א גוילעם האָט אים אויסגעזעצט נאָר איין אויג? אָ, איך וואָלט אים איבערגעבונדן אזוי, אז ער זאָל זיך אופכאפּן שוין אף יענער-וועלט, א רועך אין זײַן נעווייִלישן געביין...

— איר זעט, — האָט זיך ארײַנגעמישט אווראָוו, — קוזיע ווערט פון די פּעטש א ביסל קליגער...

עמעצער האָט פונדרויסן א שלעפּ געטאָן דעם פארוקער און אָנגעקלאַפּט אין דער טיר.

— ווער איז? — האָט גיונטער א פרעג געטאָן.

— דאָס בין איך, הובערט, עפן.

פורגעל האָט אראָפּגענומען דאָס קייטל און מיט זײַן קעשענע-לאמטערן צוגעלײַכט דעם פעלדפעבל.

— נו, ווי גייט עס דאָ באַ אײַך? אלץ אין אָרדענונג?

— יאוואָל!

— עפשער, גיונטער, ווילסטו זיך א ביסל דורכגיין? קאָן איך דאָ דערווײַל פארבלײַבן.

— א דאנק. דו ווייסט דאָך, אז איך בין בלינד, ווי א פלעדערמויז, אין אזא פינצטערניש איז בעסער זיך האלטן אונטער א דאך.

— ריכטיק. איך וועל נאָר אויסרייכערן מיט דיר א סיגארעט און זיך אומקערן צוריק אין מײַן וואגאָן. דאָרט האָט זיך צונויפגענומען א פריילעכע קאָמפּאניע. מע מאכט א קערטל, אז עס גייט אזש א רויך. און באַ מיר אין טאַש פײַפט דער ווינט, אינגאנצן א פּאָר צענדליק מארק פאראן. אין וואגאָן זײַנען זיך צונויפגעקומען איינע דײַטשן, קיין איין עסטרײַכער ניטאָ. צוויי פון זיי פאָרן

מאָרגן אהיים אין אורלויב. מענטשן האָבן גליק! באַוויַיז מיר נאָר דאָס צעטל פון דער „סקוירע", וואָס מיר פירן.

עס שורשען פּאַפּירלעך. איינס, א צווייטס, און אָט איז, וויַיזט אויס, דאָס, וואָס דער פעלד־פעבל פּאָדערט. אליין צילט ער אָן דעם סנאָפּ שייַן פון קעשענע־לאַמטערן און לייענט לאנגזאַם די אומבאַקאַנטע רוסישע פאמיליעס און נעמען: אוועראָוו קאַזימיר וולאַדימיראָוויטש!

— איך, הער פעלדפעבל! — רופט זיך אָפּ אוועראָוו.

— דאָס זײַט איר געווען דער הויפּט־סאַניטאַר פונעם לאַגער־לאַזארעט?

— יאַוואָל, הער פעלדפעבל!

— אײַך האָט מען געזאָגט, וווהין און צוליב וואָס איר פאָרט?

— ניין.

— ביז דער מילכאָמע זײַט איר אויך געווען א מעדיקער?

— א זאָאָטעכניקער.

— און דײַטש האָט איר זיך אויסגעלערנט, זײַענדיק אין לאַגער?

— דאָ האָב איך נאָר פאַרפולקומט די שפּראַך.

ער לייענט ווײַטער. עס פאַרכאַפּט בא מיר דער אָטעם. ניט אומזיסט האָב איך אזוי מוירע פאַר א צעטל. און מיטאַמאָל, ווי עס וואָלט א באָמבע זיך צעריסן:

— לעוו, לעווי, יודע! גיונטער, דו קאָנסט זיך פאָרשטעלן, אז צוזאַמען מיט דיר און מיט מיר געפינט זיך דאָ א יודע? א שאָד, וואָס דער לאַגער־פירער שולץ איז דאָ ניטאָ. ער באַרימט זיך דאָך שטענדיק, אז דעם רייעך פון שנאַפּס און פון א יידן פילט ער אָן א מײַל. איז וואָס ווּעסטו, גיונטער, זאָגן אָף אזא נײַס?

— עס איז קיין נײַס ניט, הובערט, דאָס איז ניט מער, ווי דײַן פאַנטאַזיע. שטעל זיך פאָר, ווען דו קומסט און ראַפּאָרטירסט דעם אַלטן שולץ, אז צווישן די געפאַנגענע, ווו ער געוועלטיקט, האָסטו זומער 1942 געפונען א יידן. אפילו ווען דאָס איז אזוי, וואָלט ער עס אויך דיר ניט מויכל געווען.

מיר דוכט, אז הובערט האָט זיך אפילו ניט צוגעהערט צו גיונטערס רייד, ער האָט ווידער־אַמאָל איבערגעכאַזערט:

— לעוו, לעווי, יודע! געדענקסט, בא אונדז אָף דער קירכעשטראַסע האָט געוווינט א ייִד מיט א גראָוו בערדל... לעווי. איך האָב אַמאָל מיט א פּילקע אויסגעזעצט א שויב אין זײַן קראָם, איז ער געקומען צו מײַן פאָטער קלאָגן זיך אָף מיר. געלט נעמען האָט ער זיך אָפּגעזאָגט. ער איז געשטאַנען און געקראַצט דאָס בערדל, וואָס האָט געסטאַרטשעט, ווי בא א צאַפּ, ביז דער טאַטע האָט מיר ניט געגעבן אין האַלדז־און־נאַקן און מיך געניוויט בעטן אַנטשולדיקונג באַם יודע. וואַרט נאָר, מיט אונדז צוזאַמען האָט דאָך געלערנט זײַן זון, ווי האָט מען אים גערופן — טאַדי אָדער דאַדי. אויב איך האָב ניט קיין טאָעס, האָסטו זיך מיט אים אפילו געכאַווערט. אין דער פוטבאָל־קאָמאַנדע איז ער דאַן געווען א גאַנצער מאַכער. געדענקסט, גיונטער?

— נו, איז וואָס? אויב דער פעלדפעבל הובערט אינטערעסירט זיך, קאָן איך אים מיטיילן, אז ביזן סאַמע אנשליוס, ווי נאָר איך פלעג קומען קיין ווין, פלעג איך דיך זען מיט טאַדין. א קינדער־דאָקטער איז ער געווען. איך קאָן דיר נאָך דערמאָנען, אז צוויי כאַדאָשים איז בא אים אין שפּיטאָל געלעגן א געפערלעך־קראַנקער דײַנער א פּלימעניק. די בעסטע פּראָפעסור פון שטאָט האָט ער אײַנגעלאַדן אָף א קאָנסיליום, אליין שאָענווײַז געזעסן בא זײַן בעט, און קיין פעניג בא דײַן שוועסטער, דער אַלמאָנע, ניט גענומען. און דו? דאָס איינציקע, וואָס דו האָסט פאַרגעדענקט, איז דאָס, וואָס זײַן טאַטע האָט געהאַט א ציגן־בערדל און אז ער איז ניט געווען אנציקט דערפון, וואָס דו האָסט אויסגעקלאַפּט בא אים א שויב?

— גיונטער, פאַרגעס ניט, אז פרײַנטשאַפט איז איינס, און דינסט איז עפּעס אנדערס. דײַן לעווי פון ווין אינטערעסירט מיך איצט ניט. נאָר דער לעוו...

— הער פעלדפעבל, — האָט אין דער פינצטער זיך דערהערט אוועראָווס קאָל, — דאָס בין איך, דער הויפּט־סאַניטאַר פון לאַזאַרעט, דערלויבט מיר זיך ווענדן צו אײַך.

— רעדט!

— איך האָב זיי אויך פײַנט. רוסישע און פוילישע יידן קען איך גוט. איך דערקען זיי גלײַך, ווי זיי זאָלן זיך ניט קליידן. מיט לעוון האָב איך זיך באַגעגנט אין לאַגער צופעליק, נאָר מיר זײַנען מיט אים פון איין שטאָט, קימאַט ווי שכיינים. איך קען אים און זײַן טאַטן אנדרייען. ער איז א רוסישער, און בא אים איז א ריינע, א קריסטלעכע נעשאָמע. דערלויבט, וועל איך אים אופוועקן.

— דערווײַל דאַרף מען ניט. גאַנצפרי וועל איך אליין דאָס דורכקאָנטראָלירן. אײַך שרעקט עס ניט?

— נייך! אויב איך זאָג א ליגן, מעגט איר אויך מיר דעם קאָפּ אראָפּנעמען.

— ווארשײַנלעך, אזוי וועט זײַן.

אין וואגאָן האָט זיך ווידער אײַנגעשטעלט אן אָנגעשטרענגטע שטילקײַט. אין דער פינצטער האָט קיינער ניט געקאָנט זען מײַן פּאָנעם, אף וועלכן עס איז געלעגן די שרעק. איך גלייב ניט מײַנע אויערן, אווערעו! גיי זײַ א נאָווי און ווייס, פון וועמען צו דערוואַרטן גוטס. ווײַזט אויס, אז ניט שטענדיק טוען גוטס בלויז גוטע מענטשן. קלאָר, ער צווייפלט ניט אין דעם, אז איך בין א רוסישער. איז וואָס וועט זײַן מיט אונדז מאָרגן?

שוין באַם אוועקגיין פרעגט הובערט:

— געלט וועסטו מיר לײַען, גיונטער?

— יאָ, נעם.

— א גוטע־נאַכט. אָט וועל איך דיך ווידער פארשליסן פון דרויסן.

הובערט האָט איבערגעלאָזט אין וואגאָן די שרעק, וועלכע האָט זיך אײַנגעקלאַמערט אין מיר, ווי זשאַווער אין אײַזן. עס ווילט זיך מיר איצט ארומנעמען מײַן שאָכן און זאָגן אים געציילטע פיר ווערטער:

— קוזיע, ס'איז ניט גוט.

איך וואָלט וועלן, ער זאָל מיר ענטפערן אנערעך אזוי:

— דאָ, אין געפענקעניש, איז א מינוט גלײַך צו א יאָר. מיר מיט דיר זײַנען אלט ווי די וועלט. איז באַרעכן נאָר, וויפל האָסטו שוין איבערגעלעבט אזעלכע מינוטן? דערבײַ פארגעס ניט, אז דיך האָט שוין א סאך מאָל געראַטעוועט א צופאַל...

אף דעם וואָלט איך געקאָנט דערווידערן:

— דאָס איז טאַקע עמעס, נאָר וואָס נאָך פאר א צופאַל קאָן טרעפן?

— מאַלע וואָס! האָסט דאָך מיט א פּאָר טעג צוריק, נאָכן באפרײַען זיך פון קאַרצער, גע־טראַכט, אז נאָכאַמאָל איבערלעבן אזא נאַכט וועט דיר קיין קויעך ניט קלעקן, און איצט קלערסטו שוין וועגן דעם, וואָס וועט זײַן מאָרגן...

איך עפן אוף די אויגן. איך טראַכט, אז ניט גערעכט זײַנען די, וועלכע זאָגן, אז אין די לעצטע מינוטן פון לעבן ווערט פארנעפּלט דער מויעך. איך זע אַלץ אזוי בוילעט און קלאָר... די שווערסטע מאַטעמאַטישע אופגאַבע וואָלט איך איצט שנעל געלייזט. עמעצן אן אייצע וואָלט איך געקאָנט געבן, אָבער זיך אליין — ניט. פיל לײַכטער איז געפינען אן אויסוועג פון אן אומענדלעכן זומפּ, וואָס פארציט דיך, ווי פון אָט דער טפיסע אף רעדער.

וויפל קאָן איצט זײַן דער זייגער? מעגלעך, אז צוועלף. עס קומט אפּן זינען, אז א וועלט מיט מענטשן הערן, ווי עס שלאָגן די קוראַנטן אף דעם קרעמל־טורעם. וואָס וואָלט איך ניט אוועקגע־געבן, איך זאָל איצט קאָנען כאָטש איין־איינציק מאָל הערן אָט די קלאַנגען!

די נאַכט קײַקלט זיך באַרג־אַראָפּ, וואָס ווײַטער אַלץ שנעלער. פון ווײַט־ווײַט דערטראָגט זיך א טעמפּער אופרײַס. אין דער נאַכט־שטילקײַט, האָט מען אונדז געלערנט, הערט זיך דאָס הודען פון אן עראָפּלאַן פאר א קילאָמעטער פערציק. דער אופרײַס איז, ווײַזט אויס, נאָך ווײַטער. דורכן אָפענעם פענצטערל זע איך, ווי די פּראָזשעקטאָר־שטראַלן שנײַדן דורך די געדיכטע פינצ־טערניש, זיי טאַפּן דעם פארדעכטיקן הימל, נאָר קיין הודען פון קיין עראָפּלאַנען הערט מען ניט.

איבער מאַלעווער אײַזנבאַן־קנופּ פליען הײַנט ניט קיין סאָוועטישע באָמבאַרדירער. ניט מיט מיר און ניט מיט הובערטן איז פאר דער נאַכט גאָרנישט ניט געשען, אויב ניט רעכענען דאָס, וואָס בא מיר אין קאָפּ זײַנען צוגעקומען גראָווע האָר און בא אים אין די קעשענעס — עטלעכע טויזנט מאַרק, וועלכע ער האָט אויסגעשפּילט אין קאָרטן. אים האָט אזוי פארכאַפּט די שפּיל, אז ער האָט, דוכט זיך, פארגעסן ניט נאָר אין מיר, נאָר אפילע אין זיך אליין.

נאָך איידער עס האָבן זיך צעקרייט די הענער, האָט ער אָנגעקלאַפּט אין דער וואגאָן־טיר.

— גיונטער, דײַן געלט איז מאַזלדיק, שוין לאַנג איז מיר אזוי די קאָרט ניט געגאַנגען. נא, בא־האַלט מײַן טײַסטער. אָט האָסטו זייגערלעך, בראַסלעטן, פינגערלעך און אפילע א גאָלדענע בראָש. איך האָב דאָס אַלץ געוווּנען בא א הינקענדיקן האַופּטמאַן, ער האָט אן אייגענע פאַבריק. דאָס איינציקע, וואָס איך פארטרוי אפילע דיר ניט, איז די פלאַש ווײַן, וואָס איך האָב פאר היפּשע געלט געקראָגן אפּן וואָקזאַל. באַלד וועל איך אויסטרינקען און גיין שלאָפן.

הובערט האָט מיט דער האַנט צוגעגלעט די האָר אפּן קאָפּ און באַם אוועקגיין געוואָרנט:

— זע, עס זאָל זײַן אַלץ אין אָרדענונג. אויב עפּעס וויכטיקס, איז וועק מיך גלײַך אוף.

ווען דער ערשטער זונשטראַל האָט באַלויכטן דעם הימל און פון די סעדער, ארומגעצוימטע מיט לאָזע־געפלאָכטענע פּלויטן, האָט זיך דערטראָגן א פריילעכע צוויטשערײַ, האָבן מיר זיך גע־ריירט פון אָרט. דער צוג איז פארבײַגעפאָרן די סטאַנציע, דעם וואַסער־טורעם און דעם סעמאַפאָר.

# דער ציגײַנערישער טאַנץ

פאַרוואָס זײַנען מיר אַזוי לאַנג געשטאַנען אין מאַלעוו? און פאַרוואָס אײַלט עס איצט אַזוי דער לאָקאָמאָטיוו? איך האָב, פאַרשטייט זיך, דעמלט ניט געקאָנט וויסן, אַז די ווײַטע, טעמפּע אופרײַסן — דאָס זײַנען ערשטע גרוסן פון די ווײַסרוסישע פּאַרטיזאַנער.

גיונטער און קאַרל האָבן קיימאַט אַף אַ העלפט אופגעעפנט די טיר פון וואַגאָן און זיך גענומען וואַשן, אופגיסנדיק איינער דעם צווייטן וואַסער פון אַ סאָלדאַטיש קעסעלע. נאַרוואָס האָט זיך געדוכט, אַז עס וועט ניט נעמען קיין סאָף צו דער שורע טעלעגראַף-סלופּעס, צו די הודענדיקע דראָטן, וואָס גייען זיך צונויף און לויפן זיך ווידער פאַנאַנדער. נאָר ניט ווײַט פון דעם שמאָלן באַן-בריקל האָט עמעצער איבערגעריסן די טעלעגראַף-ליניע. פונעם אָפּגעברענטן אײַזנבאַן-שטיבל איז געבליבן בלויז דער קוימען. ווײַטער לויפן אונדז אַנטקעגן גריבער, צעבויגענע רעלסן, פאַרקוילטעביימער, אַ הויכע בלינדע וואַנט פון אַן עלעוואַטאָר, וואָס האָט ערטערווײַז נאָך פאַרהיט איר ווײַסקייט. און גאָר מאָדנע זעט שוין אויס, ווען עס טראָגן זיך אָן אַנטקעגן די ווײַסע געקאַלכטע שטיינדלעך, מיט וועלכע עס איז אויסגעלייגט דער אײַזנבאַן-אַנשיט. ווען עס טרעפט זיך אַ סלופּל, געפאַרבט מיט שוואַרצע און ווײַסע פּאַסן, גיט שוין אַ ווייע מיט וואַרעמקייט, און באַזונדערס ווען דו דערזעעסט פון שטיקלעך ציגל קיימאַט אַ גאַנץ געבליבענעם רויטן שטערן...

פון לאָקאָמאָטיוו דערטראָגט זיך אַ נעבעכדיקער און לאַנג-צעצויגענער פײַף. דער צוג פאַרלאַנגזאַמט דעם גאַנג. באַ דער ליניע שטייען רעמאָנטניקעס. אויב מיר, געפאַנגענע, פלעגן כאָטש מאַכן אַן אָנשטעל, אַז מיר אַרבעטן, ווילן זיי אַפילו קיין אָנשטעל אויך ניט מאַכן. די רעמאָנטניקעס קוקן מיט סינע אַף קאַרלען, גיונטערן און אַף דעם דײַטשישן סאָלדאַט, וואָס שטייט אין טאַמבור פון אונדזער וואַגאָן.

פונווײַטן דוכט זיך, אַז דער וואַלד, וואָס דרעמלט רויִק און פרידלעך אַפן באַרג, האָט זיך אײַנגעעשניטן אין דער בלויקייט פון הימל. צוערשט לויפן אָן אַנטקעגן דעם צוג דאַרע און לאַנגע ביימלעך, וואָס דערמאָנען אויסגעצערטע ייִנגלעך. דערנאָך רוקט זיך אָן, ווי אַ טונקעלע וואַנט, דער יעלניק. צווישן די יעלן וואַרפן זיך דורך מעכטיקע סאָסנעס מיט רויטע שטאַמען. פון וואַלד דערטראָגט זיך אַ טערפּקע גערוך.

באַם סאַמע וועג, וואָס שנײַדט דורך אַ גרויס פעלד, שטייט אַ וואָגן מיט אופגעהויבענע האָלאָבליעס. אַ פרוי טאַפּטשעט זיך באַם אַקער, אין וועלכן עס איז אײַנגעשפּאַנט אַ קו. אַף דעם זעלבן אָרט האָבן געוויס מיט אַ יאָר צוריק טאָג און נאַכט געהודעט טראַקטאָרן.

גיונטער האָט אָפּגעגעסן פרישטיק, זיך אָנגעטרונקען מיט שוואַרצער קאַווע פון טערמאָס און מיט אַ ריין טיכל אָפּגעווישט די ליפּן. ער זיצט אַרומגעכאַפּט מיט ביידע הענט די קני און רייכערט אַ גראָבן ציגאַר. ער האָט אַ גרויסן, קלוגן שטערן, וועלכן עס שנײַדן דורך צוויי טיפע קנייטשן. די האָר זײַנע זײַנען אויסגעברענט פון דער זון און פון יאָרן. ווען ניט זײַן פאַרהאַסטער גרוי-גרינער שינעל, וואָלט מיך ניט געשראָקן די האַרטע שפּראַך, אַף וועלכער ער רעדט, און עס וואָלט זיך פּאַשעט ניט געגלייבט, אַז ער איז אַ סאָלדאַט פון דער היטלעריסטישער אַרמיי.

קאַרל שפּאַנט הין און צוריק איבערן וואַגאָן. זײַנע שטיוול סקריפּען האַזעדיק. זײַן פּאָנעם איז אָנגעשטרענגט. דאָס איינציקע אויג איז אַזוי ברייט צעעפנט, ווי ער וואָלט עס געצווּונגען דינען אויך פאַרן אויסגערונענעם. ביז די קלענסטע איינצלהײַטן דערציילט ער גיונטערן, וויאַזוי ער האָט דעם לעצטן אָוונט פאַרבראַכט באַ זײַנער אַ באַקאַנטער פראַו. די שטים איז באַ אים עטוואָס אַ הייזעריקע.

— דו ווייסט, — האָט ער ענדלעך איבערגעפירט דעם שמועס אַף עפּעס אַנדערס, — איך וויל דיר בעטן, דו זאָלסט מיר אָנשרײַבן אַ בריוו אַהיים. מײַן פרוי קלאָגט זיך, אַז ניט אַלע בריוו באַקומט זי. און אַז זיי זײַנען אַזוי געמעקט און געקלעקט, אַז זי קאָן גאָרניט פאַרשטיין. גאַנץ מעגלעך, אַז עמעצער העלפט מיר מעקן און קלעקן. און דו, זאָגן אַלע, ביסט אַ גרויסער מײַסטער אַף שרײַבן בריוו.

— וועגן וואָס ווילסטו איר שרײַבן?

— פאַרשטייט זיך, ניט וועגן דעם, וואָס איך האָב דיר אָקאָרשט דערציילט. שרײַב איר אָן, אַז דאָס מאָל האָט זיך דאָס מאַזל אויסגעדרייט מיטן פּאָנעם צו איר מאַן. אינגיכן וועט זי נאָך מער דערפילן, וואָס דער פיורער האָט געמיינט מיט די ווערטער, אַז אַלץ וועט זײַן פאַר אונדז, דײַטשן. שרײַב איר אויך אָן, אַז אינגיכן וועל איך זײַן אַ שעף פון אַ גרויסן אַמוניציע-סקלאַד. אין מײַן רעשוס וועלן זײַן ניי-וואַרשטאַטן, וואַרשטאַטן פון שוכוואַרג. גאַנץ מעגלעך, אַז צום סאָף יאָר זאָל איך באַקומען אורלויב.

איך קוק אף גיונטערן און ס'ווילט זיך מיר אזוי וויסן, וואָס באַטײַט זײַן איראָנישער בליק און זײַן שאָקלען מיטן קאָפּ.

ער איז א געוועזענער לערער. גאַנץ מעגלעך, אז דעם פיורערס ווערטער האָבן אים דער־מאָנט אין הענריך דעם פערטן, וועלכער האָט דאָס זעלבע אמאָל צוגעזאָגט די פראַנצויזן.

די אויגן קלעפּן זיך צונויף. נאָר איך בין צו מיד און צו אופגערעגט, איך זאָל קאָנען גלײַך אנשלאָפן ווערן. שוין בא דרײַ שאָ ווי מיר פאָרן אָן אָפּשטעל. דער פעלדפעבל הובערט פאַרט גע־וויס אינעם איינציקן פאַסאַזשיר־וואַגאָן פון אונדזער עשעלאָן. ער קאָן דאָך אף דער ערשטער סטאַנציע ארײַנקומען.

קוזיע ליגט פאַריסן דעם קאָפּ, ווי ער וואָלט אונטערגעשטעלט דעם האלדז אונטער א כאַלעף. בא אוועראָוון איז דאָס פּאָנעם אפילע אין שלאָף א מין רעטעניש. זיי, די שכיינים מײַנע, שלאָפן הײַנט שטאַרק, זיי ווייסן ניט, אז איך הער זיך צו צו יעדן שאָרך. איך דריק צו די קני צום בויך, פאַרוק דעם קאָפּ נאָך טיפער אין קאָלנער און אין א מינוט ארום ווייס איך שוין ניט, צי דאָס פייגעלע, וואָס איז גרוי ווי א רייכל, שטייט אינדערעמעסן אפן טעלעגראַף־דראָט, צי איך זע אין שלאָף מײַן שוועסטערס אלבאָם, אין וועלכן עס איז אײַנגעפּאַסט א פּאָטשט־קאַרטל מיט אָנגע־מאָלטע פייגעלעך.

— אאופשטיין!

איך זוך מיט די אויגן דעם פעלדפעבל, וועלכער האָט אָפּגעגעבן די דאָזיקע קאָמאַנדע. נאָר איך אײַל זיך ניט אופצושטיין.

— אאופשטיין! — האָט מיר א ברי געטאָן אין אקסל די נאָהײַקע. — אאופשטיין, רוסישע שווײַן!

עס ווילט זיך מיר א געשריי טאָן, אָבער די צונג איז ווי צוגעקלעפּט צום גומען. און דאָך איז מיר אראָפּ א שטיין פונעם הארצן. דערווײַל בין איך נאָך מיט אלעמען גלײַך. עס לאָזט זיך אויס, אז קיין שום פעלדפעבל איז דאָ ניטאָ, און געמיינט האָט קאַרל ניט מיך, נאָר מײַן שאָכן, קוזיען, וועלכן ער טרייסלט, ווי אָן עפּלבוים. איך ווייס ניט, עפּשער האָט אים טאַקע קאַרל געשלאָגן שטאַרקער, איידער מיך, ווײַל איך זע, אז אָט־אָט וועט קוזיע זיך צעוויינען.

אונדזער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט אף א פּאָלוסטאַנאָק. די וואַגאָן־טיר איז צעפּראַלט. ניט ווײַט פונדאַנען פליסט א טײַך. באַם ברעג דרעמלען עטלעכע ווערבעס. אינדערלופטן טראָגן זיך אום שוועלבעלעך. אָט הייבן זיי זיך אוף אין הימל, ווערן פאַרגליווערט אף אָן אָרט און פאַלן פון דער הייך מיט צונויפגעלייגטע פליגל.

לעבן וואַגאָן שטייט גיונטער און דער סאָלדאַט, וועמען איך האָב געזען אפן טאַמבור. ער האַלט זײַן אווטאָמאַט אזוי, ווי ער וואָלט נאַרוואָס עמעצן דערשאָסן און וואַרט איצט אף א צווייטן קאָרבן.

— אף לופט! — ווענדט ער זיך צו אונדז. מע פירט אונדז צו צום עק פון צוג. פאַרבײַגייענ־דיק האָב איך באַמערקט, אז בא דעם פאַסאַזשיר־וואַגאָן האָט זיך פאַרזאַמלט א טומלדיקע, שי־קערע קאָמפּאַניע.

אין לעצטן וואַגאָן דערזע איך שטיין פאַרווונדעטע שווערע בעלגישע פערד. די עקן קורץ אונטערגעשוירן, די פעל גלאַנצט, זיי זײַנען זאַט און אויסגערוט. צו אונדז האָבן זיי אויסגעדרייט זייערע לאַנגע קעפּ מיט אָנגעשפּיצטע אויערן און קוקן פאַרדעכטיק מיט די רויטע אויגן, זיי האָבן אפילע אופגעהערט צו קײַען דאָס געפרעסטע היי.

דאָס פערד, וואָס שטייט נאָענט בא דער טיר, האָט צעשפּרייט די נאָזלעכער און א טרייסל געטאָן מיט דער גערדיכטער גריווע. דער קאָניוך גלעט אים דעם האלדז און רעדט צו אים געלאַסן און מילד, מאַמעש ער בעט זיך:

— שרעק זיך ניט, באַרויִק זיך, דיך וועט קיינער ניט טשעפּען. אוואדע, זיי זײַנען דאָך פערד. אפילע פאַרוווּנדעטע קאָסטן זיי טײַער.

— וווּהין פירט איר זיי? — פרעגט זיך נאָך גיונטער.

— קיין באָברויסק.

אויב אזוי, איז טאַקע עמעס, אז מע פירט אונדז אויך אהין. פון מאָלעוו קיין באָברויסק זײַנען פאַראַן צוויי וועגן: דורך זשלאָבין און דורך אָסיפּאָוויטשי. איז מיט וועלכן פון זיי פאָרן מיר? נאָר אלציינס איז עס א מעהאַלעך פון קנאַפּע צוויי הונדערט קילאָמעטער. אינגיכן דאַרפן מיר שוין זײַן אפן אָרט. איך האָב ניט קעגן, אז מיר זאָלן זיך שלעפּן וואָס לענגער.

בא דעם איינציקן אײַזנבאַן־שטיבל שטייט א מאַנצבל אין א פאַרשמאָלצעוועט העמד — ווײַזט אויס, דער באַלעבאָס פון שטיבל — און זעגט אונטער א בוים אינמיטן הויף. בא אים איז

א גראָווע געדיכטע באָרד, וואָס פאַרדעקט די גאַנצע ברוסט, נאָר מעגלעך, אַז דער בוים איז עלטער פון אים.

באַם אַראָפּגעלאָזטן שלאַגבוים האָט זיך אָפּגעשטעלט א פור, אויף וועלכער ס'איז געלעגן א מאַנצבל אין א ווײַסרוסישער גרויער סוויטקע. די הענט זײַנע זײַנען געווען פאַרבונדן אויף הינטן. לעבן וואָגן איז געשטאַנען א יונגע ציגײַנערן מיט צוויי קינדער. דאָס קלענערע טראָגט זי אויף די הענט און דאָס עלטערע — א שוואַרץ געקרײַזלט ייִנגעלע פון א יאָר פינף — שטייט אײַנגע־הויקערט און האַלט זיך באַ איר קלייד. לעבן זיי שטייען צוויי באַוואָפנטע פּאָליצײַען.

— פּעטער אַלעס, — שרײַט די ציגײַנערן צום באַלעבאָס פון הויז, — זײַט אַזוי גוט און ברענגט א קוואָרט וואַסער, די קינדער כאַלעשן א טרונק. אַלעס האָט א קער געטאָן דעם קאָפּ צו דער פור, פאַרשטעלט מיט דער האַנט די אויגן פון דער זון און אָנגעשטרענגט געקוקט אויף דער פרוי. דערקענט זי, האָט ער אויסגערופן:

— גאָט מײַנער, וועמען זע איך? אָט ברענג איך גלײַך...

אהער צו דער שטוב האָט זיך דערנענטערט די שיקערע קאָמפּאַניע, וועלכע איך האָב פריִער באַמערקט באַם פּאַסאַזשיר־וואַגאָן. מער פון אַלעמען האָט געטומלט איינער א הינקעדיקער קאַפּיטאַן.

— אַנו, קום נאָר אהער! — האָט ער א געשריי געטאָן צו דער ציגײַנערן. — לייג אוועק דײַן הינטל, וואָס דו האַלטסט אויף דער האַנט, און טאַנץ, — מיט די הענט און מיטן געזונטן פוס האָט ער באַוויזן, וואָס ער וויל פון איר.

— טאַנץ! — האָט אים אונטערגעהאַלטן די שיקערע קאָמפּאַניע און גענומען פּאַטשן אין די הענט.

די ציגײַנערן איז געשטאַנען א פאַרלוירענע. זי האָט מיט שרעק א קוק געטאָן אויף רעכטס, אויף לינקס, דערזען אַלעסן, וואָס האָט געטראָגן א קוואָרט מילך מיט א שטיק ברויט.

— נאַ! — האָט זי אים דערלאַנגט דאָס קינד און א שטויס געטאָן צו אים דאָס עלטערע ייִנגל. אַליין האָט זי מיטן פאַרטעך אָפּגעווישט די טראָפּנס שוויס פונעם שטערן און מיט די פאַרברענטע באָרוועסע פיס געלאָזט זיך טאַנצן. נאָר קויעך האָט איר געקלעקט בלויז אויף צו באַווײַזן די ווײַסע פּערלדיקע ציין און א טרייסל צו טאָן מיט דער בײַטש ביליקע קאָרעלן.

— הער האַופּטמאַן, — האָט עמעצער פון די אָפיצערן אים אונטערגעהעצט, — זי פירט אונדז פאַר דער נאָז, דאָס איז ניט געטאַנצט.

— זאָל זי זיך אויסטאָן נאַקעט.

— אויסטאָן זיך! — האָט באַפוילן דער האַופּטמאַן און גענומען ציילן ביז דרײַ. ער האָט זיך א לאָז געטאָן צו די קינדער. דאָס אייפּעלע איז, אָנשפּאַרנדיק דאָס קעפּל אויף אַלעקסעס ברייטן אַקסל, געשמאַק געשלאָפן. דאָס עלטערע ייִנגעלע האָט זיך זאַרגלאָז צוגעלייגט אונטערן ביימל אויף דער שטויביקער ערד. אים איז געווען גוט דערפאַר, ווײַל דאָס מילך און דאָס שטיקל ברויט האָבן צום ערשטן מאָל פאַר א לאַנגער צײַט אים אָנגעזעטיקט.

די ציגײַנערן האָט געכאַפּט א קוק אויף די קינדער. א טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, האָט זי האַס־טיק גענומען רײַסן פון זיך דאָס פאַרביקע ציצענע קאָפטל, דערנאָך אַראָפּגענומען דאָס קליידל און געבליבן אין איין אונטערהעמד.

— אַך, אַזוי? דו ווילסט ניט אויספילן מײַן באַפעל? — דער קאַפּיטאַן האָט א שפּאַן געטאָן צום ייִנגעלע, וואָס איז געלעגן אונטערן בוים, מיט ביידע הענט אָנגעכאַפּט עס פאַרן האַלדז און אויפגעהויבן אינדערלופטן.

איך האָב געזען, ווי מע קומט אום אויפן שלאַכטפעלד, ווי מע שטאַרבט אין לאַזאַרעט, ווי מע גייט אויס פון הונגער און פון קעלט. נאָר דאָס זײַנען אַלץ געווען סאָלדאַטן. באַ דער כײַע אין די נעגל איז איצט צעריסן געוואָרן א קליין קינד.

ס'איז געוואָרן שטאַרק שטיל, געקאָנט האָט זיך דוכטן, אַז אַליין דער מערדער האָט כאַראַטע געקראָגן. נאָר ניין. מיטן פאַראַבעלום אין דער האַנט האָט ער א שפּאַן געטאָן צו דער מוטער. וועלכע די שיקערע קאָמפּאַניע האָט ניט אַרויסגעלאָזט פונעם קרײַז. זי האָט ניט געשריִען, ניט געוויינט פאַר צאַר, וואָס איז צו גרויס, מע זאָל אים קאָנען אויסוויינען מיט טרערן.

— די ציגײַנער דאַרף מען אויסראָטן, פּונקט ווי די ייִדן. זיי זײַנען ליגנער און גאַנאָווים. דער פירער אַליין האָט עס געזאָגט, — ער האָט צערוקט דעם פאַרשלאָסענעם קרײַז, נאָר אַלעס האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג.

— פּאַן אָפיצער, זי איז א היגע, איר טאַטע און איר מאַן זײַנען געווען שמידן.

אויסגעשעפּט פון דער אייגענער היסטעריק, האָט דער קאַפּיטאַן אַראָפּגעלאָזט דעם פּאַ־ראַבעלום.

# באַברויסקער פּעסטונג

...און נאָך איין מאָל האָב איך געזען דעם פּעלדפּעבל הובערט. דאָס איז געווען אין באַברויסק, ווי נאָר מע האָט אונדז אַרויסגעפירט פון וואַגאָן. דאָס פּאָנעם זײַנס איז געווען פאַרשלאָפן, ניט ראַזירט, מיט אויפגעלאָפענע קישעלעך אונטער די אויגן. אַף דעם שוואַך-פאַרצויגענעם ברייטן רימען האָט זיך געבאָמבלט דער שווערער פּאַראַבעלום.

— סאַקראַמענטאָ! — האָט ער געגוואַלדעוועט און געשפּיגן. — ניין, קיין בראַנפן טרינק איך מער ניט! בלויז איין קעלישעקל אַף אָפּניכטערן זיך! און ווי גייט עס בא דיר, גיונטער? אַלץ איז אין אָרדענונג?

— אַלץ, — האָט גיונטער מיט דער האַנט אַ טאַפּ געטאָן די בוזעם-קעשענע.

— איז גיב אַהער אַ ביסל געלט, און איר גייט מיט אָט דער גאַס, איך וועל אײַך אָניאָגן. אויב ניט, וואַרט אַף מיר לעבן מאַרק.

אַפן מאַרק שוויבלט און גריבלט מיט פאַרשיידענע מענטשן, עס הערן זיך געשרייען:

— בולבעס! הייסע בולבעס! צוויי שטיק פאַר אַ דײַטשישן מאַרק! איין בולבע פאַר אַ רוסיש פּינפּערל!

— זאַלץ! אַ צענערל אַ לעפעלע! אײַלט זיך. נאָר בא מיר קריגט איר זאַלץ!

— קויפט בערעזעווע קוילן!

טישן, טישלעך, שטעלעכלעך. אומעטום קויט, שמוץ. איך קוק און גלייב ניט מײַנע אויגן. ניט שוין זשע איז דאָס דער זעלבער קאַנט, וואָס האָט באַזאָרגט פּיל געגנטן מיט קאַרטאָפּל, לײַן, פּרוכט און בוימל? נאָך מער וווּנדערן מיך די מענטשן: פון וועלכע שפּאַלטן זײַנען אַרויסגעקראָכן אָט די פאַרשוינען — די פּרעכע זלידניעס, וואָס דערמאָנען זשומענדיקע פליגן פאַר אַ רעגן. אָט, אַשטיי-גער, די גראָבע סעדעכע מיטן דרײַעגדיקן גוידער. זי האַנדלט מיט סאַמאָהאָן. דער פרישטשעוואַ-טער יונגערמאַן אינעם גרינעם קאַפּעליוש לייגט פאַר פּאָרנאָגראַפישע קאַרטלעך. די געפאַרבטע מויד אינעם קורצן, שמאָלן קליידל ווינקט אונטער די פאַרבײַגייער. אָט איז אַ זשאַנדאַרם מיט אַ בלעכענעם נומער אַף דער ברוסט. ער באַטאַפּט יעדערן מיט זײַנע שיקערע אויגן. עס זײַנען דאָ פאַראַן אויך אַ סאַך הונגעריקע, וואָס קאָנען, פונקט ווי מיר, ניט אָפּרײַסן דאָס אויג פון די אָנגע-שניטענע דינע ריפּטלעך ברויט. אַ האַלבער מאַרק באַשטייט פון בעטלער. יונגע און אַלטע, קרומע און בלינדע, געשוואָלענע און אויסגעדאַרטע. זיי זײַנען זיך אַהער צונויפגעפלויגן, ווי פויגלען צו אַ פאַרעמדער סודע, און אַלע בעטן:

— שענקט אַ נעדאָווע, גיט עפּעס, די נעשאַמע אונטערצוהאַלטן.

איינער אַן אָרעמאַן מיט אַן אײַנגעפאַלענער ברוסט, מיט גלאַנציקע טובערקוליאָז-פלעקן אַף די באַקן זיצט, די פיס אונטער זיך, דעם קאָפּ אַף אַ זײַט און זינגט אַ סאָוועטישע ליד. שטילערהייט זאָג איך נאָך די באַקאַנטע ווערטער...

עס איז קאַנטיק, אַז דער זינגער לײַדט שטאַרק פון האַרץ-ווייטעקן. ער הוסט און אַף זײַנע טרוקענע בלויע ליפּן פאַרבלײַבן ראָזע פלעקן. דער פויער, וואָס זיצט ניט ווײַט פון אים בא אַ קויש מיט לינדן-קאָרע, פון וועלכער ער פלעכט פּאַסטעלעס, רוקט אים אונטער עפּעס פון זײַן באַשיידענעם וואַרמעס. אַ יינגל מיט אַ פּאַריסן, ברייט נעזל און מיט פאַרפלאָנטערטע ווײַס-פלאַקסענע האָר, — ער, וואָס פּילט זיך דאָ, ווי אַ פיש אין וואַסער, — שווענקט אויס די קוואָרט און דערלאַנגט דעם זינגער אַ טרונק. אַ ווײַלע שטייט דאָס יינגל ווי אַ דערוואַקסענער, מיט אַ שטרענג און באַצאָרנט פּאָנעם, דערנאָך דערזעט ער מיסטאָמע עפּעס אַזוינס, וואָס צווינגט אים פאַרגעסן אין זײַן ניט-יינגלשער זאָרג, און צעלאַכט זיך, ווי נאָר אַ קינד קאָן. ווידער קלינגט זײַן קעלכל:

— וואַסער, וואַסער, ערשט פון ברונעם, קאַלט און נאַס, ווער עס איז דאָרשטיק, שנעלער אַהער!

דער זשאַנדאַרם באַווײַזט אים פונוויַטן זײַן שווערע פויסט. דער קליינער וואַסערטרעגער דערשרעקט זיך אָבער ניט. פאַרקערט, ער גייט אַליין אַריבער אין אָנגריף, פאַרשטייט זיך, — אַף זײַן יינגלשן אויפן. צוערשט שטעלט ער אַרויס דעם שפּיץ צונג. און ווען דער זשאַנדאַרם לאָזט זיך צו אים גיין, באַווײַזט ער אים מיט אַ פינגער אין אַ זײַט. דאָס דאַרף באַטײַטן: שטיי, פּעמפּיק, היץ זיך ניט, דו טו בעסער אַ קוק, ווער עס גייט! זע, זאָלסט אַליין ניט אַרײַנכאַפּן קיין פּסאַק, פאַרשטאַנען?

און דער זשאַנדאַרם מוז אים פּאָלגן. ער פאַריכט דעם רימען, דעם בלעכענעם נומער אַף דער ברוסט און מיט אַ כניפעדיקן שמייכל לאָזט ער זיך באַגעגענען „נאַטשאַלסטווע".

צו אונדז דערנעענטערט זיך אַן אָפיצערן-פּאַטרול. אַ הויכער אונטעראָפיצער פרעגט שטרענג בא גיונטערן:

— קיין אנדער אָרט, ווו זיך אָפּשטעלן, האָט איר ניט געקאָנט געפינען?!
— אזוי האָט מיר דער פעלדפעבל באַפוילן, — ענטפערט רויִק גיונטער.
— איר פירט זיי אָף ארבעט?
— ניין, אין פעסטונג.
— איז ניטאָ וואָס צו שטיין דאָ, גייט!

אזויפיל וואסערן זײַנען שוין אוועקגעשווומען, זינט איך בין אין געפענקעניש, נאָר ווידער, ווי אין די ערשטע טעג, טרײַבט מען אונדז איבערן שאָסיי־וועג מאָסקווע—וואַרשע, וואָס שנײַדט איבער אָף דער העלפט באָברויסק.

אָפן ראָג פון דער הויפטגאַס, אָף דער איינציקער וואַנט פון א דרײַשטאָקיקן כאָרעוון מויער, האָט זיך, באַנאַנד מיטן נײַעם, ניט געבעטענעם נאָמען פון דער גאַס, פאַרהיט דאָס שילדל מיט דער אופשריפט: «Ул. Социалистическая». מע קאָן, פאַרשטייט זיך, אראָפּרײַסן דאָס שטיקל בלעך, נאָר דאָס וואָרט איז ניט אויסצומעקן פון זיקאָרן...

די פעסטונג איז פון דרײַ זײַטן ארומגערינגלט מיט די וואסערן פון בערעזינא. הײַנט איז זייער א הייסער טאָג, די ערד און די לופט זײַנען אָנגעגליט, די שטיינער בריִען די פיס. א פאַסיקל שטויב הייבט זיך אוף נידעריק בא דער ערד — דאָס האָט א מײַזל זיך געלאָזט פונעם ערד־וואַל צום שטיינערנעם טורעם.

אינווייניק, אין דער פעסטונג, ציִען זיך עטלעכע וואַלן. זיי זײַנען אויסגעלייגט פון ציגל, באַדעקט מיט ערד און באַוואַקסן מיט ווילדגראָז. אָף די דעכער פון די בלינדע שטיינערנע טורעמס וואַקסן בערעזעס, ליפּעס. אין די ערד־וואַלן געפינען זיך טונעלן, ווו עס האַלטן זיך אוף פראַנק און פרײַ טשאַטעס מײַז און שטשורעס.

אונדז האָט מען ארײַנגעפירט דורך די טויערן, ניט ווײַט פונעם ווײַסן קלויסטער. קעדיי באַהאַלטן זיך פון דער ברענענדיקער זון, האָט גיונטער זיך פאַרקליבן אין דער וואַכטיאַרקע, לעבן וועלכער ס'איז געשטאַנען א סלופּ אונטער א גרין דעכל. ער האָט באַפוילן צוויי אַרטיקע פּאָלי־צײַען, זיי זאָלן אונדז נאָכקוקן. די פּאָליצײַען האָבן וועגן עפּעס זיך גענומען סוידען, און איינער פון זיי האָט זיך געלאָזט צו דער געבײַדע, וואָס אנטקעגן.

אין לאַגער, פונוואַנען מיר זײַנען געקומען, האָבן די פּאָליצײַען געסטאַרעט זיך אָפּצוזונדערן פון די געפאַנגענע, ווי הייליקע פון זינדיקע. און דאָ שמועסט מיט אונדז א פּאָליצײַ געמיטלעך, פרעגט זיך נאָך, פונוואַנען מיר זײַנען, דערציילט אונדז, ווי ער האָט זיך געראַטעוועט בײַס מע האָט אין הארבסט 1941 לעבעדיקערהייט פאַרברענט א פּאַרטיע געפאַנגענע. צו קאַזימיר אוועַראַוון, וועלכער שמועסט מיט אים, ווענדט ער זיך אָף „איר“.

— איר ווייסט, — שמייכלט ער צו אים פרײַנטלעך, — איך וואָלט בעסער געוואָלט דינען אין מאַלעווער לאַגער.

— פאַרוואָס?

— אָט זעט ווי זיי שלעפּן זיך, די געפאַנגענע, ניט קיין קאַלאָנע, נאָר א קנויל שמאַטעס, קיין איינער פון זיי איז ניט אָנגעטאָן, ווי איר.

— הער פּאָליצײַ, — מישט זיך ארײַן שומאַוו, — אויך אין מאַלעווער לאַגער איז קאַזימיר וולאַדימיראָוויטש געווען דער איינציקער, וועלכער האָט געהאַט גאַנצע הויזן, א גוטן קיטעל און לעדערנע שטיוול. ער איז געווען בא אונדז דער הויפּט־סאַניטאַר פון לאַזאַרעט.

— אנו, באַוויַיזט נאָר אָקאָרשט אײַער רימען, — ווענדט זיך דער פּאָליצײַ צו אוועראַוון.

— נאַט!

— איר זעט, ער פּאַסט מיר. ערנוואָרט, ווי אָנגעמאָסטן.

צו אונדז האָט זיך דערנענטערט דער צווייטער פּאָליצײַ. מיט דרײַ פינגער פון דער רעכטער האַנט האָט ער געטראָגן א קויטיקן, צעריסענעם אָנצוג. ער האָט אים א שלײַדער געטאָן אָף דער ערד און געזאָגט צו זײַן כאַווער:

— איך אײַל זיך, מע רופט מיך...

דער פּאָליצײַ, וואָס האָט געשמועסט מיט אונדז, האָט מיטן שטיוול אָפּגעוואָרפן די גימנאַסטיאָרקע אין איין זײַט, די הויזן אין א צווייטער און געמיטלעך, ווי פריִער, זיך געווענדט צו אוועראַוון:

— טוט זיך איבער, אָבער שנעלער.

אין מאַלעוו וואָלט דעם „לאַגער־אריסטאָקראַט“ אוועראַוון אזעלכעס געקאָנט באַפוילן בלויז א דײַטש. אויך איצט מיינט ער נאָך, קאַזימיר וולאַדימיראָוויטש, אז דאָס איז ניט מער, ווי א שפּאַס. נאָר דער פּאָליצײַ צעשפּיליעט שוין די קנעפּלעך אָף זײַן ברוסט. ער טוט עס ניט געײַלט, רויִק, אזוי אז מע קאָן מיינען — אליין אוועראַוו האָט זיך געבעטן אים אויסטאָן. נאָך זײַנע באַוועגונגען

איז צו זען, אז ער באהערשט די קונסט פון ראבעווען. זאָל נאָר דער געליטענער זיך קעגנשטעלן, וועט ער אים אראָפּרײַסן דאָס העמד צוזאַמען מיט דער הויט, ווי מע רײַסט קאָרע פון א בוים.

אָט דער מאראָדיאָר — דאָס איז שוין גאָרניט דער דאָרפישער באַכער, וועלכער האָט ערשט אזוי געלאסן געשמועסט מיט אן אומבאַקאַנטן מענטשן.

בא קאַזימיר וולאַדימיראָוויטשן האָט דאָס פּאָנעם זיך אָנגעגאָסן מיט בלוט. ער האָט זיך א שטעל געטאָן קעגן דעם פּאָליצײַ און זיך ניט אונטערגעגעבן, ביז יענער האָט אים ניט גענומען פּאסעווען מיט דער נאָהײַקע.

איך מאַך עטלעכע שפּאַן אָף צוריק און הייב אָן רופן גיונטערן.

— וואס איסט דאס? — שרײַט ער פונדערווײַטן.

דער פּאָליצײַ איז אזוי זיכער אין זײַנע רעכט, אז ער געפינט ניט פאַר נייטיק צו פאַרענט־פערן זיך. און עפּשער קען ער גאָר קיין דײַטש ניט?

קאַזימיר, א פאַרבלוטיקטער, אין א צעריסן העמד, לאָזט זיך אַנטקעגן גיונטערן.

— אינמיטן העלן טאָג ראבעווען! — שרײַט ער. — אליין, דוכט זיך, א געפאַנגענער, און איז גרייט פאַר א שמאַטע איבערהעריזען דעם האלדז.

— קאם היר! — רופט גיונטער דעם פּאָליצײַ.

איך ווייס, וואס ער וועט באַלד טאָן.

— דעם רימען אהער! לייג זיך!

דער רימען שנײַדט מיט אזא פײַף די לופט, אז איך וואָלט געקאָנט שווערן: פאַר גיונטערס אויגן שטייט די ציגײַנערטע מיט איר אומגעבראַכט קינד, דער אלטער אײַזנבאַנער, וועלכער האָט זיך געוואָגט אײַנשטעלן פאַר איר, און מעגלעך אויך זײַן פרײַנט, דער ווינער דאָקטער לעווי...

— וואס איסט דאס?

די זעלבע פראַגע, וואָס גיונטער האָט פאַרגעבן דעם פּאָליצײַ, שטעלט איצט אים, גיונטערן, אן עסעסאָוועץ, אן אָבערלייטענאַנט. גיונטער פורגעל טרייסלט אָפּ פון זיך דעם שטויב, טוט א קלאַפּ מיט די אָפּצאַסן:

— הײַל היטלער!

— הײַל! וואס קומט דאָ פאָר?

— דיזעס שווײַן — באַווײַזט ער אָפן פּאָליצײַ — האָט פאַרגעסן, ווער איז דאָ באַלעבאָס.

— גאַנץ מעגלעך, אז דאָס איז אזוי, בא אַנדערע אומשטענדן וואָלט איך אײַך געזאָגט א דאַנק, נאָר דאָ איז שטרענג פאַרבאָטן אין אָנוועזנהײַט פון געפאַנגענע שלאָגן א פּאָליצײַ. קלאָר?

— יאַוואָל, הער אָבערלייטענאַנט.

מיר אלע זיצן אָף דער ערד. בלויז אוועראָוו און דער פּאָליצײַ שטייען, ווי די הענער, וועלכע האָבן זיך צעטשובעט. פאַרן פּאָליצײַ איז עס, ווײַזט אויס, ניט די ערשטע און ניט די לעצטע „שלאַכט־אָפּעראַציע". נאָר קאַזימיר וולאַדימיראָוויטש שטייט מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ. ער ווייסט, אז פון דעם פאַרשוין וועט ער אזוי גרינג ניט פּאָטער ווערן. איצט, ווען אין גאַס איז א סאַרפּענדיקע היץ, טוט ער א ציטער מיטן גאַנצן לײַב. פון אונטער זײַנע געדיכטע ברעמען קוקט ער אָף אונדז. אָף מיר פאַרהאַלט ער דעם בליק לענגער. מיר דוכט, אז ער האָט כּאַראַטע, וואָס ער האָט מיר ביז איצט ניט דערציילט, וויאַזוי ער האָט זיך אײַנגעשטעלט פאַר מיר. איצט, ווי קיינמאָל, דאַרף ער א זיכערן פרײַנט. ער זעצט זיך צו לעבן מיר. דער פּאָליצײַ שפּאַנט הין און צוריק. אוועראָוו קלײַבט אויס א פּאַסיקע רעגע און פרעגט מיך:

— האָסט מיט וואָס צו פאַרטיידיקן זיך?

— א נאָדל און א גאָלמעסערל, — שעפּטשע איך.

א נאָדל — דאָס כידעשט אים ניט, ווײַל ער ווייסט, אז איך האָב א גאַנצן ווינטער גענייט פון אלטע קאָלדרעס וואַרעמע היטלען. נאָר א גאָלמעסערל? ער קוקט אָף מיר פאַרוואונדערט. איך דערקלער אים:

— געדענקסט אלוואַרדיאַנען? דאָס איז זײַנס.

— דו זאָלסט וויסן, אז איך רעכן אָף דיר אויס.

— מעגסט זײַן זיכער, קאַזימיר.

שומאָוון ווילט זיך זייער וויסן, וועגן וואָס מיר שמועסן. זײַן נײַגעריקײַט האָט גאָר ניט קיין גרענעץ. עס קאָן זיך דוכטן, אז ער דרעמלט, נאָר גלייבן זײַנע צוגעמאַכטע אויגן איז געפערלעך.

— דו, מענטש, קאם היר! — זאָגט גיונטער אין אונדזער זײַט.

שומאָוו, וואָס איז שטענדיק גרייט דינען, שטייט שוין אָף איין קני, ער שמייכלט און ווײַזט מיט דער האַנט אָף זיך.

— גיי, — שטופּט מיך אונטער אוועראָוו, — דאָס מיינט ער מיסטאָם דיך.

דאָס בלוט ווערט בא מיר ווידער פאַרקילט אין די אָדערן. געוויס האָט זיך אומגעקערט דער פעלדפעבל. אויב אַזוי, קאַזימיר וולאַדימיראָוויטש, האַלטן מיר ביידע שמאָל...

— איך הער אײַך.

— שפּריכן זי דויטש?

— שלעכט, — ענטפֿער איך.

— פֿאַרשטייען זי דויטש?

— אַ ביסל.

ער דערלאַנגט מיר דאָס דעקל פֿונעם סאָלדאַטישן קעסעלע און ווײַזט אַף דער אײַזערנער פּאַס מיט וואַסער, וואָס שטייט ניט ווײַט פֿונדאַנען.

— טי מניע בודיעט פּאָליוויַ.

אַליין טוט ער זיך אויס האַלב נאַקעט. אָן די ברילן איז ער גאָר אַף זיך ניט ענלעך. זײַן פֿאַר־וואַקסן פּאָנעם איז ווי קלענער געוואָרן, די ליפּן — נאָך דינער. זײַנע טיפֿע גרויע אויגן — אָט קוקן זיי אַף דיר שטרענג, און אָט דוכט זיך, אַז אויב ער בייזערט זיך אַפילע, איז אויך אָן סינע, ווײַל די גאַנצע צײַט לײַכט אין זיי אַן איראָניע־פֿײַערל. בא אים איז אַ ברייטע ברוסט, שטײַפֿע מוסקולן און אַ גלאַטע הויט. פֿון זײַן ביקס, וואָס ער האָט אָנגעשפּאַרט אין דער וואַנט, נעמט ער אַרויס דעם שלאָס און לייגט אים אַרײַן אין דער הויזן־קעשענע.

ניט אַנדערש, אַז גיונטער האָט באַמערקט, ווי איך באַלעק די איבערגעטריקנטע ליפּן. ער דערלויבט מיר זיך אָנטרינקען מיטן וואַרעמען ברודיקן וואַסער פֿון דער פּאַס. איך קוק, ווי גיונטער זייפֿט זיך דאָס פּאָנעם. ער דרייט אויס צו מיר דעם קאָפּ, נאָר די אויגן זײַנען בא אים פֿעסט צוגעמאַכט.

— דײַן פֿאַמיליע איז לעווי?

איך שווײַג אַ ווײַלע, צעטרײַב דעם גרינעם שוים אין דער פּאַס און דערזע אין וואַסער מײַן פּאָנעם. עס וויגט זיך צוזאַמען מיט די דריבנע כוואַליעכלעך, וועלכע איך האָב צעהוידעט. איך און מײַן אָפּשײַן — אַ מיילעך פֿיק. אַזעלכע צווייענדיקע מענטשעלעך מאָלט מען אַף קאָרטן. נאָר יענע זײַנען מער ענלעך אַף מענטשן.

אָט דאָס בין איך? — אויסגעדאַרט, פֿאַרוואַקסן. ניט אַף קיין ייִד, ניט אַף קיין טאָטער, ביכלאַל בין איך אַף קיין מענטשן ניט ענלעך.

— לעווי איז מײַן פֿאַמיליע.

— און איך האָב געמיינט, — זאָגט ער, — אַז לעווי איז אַ נאָמען, ניט קיין פֿאַמיליע. וועגן לעוו טאָלסטאָי האָסטו געהערט?

אויך ער, גיונטער, מיינט, אַז מיר זײַנען ווילדע מענטשן.

— געהערט! — ענטפֿער איך.

— ווער ביסטו לויט דײַן פֿאַך?

איך וועל אים, פֿאַרשטייט זיך, ניט זאָגן, אַז ווען ניט די מילכאָמע, וואָלט ער איצט מיך אָנגערופֿן קאָלעגע.

— אַן אַרבעטער.

— אַזוי גאָר? — כאַזערט ער איבער שוין צום וויפֿלטן מאָל די דאָזיקע ווערטער. — איז לאָמיר זײַן באַקאַנט. איך בין אַ פּעדאַגאָג, מײַן נאָמען איז גיונטער און די פֿאַמיליע פֿורגעל. צי עפּשער וועסטו זאָגן, אַז אויך וועגן מיר האָסטו געהערט? — צעלאַכט ער זיך.

— יאָ! איר זײַט אַ לינגוויסט, — צום ערשטן מאָל שטעל איך זיך אײַן און זאָג דאָס אַף דײַטש. איך כאַזער איבער טאַקע גיונטערס ווערטער: „רוסישע ליטעראַטור איז גוט! טאָלסטאָי, טורגעניעוו, — און, ווי ער דערמאָנט באַנאַכט, קוק איך זיך אַרום און זאָג שטיל און צעצויגן: — גאָרקי... גוט!“

— דאָנערוועטער! וואָס איז דאָס פֿאַר אַ וווּנדער?

— הער פֿורגעל, קיין שום וווּנדער. איר האָט מיך שוין איינמאָל געראַטעוועט. דערמאָנט זיך. עס איז געווען האַרבסט־צײַט, באַנאַכט. איר זײַט אײַנצווייען געשטאַנען אַפֿן פּאָסטן און מיך האָט מײַנער אַ כאַווער, פּיאָדער פּימענאָוו, אויך אַ פּעדאַגאָג, געשלעפּט אין לאַזאַרעט. עפּשער גע־דענקט איר, ווי איר האָט מיך באַלויכטן מיט אײַער קעשענע־לאַמטערן און געזאָגט: „רוס קאַפּוט“... זאָגט מיר, ביטע, מער האָט איר מײַן כאַווער ניט באַגעגנט?

— ניין. כאָטש כ׳האָב, דוכט זיך, אַ טאָעס. איינמאָל, ווען איך האָב דעזשורעט אין קיך, איז ער צו מיר צוגעגאַנגען. נו, מענטש, אויב נאָר דו לײַגסט ניט, ביסטו געבוירן אין אַ מאַזלדיקער שאָ. זאָג מיר, לעווי, נאָר האָב ניט קיין מוירע, איך דאַרף עס וויסן, דו ביסט אַ ייִד?

— מײַן פֿאַמיליע איז לעוו.

— דאָס ווייס איך שוין. נעכטן, ווען דו ביסט געשלאָפֿן, איז געקומען מײַן פעלדפעבל, דער זעלבער, מיט וועלכן מיר זײַנען דאַן צוזאַמען געשטאַנען אַפֿן פּאָסטן. דײַן פאַמיליע זעט אים אויס פאַרדעכטיק. פאַרשטאַנען? א מענטש איז ער גאָר ניט קיין שלעכטער, נאָר דעם אמט זײַנעם האָט ער באַקומען דאָ ניט לאַנג, און ווי יעדער נײַער בעזעם, קערט ער ריין... אויב נאָר דו האָסט, פאַר וואָס מוירע צו האָבן, איז געדענק, אז הײַנט וועט איר דאַרפֿן דורכגיין א מעדיצינישע קאָמיסיע. ענטפער, לעווי, עפשער קאָן איך דיר, קאַמראַד, מיט עפּעס העלפֿן?

ניט געקוקט אַף דעם, וואָס אין וואָרט „קאַמראַד" האָט ער אַרײַנגעלייגט א סאַך וואַרעמקײַט, האָב איך דאָך ניט געקאָנט פאַרגעסן, אז ער טראָגט א גרוי־גרינעם מונדיר. ווען ניט זײַן צוטרויליכער שמייכל, וואָלט ער זיך דערוווּסט פון מיר ניט מער, ווי פון אָט דער וואַנט, צו וועלכער עס איז אָנגעשפּאַרט זײַן ביקס.

— העלף, קאַמראַד!

איך האָב זיך אַליין דערשראָקן פאַר מײַן ענטפער און גלײַך צוגעגעבן:

— לעווי איז מײַן פאַמיליע.

מײַן אופגערעגטקײַט האָט זיך, ווײַזט אויס, אויך אים איבערגעגעבן.

— דאָ ווייסט נאָך עמעצער וועגן דעם?

— ניין.

— און יענער, דער כאַווער דײַנער, דער פעדאַגאָג, האָט געוווּסט?

— יאָ.

גיונטער טוט אָן די ברילן, כאַפּט זיי נערוועז צוריק אַראָפּ, ווישט די גלעזלעך, זשמורעט די קורצזיכטיקע אויגן, גלײַך ער וואָלט נאָך ניט געגלייבט די אייגענע אויערן.

אינגאַנצן איז פאַרשוווּנדן מײַן אומצוטרוי, ווען ער האָט מיר א שטאַרקן דריק געטאָן די האַנט און פײַערלעך, ווי ער וואָלט שטיין אַף דער קאַטעדרע, געזאָגט:

— א דאַנק. אויב נאָר איך וועל ניט אומקומען, וועל איך מײַן גאַנץ לעבן זיך גרויסן, וואָס דו האָסט מיר פאַרטרויט דײַן סאָד...

גיונטער האָט מיך אַרײַנגעפירט אין דער וואַכטיאַרקע, דערלאַנגט מיר ברויט מיט פּוטער. דעם טאַם פון אָט דער מענטשלעכער שפּײַז וועל איך קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

— כאַפּ ניט אַזוי, ס'איז דאָ נאָך. דו טאַרסט זיך ניט אָנעסן. נאָך אַזאַ הונגער איז עס א זיכערער טויט.

אַליין איז ער געשטאַנען לעם דער וואַכטיאַרקע און קלומערשט געריייניקט דעם שלאָס פון דער ביקס.

## גיונטער פורגעל

אין מאַלעווער לאַגער האָבן די דאָקטוירים געהאַט א דאַך איבערן קאָפּ, זיי פלעגן צו דער צײַט באַקומען די פּאַרציע באַלאַנדע, די פּײַקע ברויט. די דאָקטוירים האָט מען ניט געטריבן אַף קיין שווערער אַרבעט. כאָטש דעם „אָבעראַרצט" לעאָן פלעגט קימאַט קיינער פון די דײַטשן ניט דערוועגן זיך אַרײַנקוקן אין לאַזאַרעט — זיי האָבן מוירע געהאַט פאַר אָנשטעקנדיקע קרענק. ווען עמעצער פון די וואַכלײַט פלעגט אָבער זיך אַרײַנרײַסן אַהין, האָט לעאָן אים גלײַך אַרויסגעשטעלט פון יענער זײַט טיר.

שטאַרק דערשטוינט זײַנען מיר געוואָרן, ווען מיר האָבן דאָ אין דער פעסטונג דערזען צוויי רוסישע דאָקטוירים, בא וועלכע עס האָבן פון אונטער די כאַלאַטן זיך אַרויסגעזען נײַע גרין־גרויע אַנצוגן מיט דײַטשישע אָפיצערישע פּאַגאָנעס.

איינער פון זיי — א באַיאָרטער, א קליינוווּקסיקער, מיט א געגאָלטן קאָפּ און גרויסע סטאַרטשענדיקע אויערן; דער צווייטער — א מיטליאָריקער, מיט בלאָנדע, קימאַט ווײַסע האָר און מיט קאַלטע בלויע אויגן, וועלכע האָבן אים ענלעך געמאַכט אַף א דײַטש.

דער קליינוווּקסיקער מיטן געגאָלטן קאָפּ האָט זיך געווענדט צו אוּוועראָוון:

— איר זײַט א דאָקטער? וואָס איז אײַער פאַך? אהא, איר זײַט גאָר קיין דאָקטער ניט? איז וואָס פאַר א רעכט האָט איר צו טראָגן דעם רויטן קרייץ?

אוּוועראָוו ענטפערט מיט א פראַגע:

— דערלויבט זיך דערוויסן, וויאַזוי זיך ווענדן צו אײַך?

דער דאָקטער מעסט אים אָפּ מיט די אויגן.

— איך בין דער הויפּט־דאָקטער פון זאַנדער־לאַזאַרעט, וועלכן איר וועט רעמאָנטירן. פאַרשטייט זיך, אויב איך וועל אײַך נעמען אהער. דערנאָך, מעגלעך, וועל איך אײַך איבערלאָזן אַרבעטן אין מײַן לאַזאַרעט. מיך דאַרפט איר רופן „הער האופטמאַן".

די לעצטע ווערטער האָט ער ארויסגערעדט מיט שטאָלץ.

— הער קאַפּיטאַן, איך...

— א קאַפּיטאַן פון מעדיצינישער דינסט — האָט ער איבערגעשלאָגן אווראַוון — בין איך געווען אמאָל אין אַייער רויטער ארמיי. דאָרט בין איך געצווונגען געווען היילן קאָמיסאַרן, יידן. דאָ שטייט פאַר אַייך א דײַטשישער האופּטמאַן, פאַרגעדענקט עס!

— אנטשולדיקט, הער האופּטמאַן. איך בין ניט קיין קאָמיסאַר און ניט קיין ייד, איך בין א זאַטעכניקער און דעם קרייץ טראָג איך אלס הויפּט־סאַניטאַר פון מאָלעווער לאַזאַרעט. זיי אלע, — האָט ער געוויזן אף אונדז, — זײַנען דערפאַרענע סאַניטאַרן.

— דערלויבט, הער האופּטמאַן! — האָט זיך אַרײַנגעמישט שומאַוו. — איך בין צווישן זיי דער איינציקער מיט ספּעציעלער מעדיצינישער בילדונג.

— אזוי? איז מיט וועמען האָב איך די ערע? זײַט איר אַן אקאַדעמיקער אָדער בלויז א פּראָ־פעסאָר? אָד, אין ארמיי, זאָגט איר, האָט איר פאַרענדיקט סאַניטאַר־קורסן? פּײַן, פּײַן. איז פאַר־געדענקט: מעדיצינישע בילדונג האָבן דאָ בלויז אנאַטאָלי לעאָנידאָוויטש און איך! איר, מײַנע הערן, וועט טראָגן וואַסער, ליים, ציגל, קאַלך, רייניקן דאָס מיסט. מאָרגן, אשטייגער, וועט איר פאַרשיטן דעם אלטן קלאָזעט. און איצט טוט זיך אויס, זײַט מויכל.

אומזיסט האָט קאַזימיר וולאַדימיראָוויטש מוירע געהאַט אראָפּנעמען פון זיך דאָס העמדל. נאַרישקײַטן. דער האופּטמאַן נייטיקט זיך ניט אין זײַן אָנטאָן. מוירע האָבן האָב איך באַדאַרפט. וואָלטן כאָטש די טירן און די פענצטער ניט געווען אָפן, עס זאָל ניט זײַן אזוי ליכטיק.

איך שטיי אין א ווינקל און פאַרשטעל זיך מיטן אָנטאָן. ווען איך קאָן, וואָלט איך זיך צונויפגע־דרייט, ווי א קנויל. אווראַוון קוקט דער דאָקטער אַרײַן אין מויל, ציילט אים די ציין, טאַפּט זײַנע מוסקולן, בייגט זיך אָן נאָך נידעריקער, גלײַך ער וויסט ניט, אז א געפאַנגענער קאָן ניט האָבן קיין ווענערישע קרענק.

„האָט עס געלוינט, טראַכט איך, אזויפיל איבערטראָגן און איצט אַרײַנפאַלן אין די הענט צו אָט דעם ניוווזעניק? איך בין געווען נאַריש, ווי אָט די־אָ פליג, וואָס שלאָגט זיך אײַנגעשפּארט אין גלאָז. די פליג ראַנגלט זיך, ווײַל דאָס גלאָז איז דורכזיכטיק. דערצו וועט זי נאָך עפּשער אָפּזוכן א שפּאַרונע... אָבער אף וואָס פאַר א שפּאַרונע קאָן איך איצט האָפן?"

דער דאָקטער לייגט צו דעם פאָנענדאָסקאָפּ צו אווראַאוס פּלייצע, און אליין, קוקט ער, דוכט זיך, אף מיר...

— איר טוט זיך אָן, — באַפוילט ער אווראַוון, — און דו, — זאָגט ער צו קוזיען, — קום אהער! — ער הייסט פאַרמאַכן די אויגן, אויסציִען די הענט. ער נעמט ארויס פון טאַש א קליין הילצערן העמערל און טוט מיט דעם א קלאַפּ אין קוזיעס רעכטער קני.

איך שטיי מיט אראָפּגעלאָזטע אויגן. עס ווילט זיך איצט קיינעם ניט זען. נאָר איך דערהער, ווי עמעצער קומט אַרײַן.

— א גוטן טאָג, הער ארצט!

איך דערקען די שטים. ס׳איז גיונטער. נאָר שפּעט, גיונטער, שפּעט ביסטו געקומען...

איך זע, ווי גיונטער גייט צו צום טיש, רוקט אָפּ אין א זײַט דעם דאָקטערס אָפּיצערן־היטל און לייגט אוועק אף דעם זעלבן אָרט זײַן סאָלדאַטישע פּילאָטקע און דאָס נאָזטיכל, מיט וועלכן ער האָט אויסגעווישט דעם שוויס פון פּאָנעם.

באַם דאָקטער האָט א ציטער געטאָן די אייבערשטע ליפּ. נאָר גיונטער קוקט ניט אף אים. ער טוט א זאָג: — וואַסער! — און צום דאָקטער:

— ביטע, ריין וואַסער!

— אנאַטאָלי לעאָנידאָוויטש, — שרײַט דער האופּטמאַן צו זײַן געהילף, וואָס געפינט זיך אין צווייטן צימער. — זײַט אזוי גוט, ברענגט אהער וואַסער. א דײַטש וויל א טרונק.

אין א מינוט ארום שטייט שוין אפן טישל וואַסער אין א גראַפין מיט אַן אָפּגעהאַקט העלדזל.

גיונטער נעמט ארויס פון רוקזאַק א קאַרטאָן־פּושקעלע און שטעלט עס אוועק לעבן גראַפין, דרייט אָפּ פון זײַן פעלדפלאַש דאָס דעקל, מיט וועלכן ער באַנוצט זיך, ווי מיט א גלאָז, און הייסט ברענגען נאָך צוויי גלעזער. אַנשטאָט גלעזער ברענגט דער דאָקטער א קוואָרט און א מענזורקע. גיונטער נעמט באַלעבאַטעווען. ער צעגיסט דאָס וואַסער אין די קיילים, נעמט ארויס פון פּושקעלע א קליין הילצערן לעפעלע און וואַרפט אַרײַן אין די קיילים רויטלעכע טאַבלעטקעס. דאָס וואַסער האָט אָנגעהויבן זידן און איז געוואָרן ראָז.

— טרינקט! — האָט ער אויפגעהויבן זײַן קוואָרטל.

די דאָקטוירים האָבן זיך איבערגעקוקט.

— טרינקט! — האָט ער איבערגעכאַזערט. — צי עפּשער איז אײַך ניט באַוווסט דאָס מיל־כאָמע־געזעץ?

וועגן וואָס פאַר אַ געזעץ ער האָט גערעדט, איז קלאָר געווען אַלעמען: אַף אַן אָקופּירטער טעריטאָריע קאָן יעדער ברונעם זײַן אַפּגעסאַמט. דערפאַר טאַקע דאַרף דער באַלעבאָס, אײדער ער איז מעכאַבעד זײַן גאַסט, אַליין זיך אָנטרינקען פונעם ברונעם.

אַנאַטאָלי לעאָנידאָוויטש האָט ניט געטרונקען, ער האָט געזופט טראָפּנווײַז. דער קאָלעגע זײַנער האָט מיט איין אָטעם אויסגעטרונקען די גאַנצע קוואָרט. און אָפּווישנדיק די ליפּן, צופרידן אַ זאָג געטאָן:

— אַף מײַן לעבן האָב איך נאָך אַזאַ מין געשמאַק געטראַנק ניט פאַרזוכט. זעט איר, אַנאַטאָלי לעאָנידאָוויטש, וואָס אַזוינס איז מײַרעוו־ציוויליזאַציע?

די דאָקטוירים זײַנען אָפּגעשטאַנען, באַדאַנקט גיונטערן, נאָר דער גאַסט האָט ניט געוואָלט זיך געזעגענען. ער האָט זיי נאָך מעכאַבעד געווען מיט רוסישן „סאַמאָסאַד", פון וועלכן עס רײַסט אַזש אין האַלדז, און גענומען ריידן גיך־גיך:

— טו נאָר באַ זיי אַ פרעג, — האָט ער אַ ווונק געטאָן צו אָווראַאָוון, — פון ווען אָן האָבן זיי אויפגעהערט צו גלייבן די דײַטשישע מעדיצין, צי עפּשער טרויען זיי ניט אָן דעם באַוווסטן דאָקטער לעאָן?

— ניכט פאַרשטיין — האָבן זיי ביידע געמאָלדן, ווי נאָר אָווראַאָוו האָט זיי איבערגעזעצט גיונטערס רייד.

— אַזוי גאָר? — האָט גיונטער זיך געכידעשט. — שוין זשע האָט איר ניט געהערט וועגן דעם מיליטערישן דאָקטער לעאָן? דאָס האָט ער אַליין פון הונדערטער געפאַנגענע אויסגעקליבן אָט די עטלעכע מענטשן, — האָט ער שוין ווייכער צוגעגעבן. — דאָקטער לעאָן איז מײַנער אַ לאַנדסמאַן און גאַנץ מעגלעך, אַז ער זאָל גיך ווערן דער אָבעראַרצט פון אײַער גאַרניזאָן.

אָווראַאָוס אויגן שײַנען — ער באַמיט זיך צוקלײַבן די געהעריקע רוסישע ווערטער, קעדיי ניט אָפּשוואַכן דעם אײַנדרוק פון גיונטערס רייד.

שוין גרייט אַוועקצוגיין, פרעגט גיונטער באַ די דאָקטוירים, ווּהין ער זאָל אונדז אָפּפירן. פאַריינס דערמאָנט ער זיי, אַז אָווראַאָוו איז אַ הויכגעבילדעטער מענטש און אַז דעם דאָקטער לעאָן איז ער ביז גאָר געפעלן.

— אַאופוויִדערזען, הערן.

— אַאופוויִדערזען. אַ דאַנק פאַר די טאַבלעטקעס.

ווידער שײַנט די זון. מיר גייען פאַמעלעך איבערן הויף, יעדערער מיט זײַנע מאַכשאָווס. גיונטער באַפוילט אָווראַאָוון:

— איר פירט זיי אַוועק צום טורעם. און ער — באַווײַזט גיונטער אַף מיר — וועט מיר העלפן טראָגן דעם רוקזאַק ביזן אַרויסגאַנג.

אָט איז זי, די באַקאַנטע וואַכטיאָרקע. גיונטער זעצט זיך צו אַף דער שוועל, שלעפּט אַראָפּ זײַנע גרויסע סאָלדאַטישע שטיוול. לאַנגזאַם וויקלט ער איבער די אָנעטשעס. איך שטיי אין אַ ווינקל און קוק אַף אים.

— נו? — טוט ער אַ פרעג.

וואָס זאָל איך אים ענטפערן? איך קערעווע אָפּ דעם קאָפּ אין אַ זײַט. אין האַלדז וואַרגט עפּעס. גיונטער טוט אָן די שטיוול, שטעלט זיך אויף, טוט מיך אַ טרייסל פאַר די אַקסל. דערנאָך לייגט ער צו די פינגער צו די ליפּן און זאָגט:

— שווײַג, מענטש. איך וואָלט נאָר געוואָלט וויסן, וויאַזוי דו וועסט זיך מיט מיר באַגיין, ווען איך וועל אַרײַנפאַלן אין געפענקעניש צו אײַך. אַנו, דערלאַנג נאָר די האַנט, אָט אַזוי. אַ שאָד, אויב מיר וועלן ניט בלײַבן לעבן. איך קלער, אַז מער קיין מילכאָמעס וועלן שוין ניט זײַן, און דו וועסט זיך מער ניט דאַרפן אויסבאַהאַלטן.

פרײַנט מײַנער, גיונטער פורגעל! ווי מיר ווילט זיך, דו זאָלסט וויסן, אַז איך לעב. אין די שפּעטערדיקע צײַטן האָב איך יעדן איינעם געוואָרנט: אויב איר וועט ערגעץ באַגעגענען אַ געפאַנגענעם דײַטשישן סאָלדאַט מיטן נאָמען גיונטער פורגעל, זאָלט איר וויסן, אַז דאָס איז אונדזערער אַ גוטערפרײַנט.



# דיכטער פון די ווײַטע צאָפן־פעלקער

## מיקול שולגין

(כאַנטי־מאַנסיישער נאַציאָנאַלער קרײַז)

### א וווּרטאַליאַט

גאַנצפרי, מיטן טאַטן און זיידן
מיר קוקן אין בלויען רוים.
א וווּרטאַליאַט שווימט פון ווײַטן,
מיר זעען אים קוים.

קוק, ס'אַרא לופּטשיק א גרינגע,
ברילן טו אָן אף די אויגן!
זי לאָזט זיך אראָפּ געלאָסן,
אָט בלײַבט זי שטיין, ווי א פויגל.

ניט געווען אזא מין פויגל,
איצט פליט ער איבער דער ערד.
ס'האָט פריִער אפילע אין מײַסעס
מײַן פאַלק וועגן דעם ניט געהערט.

## אַנטאָנינא קימיטוואַל

(טשוקאָטקער נאַציאָנאַלער קרײַז)

### פון יענער זײַט בערג די גרויע

פון יענער זײַט בערג די גרויע,
הינטער דער טײַגע — ווײַט,
פון יענער זײַט יאַמען בלויע
עס לעבט מײַן כאַווער, מײַן פרײַנט.

דאָרט סאַרפּענען טויזנטער זונען,
די פייגל — פאַרמאַטערט אין נעסט.
און דאָ זײַנען ווינטן, טײַפונען
און ברענענדיקע פרעסט.

דאָרט רוישן געדיכטע גראָזן,
דער יונגער עפּלבוים בליט.
דאָ ווינטן פון יאַם עס בלאָזן,
פאַרמעקן פון וועלף די טריט.

דאָרט וווייסט ניט קיינער פון ווּיכערס,
דאָ האָבן די פאַלמעס קיין אָרט,
נאָר טרוימען טרוימט מען זיכער
פון פרײַנטשאַפט דאָ און דאָרט.

פרײַנטשאַפט, ווי זונענשטראַלן,
דאַרפן מענטשן פון שטענדיק אָן.
מיט האָפענונג קוקן אַלע
אויף אונדזער סאָוועטישער פאָן.

## אַליטעט נעמטושקין

(עווענקיישער נאַציאָנאַלער קרײַז)

# מע שפּאַנט שוין די הירשן

אַלע פון יישעווו צוזאַמען אַרויס דיך באַגלייטן,
איך שטיי אין דער מיט, און עלנטער שטיי איך אין שרעק,
אַלע יעגערשע הינט וואָיען שטיל,
זיי פילן: מיר דאַרפן זיך שיידן.
יונג און אַלט, קליין און גרויס גרייטן דײַן נאַרטע אין וועג.

אָט שפּאַנט מען די הירשן די בעסטע מיט יונגע צעוואַקסענע הערנער.
הער, ווי עס שרײַען די פייגל! עס קלאַפּט באַם געליבטן דאָס האַרץ...
ווען דו וואָלסט עס וויסן, ווען דו וואָלסט עס קאָנען דערהערן נאָר —
וואָלסט זיכער געבליבן מיט מיר, מײַן גליק מײַן געגאַרטס.

לויט שפּורן אויפן שניי וועלן קומען די הירשן צוריק,
ס'וועט קומען דער טאָג נאָך דער פינצטערער נאַכטישער רו,
עס וועלן דערפליִען די פייגל צו זייערע נעסטן מיט גליק, —
ס'קערט יעדער זיך אום צו זײַן ערד, צו זײַן היים... נו, און דו?

## סעמיאָן דאַנילאָוו

(יאַקוטיע)

# ספּינקס

ספּינקס, זאָג מיר, דו דאַרפסט עס דאָך וויסן,
ווײַל דו האָסט געזען און געהערט,
ווי דער לעדערנער קנוט האָט געשמיסן
די הוילע לײַבער פון קנעכט.

מיר דאַכט זיך, איך הער ווי זיי וויינען,
צעפּאַסעוועט איז זייער הויט,
זאָג, ספּינקס, וויפל ליגן דאָ ביינער
פון די, וואָס דיך האָבן געבויט.

פאַרצאַרנט, גלײַך עמעצער דראָט אים,
אין גרויזאַמען שווײַגן פאַרשמידט,
דער שוימער פון פאַרעס געבאָטן,
די נעכטיקע סוידעס ער היט.

די לידער זײַנען איבערגעזעצט פון אײַזיק הובערמאַן.



# נאַטאַן זאַבאַרע

געבוירן אין 1908 אין ראָהאטשאָוו. אָנטײלנעמער פון דער גרויסער פּאָטערלענדישער מילכאָמע. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1930. וווינט אין קיִעוו.

## ציק טויגעווען

ז איך זע, ווי א פרוי טוט א פאַרהייב ביידע הענט און נעמט זיך פאַריכטן די האָר, דוכט זיך מיר, אַז דאָס ווערט געטאָן ניט אַזוי צוליב ברענגען די האָר אין אָרדענונג, ווי צוליב זיך א כיינדל טאָן. מיט דער זעלבער טנוע, אַף דעם זעלבן אויפן האָבן עס מיסטאַם געטאָן פרויען פון אַלע דורעס מישיישעס יעמיי בערײשיס.

דער שנעלצוג גייט פון לוואָוו קיין מאָסקווע. אין דער קופּע איז זי צווישן אונדז איינע. ווען איך בין אין קיִעוו אַרופגעשטיגן אַפן צוג און פאַרנומען מײַן פּלאַץ, זײַנען זיי געווען אינצווייען: זי און א באָכערל אין א דין דורכזיכטיק העמדל און אין א פּאָר קורצע הויזן, וואָס דאַרפן לאָזן ווײַזן די געשטרײַפטע שקאַרפּעטקעס און די פאַרשפּיצטע נעזער פון די לײַקענע שיך. דאָס באָכערל האָט מיר גאַנץ פרײַנטלעך געהאָלפן באַם אַראָפּלאָזן די אייבערשטע באַנק, באַם אַרופּ־רוקן דאָס געפּעק אונטערן דעכל. זי איז דערבײַ געשטאַנען מיטן רוקן צום פענצטער, מיט די פאַרהייבענע הענט אַפן קאָפּ און געקוקט, ווי מיר האָרעווען. נאָר אָט זײַנען אַרײַן נאָך דרײַ מענער, און דאָס האָט זי געמאַכט נאָך מער האָפערדיק און אין א געווויסער מאָס גאַסטפרײַנטלעכער. זי האָט זיך באַמיט פאַרקלענערן די ענגשאַפט אין קופּע, באַפרײַענדיק פון איר געלעגער א האַלבע באַנק. דערנאָך האָט זי פאַרבעטן די אַרײַנגעגאַנגענע זיצן און מיט א נײַגעריק קאַרג שמייכעלע אַף די פּולע ליפּן ניט אַנדערש ווי געוואָלט טרעפן, ווער פון זיי וועט זײַן דער פערטער פּאַסאַזשיר.

איך ווייס ניט, צי דער פערטער מיטפאָרער איז איר געווען צום האַרצן, צי זי וואָלט מער גערן אויסגעקליבן איינעם פון זײַנע באַגלייטער, — איינס איז פאַר מיר געוואָרן קלאָר, ווען דער צוג איז שוין א היפּשן שטיק וועג אָפּגעפאָרן פון קיִעוו: מיט אָט דעם מאַנספּאַרשוין האָט זי ניט געטראָפן. ער איז, אַפּאָנעם, געווען פון די מענטשן, וואָס ווערן קיינמאָל ניט מיד צו זײַן מיט זיך אַליין. די יאָרן זײַנע איז ניט אַזוי שווער צו באַשטימען. די לויטערע דאָרשטיק־יונגע אויגן אַפן ענערגישן גלאַט־ראַזירטן פּאָנעם האָבן אים ניט געמאַכט יינגער, די עטוואָס באַזילבערטע שלייפן האָבן אים ניט צוגעגעבן קיין עלטער. ער איז זיכער נאָך ניט אַריבערגעטראָטן דעם פערטן צענדליק. אָבער איר עלטער איז שוין גאָר ניט אַזוי לײַכט צו באַשטימען. זי האָט אַלציינס געקאָנט אָנגיין אי פאַר א פרוי מיט א צען־צוועלף יאָר יינגער פון דעם פערטן פּאַסאַזשיר אָדער פון דעם זעלבן עלטער, וואָס ער. ס'טרעפן זיך אַזעלכע פרויען. זי איז געווען א הויכע, א באַ־לײַבטע, מיט א רויטלעך־געדיכטן קאָפּ האָר, וועלכע זי האָט פאַרקעמט אין א שווערן קובליק ניט אַף דער מיט קאָפּ, ווי דער שטייגער איז, נאָר אַף דער רעכטער זײַט.

א שטיק צײַט האָבן מיר געהאַט צו טאָן מיטן אײַנאָרדענען זיך. דער יונגערמאַן אין דעם דורכזיכטיקן העמדל און אין די קורצע הויזן האָט אויך עפּעס גענישטערט באַ זיך אין טשעמאָדאַן, און זי איז געזעסן נאָך אַלץ א שמייכלענדיקע. אירע ווייכע בליקן האָבן זיך געפּלאָנטערט צווישן די פאַרטאָגנע מאַנצבלען, ווי זי וואָלט אָפּגעשאַצט לויטן אויסזען, לויט דער האַלבאָשע דעם ווערט זייערן.

— אַלבערט, — האָט זי א זאָג געטאָן צום באָכערל, מיט וועלכן מיר האָבן זי געטראָפן, — ווילסט אָנטאָן אָט דאָס העמדל? ס'איז דאָך אַזוי ווי באַ א קו פונעם מויל!

— ס׳מאַכט ניט אויס, — און ער האָט זיך גענומען איבערטאָן. זי האָט זיך אופגעשטעלט און אים אויסגעגלײַכט דעם קאָלנער.

ער איז געפּערלעך יונג צו זײַן איר מאַן, האָב איך א טראַכט געטאָן, ניט אַנדערש א ברודער, צי אַזוי אַן אייגענער...

דער אַלבערט האָט אין זיך האָווײַעס פון אַן אַקטיאָר א קאָמיקער, וואָס איז שטענדיק גרייט יענעם צו פאַרווײַלן. אַט זיצט ער שוין לעם איר, און דאָס מויל מאַכט זיך אים ניט צו. פון דעם געשפּרעך, וואָס זיי פירן, קום איך צום אויספיר, אַז ער איז איר א ווילדפרעמדער.

ער האַלט אין איין דערציילן וועגן די ניט דערשאַצטע מײַלעס פון דעם קליינעם שטעטל סטרי. ווען ער זאָל זי געווען קענען פריִער, וואָלט ער זי מיט געוואַלד פאַרפירט צו זיך אין שטעטל. זי וואָלט דעמלט ערשט זיך איבערצײַגט, וואָס איז אַזוינס סטרי.

— א לוואָווער אײַנוווינערן, וואָס האָט אַן אינטערעס פאַר סטרי, זאָל זיך קיינמאָל ניט אַראָפּכאַפּן אַהין? ס׳איז דאָך אַזוי נאָענט, — איז ער קלוימערשט אויסער זיך פון איר גלײַכגילטיקײַט.

— איך בין דאָך ניט לאַנג א לוואָווער, — פאַרענטפערט זי זיך מיט א געלעכטער, און אין איר לאַכן איז פאַראַן א מאָדנע ליכטיקײַט, וואָס האַרמאָנירט מיט אירע זוניקע האָר, — איצט וועל איך שוין אומיסטן אַראָפּפאָרן א קוק טאָן אָף אײַער... אויף דײַן סטרי...

א מאָדנע פּאָרל, מען איז נאָך ניט אָפּגעפאָרן די שטרעקע פון לוואָוו ביז מאָסקווע און מען איז שוין אויף דו.

בא איר גאַנצער רירעוודיקײַט און שלאַנקײַט לאָזט זיך דאָך פילן, אַז זי איז שוין פעסט אַריבער די דרײַסיקער. וואָס פאַר א שײַכעס האָט זי צו א יונג באַכערל פון א יאָר צוויי—דריי און צוואַנציק, מיט א פאַריסענעם קאָפּ, מיט א מינע, ווי אויף אים וואָלט די גאַנצע וועלט געשטאַנען? די ייִנגלשע שקאָצעדיקײַט שרײַט אַרויס פון יעדן ריר זײַנעם. ער זאָל כאָטש אויסנעמען מיטן געזיכט, — איז ער אָבער מיִעס, א פאַרזעעניש. די געקרײַזלטע שיטערע האָר אויפן קאָפּ מיט די גרויסע אָפענע שטערן-ווינקלען זאָגן אָן אויף א פליך, וואָס וועט ניט פאַרמײַדן קומען גאָר אינגיכן. א פאַרשפּיצט נעזל. א פּאָר דאַרשטיקע אויגן אונטער זאַמדקאָלירטע ברעמען. וואָס פאַר א מאַגע-מאַסע קאָן זי מיט אים האָבן? זאָל ער בא איר אויסשפּילן מיט זײַן זשוואַוועדיקײַט, מיט דער באַרעדעוודיקײַט?

וואָס עמעס איז עמעס. מיר ביידע, די קיִעווער פּאַסאַזשירן, זיצן ווי די גלאָמפּן. מײַן שאָכן לאָזט זיך בעשום-אויפן ניט אַרײַנצינצן אין קיין וואַגאָן-געשפּרעך. איך האָב געפּרוווט מיט אים א רעד טאָן, האָט ער געלאָזט פאַלן א וואָרט, א צווייטס, — זײַנען זיי געווען אַזוי אָפּגעהאַקט, ווי איינס מיטן אַנדערן וואָלט ניט געהאַט צו טאָן.

אַרײַנמישן זיך אין די רייד, וואָס אַלבערט פירט מיט איר, איז מיר דערווידער. זיי האָבן שוין איבערגערעדט וועגן קאַלערליי זאַכן. ער האָט שוין אַרויסבאַוויזן דאָס גאַנצע וויסן זײַנס און די מעווינעס אין פוטבאָל. ער איז אויך א מײַדים אין אַלע אַנדערע ספּאָרט-געביטן: שווערער און לײַכטער אַטלעטיק, וואַסער-ספּאָרט. אויב מע זאָל אים גלייבן, האָט ער אַליין געשלאָגן רעקאָרדן אין שווימען. אין פּאַראַשוטן-ספּאָרט האָט ער שוין אויך גרויסע דערגרייכונגען. דערבײַ פאַרפירט ער א רייד וועגן אוויִאַציע, ראַקעטעס, קאָסמאָס.

דאָ האָט דער שאָכן מײַנער אויף אים א קאַלטן קוק געטאָן און מיטאַמאָל איבערגעריסן דאָס אַקשאָנעסדיקע שוויַגן. ער האָט גערעדט בעצימצעם. ס׳איז געווען צו זען, אַז ער ווייסט פיל אין דעם געביט און אַז ער קאָן וועגן דעם א זאָג טאָן עפּעס אַזוינס, וואָס אַנטפּלעקט נײַס אפילו פאַר פאַכמענער.

אַלבערט איז געבליבן זיצן מיט אַן אויסזען, ווי ער וואָלט ראַכמאָנעס געקראָגן אויף זיך אַליין.

די פרוי האָט א פאַרגאַפטע זיך צוגעהערט צום געשפּרעך. א שמייכל איז געבליבן ערגעץ שטעקן אין אירע מויל-ווינקלען. זי איז געווען צופרידן, וואָס דאָס אײַז פון דעם פרעמדנס שטיל-שוויַגן האָט זיך געבראָכן. איצט וואָלט זי א באַלן געווען ווענדן דעם שמועס אויף מער צוגענגלעכע פאַר איר זאַכן, נאָר דאָס האָט זיך איר ניט אײַנגעגעבן. אויף איר באַמערקונג, אַז פרויען וועלן מינאַסטאַם א סאַך שווערער, איידער מענער, איבערטראָגן די וואָגלאָזיקײַט אין קאָסמאָס, האָט דער פּערטער פּאַסאַזשיר אפילו ניט רעאַגירט, און דאָס געשפּרעך האָט זיך ווי איבערגעריסן אין דער מיט.

— עפּשער וועלן מיר אינפּירען שפּילן א דאָמינאָ?.. — האָט פאָרגעלייגט אַלבערט.

איך האָב זיך אָפּגעזאָגט. מײַן שאָכן האָט אויך געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין. אין א ווײַלע אַרום האָט ער זיך אָנגערופן:

— איך קאָן נאָר שפּילן...

— אין וואָס? — האָט זי זיך אָנגעכאַפּט. — אין ליבע?

— אַ, ניין, — האָט ער גלײַך אָפּגעענטפערט, — אין אָט דער שפּיל בין איך אַ שטענדיקער פאַרשפּילער.

— דאָס גלייב איך אײַך ניט, — האָט זי זיך צעלאַכט.

ער האָט איר דערויף גאָרניט געענטפערט, כאָטש זי האָט מיט גרויסע פאַרשײַטע אויגן אים געקוקט אין פּאָנעם אַרײַן. אירע געדיכטע האָר האָבן געפינקלט פון רויטקײַט, נאָר דאָרט, וווּ די זונשײַן איז געפאַלן, האָט איבער זיי זיך געלייגט אַ באַזילבערטער פּאַס.

אלבערט האָט גענומען אַרויסלייגן פון טשעמאָדאַן עסנוואַרג.

— ס'איז שוין צײַט עפּעס איבערכאַפּן, — האָט ער ווי באַרעכטיקט דאָס אויסשפּרייטן אַ צײַטונג אַפן טישל. זי איז אויפגעשטאַנען, קעדיי באַפרײַען פּאַר אים פּלאַץ, האָט ער זי שטײַף אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט:

— ניין, אידאַ אַראַנאָוונאַ! איר וועט מיט מיר מיטעסן. אָן אײַך ריר איך זיך אַפילו ניט צו צום עסן.

— נו, גוט... דאַרף מען עפענען די שפּראָטן. האָסט מיט וואָס?

— מיר וועלן געפינען, — איז אַלבערט ווידער לעבעדיק געוואָרן און האָט זיך גענומען בעריען מיט אַ טעמפּ קעשענע־מעסערל. זײַנע אומזיסטע באַמיִונגען האָבן אָפּאָנעם אומאָנגענעם געווירקט אַף מײַן שאָכן, וועלכער האָט געבלעטערט אַ בוך פול מיט פאָרמולעס און צייכענונגען. ער האָט דאָס בוך אַוועקגעלייגט, עפּעס אַרויסגענומען פונעם פּאָרטפעל, וואָס איז געהאַנגען אַף דער וואַנט, און מיט אַ מינוט, ווי דער גאַנצער אייסעק וואָלט געווען ביז גאָר אָן ערנסטער, גענומען דאָס שפּראָטן־שאַכטעלע בײַ אַלבערטן און עס גלײַך געעפנט.

איך האָב געזען, ווי בײַ ביידע מענער וואַקסט אָן דער שטומער פאַרלאַנג זיך אויסצופּײַנען פאַר דער פרוי. דער פאַרמעסט זייערער האָט געדויערט שאָ נאָך שאָ. נאָכן עסן האָט אַלבערט ווידער אָנגעהויבן דערציילן וועגן זיך. פון זײַנע רייד איז גאַנץ גיך קלאָר געוואָרן, אַז ער איז דער בעסטער צושנײַדער אין דער צענטראַלער אַטעליע בײַ זיך אין סטרי. זײַנע עסקיזן פון קליידער־מאָדעלן זײַנען שוין געדרוקט געווען אין אַ ריי הויפּטשטאָטישע מאָדע־זשורנאַלן. איצט פאָרט ער מיט זײַנע אַרבעטן קיין מאָסקווע אַף דער אַלפאַרבאַנדישער אויסשטעלונג פון מאָדעס.

דאָס אויסזען בײַ מײַן שאָכן, אַז ער האָט עס דערהערט, איז ווי בײַ איינעם, וואָס וווּנדערט זיך, וויאַזוי איז אים פריִער ניט אײַנגעפאַלן אַזאַ פּאַשעטע זאַך. „פאַרשטענדלעך! איצט קאָן מען זיך פאָרשטעלן, פאַרוואָס דער באָכער איז מיט איר אַזאַ נאָענטער שמעלקע. מאָדעס... פרויען... ס'איז אומעגלעך זיי אָפּטיילן איינע פון דער אַנדערער".

אָבער גאָר אינגיכן האָט די דאָזיקע האַשאָרע געמוזט אָפּפאַלן. אַלבערט האָט זיך פאַר אונדז גענומען באַרימען מיט זײַנע מאָדעלן. דאָס זײַנען אַלץ געווען צייכענונגען פון מענער־אָנצוגן, מענער־מאַנטלען. מיר אַלע דרײַ האָבן געזאָגט מעווינעס, ניט אויפגעהערט צו לויבן דעם מאָדע־לירער. איבערהויפּט מײַן שאָכן. אַלבערט הערט, און דאָס פּאָנעם זײַנס שמעלצט זיך פון פאַרגעניגן. זי איז אויך שטאַרק צופרידן, וואָס ער נעמט אַזוי אויס בײַ אונדז. איך כאַפּ איבער פון דער זײַט מײַן שאָכנס אַ בליק אַף איר. דאָס ניט דרייסטע מאַנצבלשע אויג זײַנס קוקט אינעם לויכטנדיקן פּאָנעם פון דער פרוי, פאַרבלאָנדזשעט אין דער אַנטבלויזטער נאַקעטקײַט פון אירע הענט.

ענדלעך לאָזט ער זיך אויך דערקענען. ער איז אַ פיזיקער, אַרבעט אין דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע, לייענט לעקציעס אין דער הויכשול. ער רופט אונדז אויך אָן דעם נאָמען זײַנעם: וואַגאַן אַנדרייעוויטש.

זי הערט עס אַלץ אויס מיט אַ שמייכל. אין אירע אַרויסגעשטעלטע, פאַרלייגטע איינע אַף דער צווייטער פיס, אין די ווייכע לײַכטע באַוועגונגען אירע איז צו זען די זיכערקײַט פון אַ פרוי, וואָס ווייסט, אַז קיין מאַנצבל וועט זיך שוין פון איר ניט אַרויספּלאָנטערן. און ווירקלעך, דער פיזיקער האָט ווי מיטאָמאָל אָנגעוווירן זײַן סאָלידקײַט. ער האָט אויסגעטאָן דאָס רעקל, צעבונדן דעם שניפּס. אינעם צעשפּיליעטן העמדל איז זײַן אָפענער האַלדז ווי אויסגעצויגענער געוואָרן און בוילעטער געמאַכט דעם גאָרגלקנאָפּ. די העלע אויגן האָבן ווי אופגעוואַכט — זיי פּאַסן גאָרניט צום שטרענג־ערנסטן פּאָנעם.

וווּהין איז אַהינגעקומען דעם פיזיקערס קאָמצאָנעסדיקע שפּראַך? ער שטייט איצט צו צו איר, זי זאָל אים דערציילן וועגן זיך, וועגן איר אַרבעט. זי זאָגט, ער זאָל אַליין פּרווון טרעפן איר פּראָפעסיע. ער רעכנט אויס אַ ריי באַשעפטיקונגען, וועלכע זײַנען, ווי ער מיינט, פּונקט אָנגעמאָסטן פאַר איר. לויט איר גענייגטקײַט צו מענטשן, לויט איר אויסזען אַפילו, קאָן מען באַשטימט זאָגן, אַז זי איז אַ מעדיקערן, נאָך בעסער — אַ קינדער־דאָקטער, זי האָט אין זיך אַזויפיל גוטהאַרציקע מוטערלעכקײַט...

זי לאַכט, געשמאַק, אָפנהאַרציק, אַזוי אַז אַלע מוזן מיט איר מיטלאַכן.

— ניט ריכטיק? — פרעגט ער בא אונדז. נאָר ניט איך און ניט אלבערט, וואָס זיצט מיט א זויערער מינע אפן פּאָנעם, באשטעטיקן ניט זײַנע ווערטער.

ער רעכנט ווײַטער אויס קאַלערליי פּראָפעסיעס, זאָגט איר קאָמפּלימענטן, נאָר זי לאַכט אלץ און צוקט מיט די רונדיקע אקסל אף ניין און ניין.

האָט מיך א שטויס געטאָן זיך אויך ארײַנמישן מיט א וואָרט:

— איך קאָן גענוי באשטימען די פּראָפעסיע אײַערע.

— לאָמיר הערן, — האָט זי זיך אָנגעכאַפּט א צופרידענע, וואָס נאָך איינער לאָזט זיך ארײַנציִען אינעם געשפּרעך.

— איך מיין, אז אײַער בארוף איז... זײַן א פרוי, מיט אלע אייגנשאפטן, פארשטייט זיך.

זי האָט, ווי־עס ווײַזט אויס, גלײַך אפן אָרט ניט באנומען, צי דאָס, וואָס איך האָב נאָרוואָס געזאָגט, איז גוט, צי שלעכט פאר איר. נאָר די רויטקײַט פון אונטער איר דורכזיכטיקער הויט מיט די שפּרענקעלעך האָט אזא שלאָג געטאָן, אז זי האָט אינגאנצן אופגעפלאַמט.

דער טײַוול זאָל עס וויסן! איך האָב ניט געקלערט זי צו באליידיקן, נאָר ס'האָט זיך אפּאָנעם אזוי באקומען. מיט מײַן זאָג האָב איך זי צערודערט. זי האָט א פארלוירענעם קוק געטאָן אף אל־בערטן, אף וואגאַן אנדרייעוויטשן, ווי זי וואָלט בעטן, מע זאָל זי באשיצן.

איך האָב פארייכערט. שטייענדיק באַם קאָרידאָר־פענצטער, וויקל איך האסטיק דעם רויך אף די שויבן און זוך פאר זיך א... זכוס. איך טרייסט זיך מיט צוזוכן בא איר כעסרוינעס... זי האָט ליב קאָמפּלימענטן, לויבגעזאַנגען. „אין א געזעלשאפט פון מענער באמיט זי זיך צו זײַן דער איינציקער אָביעקט פון אופמערקזאמקײַט" — זוך איך אויס אינעם זיקאָרן אָט דעם ארויסגע־לייענטן פון א שלעכטן ראָמאַן טראַפאַרעטן אויסדרוק. און איך בין זיך גלײַך אפן אָרט מויכל, ווען איך קום צום געדאַנק, אז פון אָט די אלע אייגנשאפטן אירע הערט זיך דער נאַפטאַלין־רייעך פון די לאַנגפארשטאָרבענע בירגערלעכע סאַלאָנען. ס'איז מיר פריקרע צוזוזען אירע געשמאַקלאָזע מאַנירן, אירע פארפירערישע גענג, צוערשט מיטן צושנײַדער, דערנאָך מיטן פיזיקער. דאָס זײַנען אלץ אויסגעדראָשענע שמאַדשטיק, נאַטירלעכע פאר אן אלקער־פרוי, וועלכע האָט אין איר לעבן קיין האַנט אין קאַלט וואַסער ניט ארײַנגעטאָן. דורכן וואגאַן־פענצטער קוקט שוין ארײַן דער פארנאַכט. דער ראַכוועס פון די שטעטכן האָט אָנגעהויבן קלענער ווערן, אײַנהילן זיך אין דער טונקלקײַט, וואָס קומט פון די ווײַטן.

ווען איך האָב זיך אומגעקערט אין קופּע, זײַנען זיי געזעסן, זי מיט אלבערטן, טיף אינעם ווינקל, וואָס באַם טישל, און וואגאַן אנדרייעוויטש — אָפּגעזונדערט פון זיי אף דער צווייטער באַנק, ווידער מיטן בוך אין דער האַנט, מיט אן אויסזען, גלײַך ווי אויסער אים וואָלט דאָ קיינער ניט געווען אין קופּע. דאָס פּאָרל האָט זיך אינטים געסוידעט. אירע שפּיצעכיקע ציין האָבן גע־בלענדט קעגן דער עלעקטרע־שײַן בעשאַסן די שאָקאָלאַד־פּליטקע.

אין קופּע איז געוואָרן דושנע. איך צעעפן ברייט די טיר. עפּשער האָבן זיי עס שלעכט פאר־שטאַנען און עס אָנגענומען ווי אן אָנדײַט — ביידע מיטאמאָל האָבן זיי זיך א הייב געטאָן און ארויס אין קאָרידאָר. די טיר איז געבליבן אָפן.

וואגאַן אנדרייעוויטש טוט אף מיר א קוק און לאָזט פאַלן בייזע, אָפּגעהאַקטע ווערטער:

— איר האָט רעכט געהאַט...

צוביסלעך צערעדט ער זיך און דערציילט מיר וועגן זײַן אייגענער טראַגעדיע, וועגן ווײַב, וואָס האָט אים פארלאָזט און איז אוועק פון אים טאַקע מיט זײַנעם א סטודענט.

— איר זעט אָט דאָס שעפּטשען זיך? — ווײַזט ער מיר אף אונדזערע שכיינים, וועלכע שטייען אין קאָרידאָר־פענצטער. — איך קען עס גוט, אָט דאָס געפּליסטער, אָט די שטילינקע ריידעלעך, אונטער וועלכע ס'איז פארבאָרגן אויסגעלאַסנקײַט, א פארשלאָסענע אונטער זיבן שלעסער. אזוי, דוכט זיך, אפן ערשטן קוק, איז זי די אומשולד אליין. דאָס איז אָבער נאָר לעפּאָנעם. אינדער־עמעסן אָבער... אָט האָט זי דער מאַן אָפּגעלאָזט פון זיך. וווּהין פאָרט זי? אין אורלויב? צוגאַסט? צוליב וואָס זשע קלעפּט זי אין אָט דעם יונג?

אף מאָרגן אינדערפרי איז דאָס געמיט בא אלעמען געוואָרן בארויִקט. אלץ איז ווי פאר־געסן געוואָרן. מיר דערנעענטערן זיך צו מאָסקווע. די גלעלעגערס זײַנען שוין צוגענומען. דאָס געפּעק שטייט אף די בענק. מיר זיצן אָנגעטאָנענע, גרייט זיך ארײַנדרײַסן אינעם שטראָם פון די טויזנטער מענטשן, וועלכע פליסן טאָגטעגלעך ארײַן אין דער הויפּטשטאָט. דער קאָנדוקטאָר גייט איבערן וואגאַן און קערט אום די בילעטן.

— ס'וועלן באלד ארײַנקומען די קאָסירער, — מעלדעט ער, — ווער ס'פאָרט ווײַטער, גרייט זיך קאָמפּאָסטירן די בילעטן.

— וווּנדערבאַר, — הייבט זי זיך אוף, — וועל איך דאָך אין א שאָ ארום האָבן א צוג...

— איר פאָרט דען ניט קיין מאָסקווע? — פרעג איך בא איר.

— אָ, ניין, א היפּש ביסל ווײַטער... קיין אַלמאַ־אַטאַ. זיי וועלן באַווײַזן צוקומען צו אונדזער וואַגאָן? אַלבערט, — באַמרויִקט זי זיך, — זײַ אַזוי גוט, נאַ דיר דעם בילעט און גיי געפֿין זיי... דערפֿרעג זיך באַם קאָנדוקטאָר, אין וואָסער וואַגאָן איז דער קאַסיר, — שרײַט זי אים נאָך און זעצט זיך צוריק צו צו אונדז. — אַזאַ ווילער יונג, אָט דער אַלבערט...

— אַזוי איז ער אײַך געפֿעלן? — טוט אַ בורטשע וואַגאַן אַנדרייעוויטש.

— געפֿעלן? — באַטראַכט זי אים אַ פֿאַרכידעשטע. — וואָס רעדט איר? ער האָט דאָך גע־קענט מײַן מאַן... ער האָט אים זייער גוט געקענט... עמעס, אַלבערט איז נאָך דעמלט געווען אַ קינד. נאָר ער געדענקט אים. זיי האָבן געוווינט בישכיינעס, אַ טיר בײַ אַ טיר... איך האָב געוווּסט, אַז מײַן מאַן איז אַ סטריִער. נאָר איך בין דאָרט קיינמאָל ניט געווען, — פֿאַרענטפֿערט זי זיך מיט באַדויערונג.

— נו, און דער מאַן? — טוט אַ הוסט וואַגאַן אַנדרייעוויטש, — ער אַרבעט דאָרטן, אין אַלמאַ־אַטאַ?

זי לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ:

— ער האָט שוין זײַנס אָפּגעאַרבעט... שוין דאָס אַכצנטע יאָר...

אין סאַמע ברען פֿון דער מילכאָמע האָט מען געבראַכט איר מאַן אַ פֿאַרוווּנדעטן קיין אַלמאַ־אַטאַ. מיט שווערע מאַטערנישן האָט זי זיך אַהין צו אים דערקליבן. דורכמאַכן אַזאַ וועג פֿון סטערליטאַמאַק, וואָס ליגט ערגעץ אין באַשקיריע, ביז אַלמאַ־אַטאַ איז געווען ניט אַזוי לײַכט. און אַז זי איז געקומען... זי האָט נאָר באַוויזן אים און איינציק מאָל זײַן אין שפּיטאָל. אין דעם זעלבן טאָג האָט זי אים געבראַכט צו קווּרע... איצט, בײַ איר אורלויב, פֿאָרט זי אויף קייווער־אָוועס. אַמאָל באַגלייט זי אַהין דער זון, וואָס לערנט זיך אין אַ לענינגראַדער פֿלאָט־שול... הײַנטיקס יאָר קלײַבט ער זיך אין אַן אויסלענדישן רעיס מיט דער שול... האָט ער איר געשריבן, זי זאָל צו אים קומען... נאָר זי וואָלט ניט באַוויזן מאַכן אַזעלכע צוויי נעסיִעס אין מעשעך פֿון איין אורלויב.

* * *

מיר זײַנען מיט וואַגאַן אַנדרייעוויטשן שטיין געבליבן אויפֿן וואָקזאַל־פּלאַץ נאָך דעם, ווי מיר האָבן זיי אַרײַנגעזעצט אין טאַקסי. אַלבערט איז מיטגעפֿאָרן זי באַגלייטן צום צווייטן צוג. איך זאָג וואַגאַן אַנדרייעוויטשן:

— עס קאָן זײַן, אַז פּונקט דעמלט, ווען בײַ אָט דער פֿרוי איז דער מאַן — דער סאָלדאַט געשטאָרבן, בין איך געווען אין אַ פֿראָנט־צײַטונג, ערגעץ לעבן קאַכאָווקע. איינמאָל איז צו אונדז אין רעדאַקציע אַרײַנגעקומען אַ יונגער סאָלדאַט און גענומען לייענען לידער וועגן דער נאַטור, וועגן וועלדער, פֿייגל, גרויע פּרימאָרגנס. מעגלעך, אַז בײַ מיר איז דעמלט די שטימונג געווען אַ געדריקטע, דערצו נאָך זײַנען די לידער געווען פֿאַרנעפּלטע, מיט פֿליטערלעך, מיט רעמאָזים. איך האָב פֿון דעם דיכטער געמאַכט אויסצודרייען, צונישט געמאַכט דעם גאַנצן נאַטירלעכן און אויפֿריכטיקן ברען זײַנעם... הײַנט צו טאָג איז ער איינער פֿון די פֿײַנסטע פּאָעטן, אַ קרישטאָל־זויבערער טאַלאַנט. איך האָב זיך דאַן גראָב טויִע געווען... דעמלט אין דיכטונג, און איצט — אין ליבע, אין ריינער פֿרויען־ליבע...

## דאָרטן, ווו עס בושעווען ווינטן

מײַן קאָלעגע און כאַווער ראָמאַן איוואַנאָוויטש איז טאַקע בעעמעס אַ מייוון אויף אַ קונסט־ווערק. און ס'איז קיין ווונדער ניט: ער איז אַ זון פֿון אַן אַרכיטעקטאָר און האָט אַליין פֿיל יאָרן געלערנט אַרכיטעקטור. מע זעט עס אין דער אַרכיטעקטאָניק פֿון אַ סאַך זײַנע נאָוועלן.

ראָמאַן איוואַנאָוויטש דערציילט מיר מיט באַגײַסטערונג וועגן אַ בוי־פּראָיעקט, וואָס האָט זיך באַוויזן אין איינעם פֿון די ספּעציִעלע זשורנאַלן, אַ פּראָיעקט פֿון אַ וווינונגס־קוואַרטאַל אויפֿן ווײַטן צאָפֿן. מיט אַזאַ היסלײַהוועס פֿלעגט ער מיט מיר ריידן נאָר וועגן גרויסער דיכטונג.

— דו פֿאַרשטייסט, — באַמיט ער זיך מיר אויפֿקלערן, — אין וואָס ס'באַשטייט דער אויפֿטו פֿון די עטלעכע יונגע אַרכיטעקטאָרן? אויפֿן ערשטן קוק האָבן זיי, דוכט זיך, קיין שום נײַס ניט אַרײַנגעטראָגן, נאָר ווי שאַרפֿזיניק זיי האָבן אויסגענוצט די דערגרייכונגען פֿון דער אַרכיטעקטור און צוגעפּאַסט זיי געלונגען צום באָדן, צום קלימאַט, צו די באַדינגונגען אויפֿן עקסטן צאָפֿן!

דעם עמעס גערעדט, בין איך זייער ווײַט פון קענען ווערן מיטגעכאַפּט און פאַרשטיין דעם טאַך פון דער זאַך, וואָס ער באַוווּנדערט. די מאַדרייגע פון מײַן באַהאַוונטקײַט אין בוי־וועזן איז אַ גאַנץ שאָפּלדיקע. דאָך בין איך מיט אים אין אַלץ מאַסקים. מיר איז גוט באַוווּסט, וואָס איז אַזוינס אַפּן עקסטן צאַפּן די אַזויגערופענע נאָמאַדן־קרענק — ווען מענטשן רוען ניט בײַס די שטורעמווינטן, לויפן אַרום אין זייערע שטיבער פון איין ווינקל צום צווייטן, זוכנדיק אַן אָרט, וווּהין דער ווינט זאָל ווייניקער אַרײַנדרינגען. איך געדענק גוט, ווי מיר פלעגן איבערוקן די געלעגערס אַלץ ווײַטער פון דער צאַפּנדיקער זײַט, פונוואַנען דער ווינט שפּאַרט אַרײַן. באַ זיך אין דער היים איז עס נאָך צו דערלײַדן. איך דערמאָן זיך אָבער דאָס גערודער, דאָס איבערשטעלן די בעטלעך אינעם קראַנקנהויז, ווו איך בין אַנומלטן געלעגן. הײַנט, וואָס טוט זיך אין די געבורטהײַזער!

ס'איז, פאַרשטייט זיך, אַ וווּנדערלעכער געדאַנק — הײַזער מיט צימערן, באַוואָרנטע פונעם ווינט. דוכט זיך, אַ גאַנץ פּאָשעטער אײַנפאַל: אויספּלאַנירן און אוועקשטעלן דאָס הויז אַזוי, אַז אַף דער ווינטיקער זײַט זאָלן זיך געפינען דער אַרײַנגאַנג, די טרעפּ, די קאָרידאָרן, די קיך אַפילע, — און דאָס אַלץ זאָל פאַרשטעלן און באַשיצן די איבעריקע צימערן אַף דער דאָרעמדיקער, זוניקער זײַט. אָבער פריִער פון די יונגע פּראָיעקטירער, וועלכע האָבן ערשט פאַרצוויייאָרן פאַרענדיקט דעם מאָסקווער אַרכיטעקטור־אינסטיטוט, האָט זיך קיינער ניט דערטראַכט דערצו.

— דאָס איז דערווײַל, — דערקלערט מיר ראָמאַן איוואַנאָוויטש, — איין זײַט פון דער מאַטבייע. אָט דער אײַנפאַל איז נאָך ווײַט ניט גענוג, קעדיי פולקום באַשיצן די הײַזער פון די שטורעמווינטן. צוליב דעם דאַרף מען נאָך צעשטעלן די געבײַדעס אַזוי, אַז זיי זאָלן איינע צו דער אַנדערער שטיין פּאָנעם־על־פּאָנעם מיט די וואַרעמע זײַטן, פּונקט ווי זיי וואָלטן פירן אַ געשפּרעך צווישן זיך. און דערבײַ זאָלן זיי ניט פאַרוואַרפן מיט שאָטן איינע די אַנדערע.

קעדיי איך זאָל ניט מיינען, אַז דאָס איז אומעגלעך, צייכנט ער אָן די סכעמע פון אַזאַ קוואַרטאַל. אַף דער צייכענונג זע איך אין אַ האַלבקרײַז הויכע שמאָלע טורעמאַרטיקע געבײַדעס, אַרויסגערוקטע אַף פּאָרויס איינע פאַר דער צווייטער.

ער נעמט מיר איבערעכענען די מײַלעס פון אַזאַ ווױנונגס־מאַסיוו.

— איך האָב געווווינט אין סאַמע שטאָט־צענטער, — שלאָג איך אים איבער, — ווו צוויי הויפּט־גאַסן באַגעגענען זיך. די פילשטאָקיקע הײַזער בילדן דאָרט אויס זייער אַ שמאָלן דורכגאַנג. ווען עס פלעגן זיך צעבושעווען די זאַווייען, פלעגט מאַמעש וואַלגערן פון די פיס. געזונטע יונגען פלעגן זיך אַרומבינדן מיט שטריק, קעדיי ווי־עס־איז בײַקומען די עטלעכע צענדליק מעטער...

— אָט דאָס איז עס דאָך טאַקע. דאָס אַריבערטראָגן מעכאַניש די בוי־פּאָרמען אין די צאָפּנשטעט איז אַן אומגליק, פון וועלכן מע מוז פּאָטער ווערן. און די גרעסטע מײַלע פון די יונגע אַרכיטעקטאָרן איז דאָס, וואָס זיי האָבן, דוכט מיר, די ערשטע געלייגט אַכט אַף דער אויסערלעכער זײַט, אַף דעם דרויסן פון געבײַ. די אַלע שאַרפע ווינקלען מיט די קאַנטיקע אַרויסשטאַרצנדיקע פלאַכן, די באַפּוצונגען, געזימסן, באַלקאָנען העלפן די שטורעמווינטן נאָך מער אַרײַנדרינגען אין די הײַזער. נעם די פּאָלקס־אַרכיטעקטור פון די צאָפּן־פעלקער. די צילינדעראַרטיקע יאַקוטישע יורטע מיטן שפּיצעכיקן דאַך — פאַרוואָס איז זי אַזוי געבויט? אָט דאָס טאַקע האָבן זיי גוט פאַרשטאַנען און גוט אין זינען געהאַט, די יונגע כעוורע, באַם שאַפן דעם פּראָיעקט. דו קוק זיך צו, — נעמט ער פונדאָסנײַ צייכענען די סכעמע פון אַ באַזונדער הויז, — דו זעסט? די דײַטשן רופן עס „די שטראָמליניקע פּאָרם“. דער ווינט האָט זיך דאָ ניט ווו צו באַהאַלטן. ניטאָ אויך, ווו עס זאָל זיך אָנזאַמלען דער שניי.

— אויסגעצייכנט, זיי זײַנען טאַקע מײַסטערס, די כעוורע דײַנע!

— זיי זײַנען מײַנע, פּונקט ווי דײַנע. דו גיב נאָר אַהער אַ פּאָר קאָלירטע בלײַשטיפטן, וועל איך דיר נאָך עפּעס באַווײַזן... אַ שאָד, וואָס דו האָסט ניט. דו זעסט? קוק זיך צו, — שלעפּט ער מיך ווידער צום טיש, צו זײַן צייכענונג, — קוק זיך צו: די לײַכטע געבײַדעס בעטן זיך מאַמעש, מע זאָל זיי אויספאַרבן אין דעם קאָליר פון אַ שוימיק ווײַסן כופּע־קלייד. אָבער פאַר יענע מעקוימעס, ווו אין גרעסטן טייל פון יאָר איז סײַוויסײַ אַלץ ווײַס פונעם בלענדיקן שניי, האָבן זיי צוגעקליבן אַזאַ מין ווייכע טאַראַקאָטעווע פאַרב, וואָס פּאַסט זיך צו צו דער שניי־ווײַסקײַט און באַלעבט דאָס אויסזען אַזוי, אַז דער גאַנצער קוואַרטאַל מיטן געלבלעכן טינק פון די פּאַסאַדן טוט אַ שפּיל, ווי אַ שטיק צירונג.

— ביסט אַ ראָמאַנטיקער, ראָמאַן איוואַנאָוויטש! דער רוען ווייסט זיי, דײַנע קריטיקער, וואָס זיי האַלטן דיך פאַר אַ רעאַליסט.

— ס'איז ניט שווער צו ווערן אַ ראָמאַנטיקער, ווען ערגעץ העט ווײַט, באַ אַ פאַרשנייטער סאָפּקע, באַ אַ סאָפּקע מיט אַן אויסטערלישן קעציש נאָמען, דוכט זיך, מיאַ... אונדזשע, פּלאַנעוועט מען אַזאַ פּרעכטיקן אַנסאַמבל.

— מיאונדזשע? — האָב איך זיך א כאַפּ געטאָן. — מיאונדזשע? דאָס איז דאָך מאַגאַדאַן!

— זאָל זײַן מאַגאַדאַן... א ראָמאַנטיקער זאָגסטו? אָן ראָמאַנטיק, טײַערינקער, אָן א קאָפּ פול מיט טרוימען טאָר מען אפילו ניט צוטרעטן צו אזא ארבעט...

— וואָר׳זשע זײַנען די אוטאָרן פונעם פּראָיעקט? — רײַס איך מיט אומגעדולד איבער זײַנע רייד.

— אויב דו ווילסט, וועל איך אָנקלינגען, — און ער נעמט אָן דעם נומער פון זײַן שטוביקן טעלעפאָן. — עפּשער קענסטו טאַקע עמעצן פון זיי, דו ביסט דאָך קימאַט א מאַגאַדאַנער... נע־לינקע, — שרײַט ער אַרײַן אין טרײַבל, — געפינט, זײַ אזוי גוט, בא מיר אפן שרײַבטיש דעם לעצטן נומער פונעם ארכיטעקטור־זשורנאַל, יאָ, יאָ, נומער פינף... טו א בלעטער און זוך אָפּ דאָס ארטיקל „סייכלדיק, נוצלעך און טאַלאַנטפול״. יאָ, יאָ, אזוי הייסט עס. געפונען? איצט טו א זוך, ביטע... הער זיך אײַן, — ווענדט ער זיך שוין צו מיר, — פּלאַטאָנאָוו... ווײַטער אַדאַמאַ־שווילי, גאַגאַליעוו, וויאַזאָוו, וויאַזאָוו? ליכטציַער, דער אָנפירער פון דער גרופּע. ווײַטער ליסאָ־וויצקי... זיסינאַ... א דאַנק, אָף ווידערזען.

מער הער איך שוין גאָרניט. ליכטציַער!.. ווילי! ער!.. איך בין געבליבן זיצן א שמייכלענ־דיקער. אין הארצן איז עפּעס ווארעם געוואָרן. איך בין דאַנקבאַר געוועזן ראָמאַן איוואַנאָוויטש, וואָס ס׳האָט אים אָנגעטראָגן קומען צו מיר מיט אָט דער באַגײַסטערונג זײַנער.

— נו, וואָס? דו קענסט עמעצן? וואָס שמייכלסטו?

איך בין אופגעשטאַנען, א קלאַפּ געטאָן ראָמאַן איוואַנאָוויטשן אין דער פּלייצע:

— אָט אזוי, ברודערקע! האָסט מיר זייער פײַן דערציילט וועגן פּראָיעקט! און איך וועל דיר איצט דערציילן וועגן זײַן שעפער. וועגן איינעם פון די שעפער. וועגן דעם אָנפירער פון דער גרופּע — ווילי ליכטציַער.

* * *

איך בין גראָד געוועזן דערבײַ, ווען ער האָט פאַרטיידיקט דעם דיפּלאָם. שוין מער, ווי צוויי יאָר דערינען. איך האָב געקוקט ניט אָף ווילין און ניט אָף די אָפּאָנענטן זײַנע. איך האָב געקוקט אָף דער בלאָנדהאָריקער טאַמאַרען. אין איר געזיכט האָב איך געזען דעם אָפּפלוס פון די כוואַליעס בא א יאַמבערעג. איר פּאָנעם האָט זיך געמינעט. אָט האָט זיך אָנגערוקט אָף דעם א שאָטן, און אָט איז עס געוואָרן אופגעלויכטן פון גליק. איבערהויפּט האָט עס אזוי אויסגעזען, ווען דער דעקאַן האָט ארומגענומען דעם דיפּלאָמאַנט, זיך צעקושט מיט אים און לאַנג און הייס געדריקט אים די האַנט.

אין עטלעכע טעג ארום איז באַוווּסט געוואָרן, אז מע שיקט ווילין אָף ארבעט קיין סאָטשי. די טעמע פון זײַן דיפּלאָם־פּראָיעקט איז געווען — אָן אינטערנאַציאָנאַל אָפּרו־הויז פאַר יוגנט. ער, דער יונגער און באַגאַבטער ארכיטעקטאָר, האָט גוט פארשטאַנען, אין וואָסער אָפּרו עס נייטיקן זיך ספּאָרטלער. די ארבעט איבערן פּראָיעקט איז אים צום הארצן. ער און טאַמאַרע זײַנען געווען אפן זיבעטן הימל.

נאָך אזויפיל וואַרטעניש און האָפענונג וועלן זיי זיך, ענדלעך, איצט קאָנען צונויפגיין. קיין בעסער אָרט פאַר זייער לעבן האָט מען זיך גאָרניט געקאָנט ווינטשן. זי, טאַמאַרע, די איבערזעצערן פון פראַנצויזיש — ווו וואָלט זי נאָך געקראָגן אזא אינטערעסאַנטע ארבעט? אין סאָטשי וועלן זיכער שטענדיק זײַן געניג טוריסטן. טאַמאַרע האָט זיך גלײַך גענומען גרייטן אין וועג אַרײַן.

פאַר מײַן אָפּפאָרן פון מאָסקווע בין איך צו זיי געקומען זיך געזעגענען. געטראָפן האָב איך אָן איבערקערעניש. דער וווּקסיקער ווילי, אָן אײַנגעבויגענער, אָן אָנגעכמורעטער, קוקט ניט אָף מיר און אָף טאַמאַרען, וועלכע שטייט אָן אָנגעטאָנענע מיטן פּאָנעם צום פענצטער.

— וואָס איז געשען?

טאַמאַרע האָט א צוק געטאָן מיט די אַקסל, אָף א ווײַלע א דריי געטאָן דעם קאָפּ צו מיר:

— ער איז מעשוגע געוואָרן.

אין צימער איז געווען טונקל, שוין צײַט אָנצינדן שײַן. ס׳איז טיפער הארבסט. די גרויע טעג זײַנען אײַנגעשרומפּן, די נעכט טוען זיך א רוק אָן מיטאַמאָל, אײַלנדיק, ביפּראָט נאָך הײַנט, ווען אין דרויסן איז א געמיש פון שניי מיט רעגן... און דערצו נאָך — די אָנגעכמורעטע פּענעמער פון ווילין און טאַמאַרען, וואָס מײַדן אויס א קוק טאָן אָף מיר...

— פונדעסטוועגן, זאָגט, וואָס איז פּאָרגעקומען?

— קיינער ענטפערט ניט. אפן טישל איז געלעגן טאַמאַרעס האַנט־טאַש. ווילי האָט אים גענומען אין די הענט אַרײַן, זיך געפּאָרעט מיט אים, צעעפנט און צוריק פארמאַכט, אזוי אז דער שלאָס האָט א ליאַזג געטאָן.

— איך פֿאָר קיין מאַגאַדאַן, — האָט ער פֿאַרלוירן אַף מיר אַ קוק געטאָן מיט אַ שולדיקן שמייכל אַף די ליפּן.

— קיינער שיקט אים ניט אַהין, ער איז אַליין אַוועק און זיך קוים איַינגעבעטן. — ס׳האָבן זי געשטיקט טרערן אין האַלדז. מיטאַמאָל האָט זי זיך אַ לאָז געטאָן צו דער טיר, ווילי נאָך איר. זי האָט זיך האַסטיק אַ ריס געטאָן פֿון זײַנע הענט און איז אַרויסגעלאָפֿן. ווילי איז אַרויס נאָך איר. פֿון צווייטן צימער זײַנען אַריַין טאַטע־מאַמע און צוזאַמען גענומען שיטן מיט ווערטער:

— זייער גלײַך... אַ מיצווע אַף אים... גוט האָט זי געטאָן...

אין אַ צײַט אַרום, ווען איך האָב זיך אומגעקערט קיין קיִעוו, האָב איך בײַ אַנדערע געמיינזאַמע באַקאַנטע זיך דערוווּסט, אַז ווילי איז טאַקע אַוועקגעפֿאָרן קיין מאַגאַדאַן. אַליין, אָן טאַמאַרען. פֿאַר אים בין איך געווען רויִק. ער איז שוין גענוג זעלבשטענדיק אַף צו פֿאַרשטיין, וואָס מע דאַרף טאָן. נאָר מיט באַדויערונג האָב איך געטראַכט וועגן טאַמאַרעס ניט געלונגענעם גורל. זי האָט אַזויפֿיל יאָרן געוואַרט אַף ווילין...

און אָט — צום נײַ־יאָר האָב איך באַקומען אַ באַגריסונג פֿון מאַגאַדאַן, אונטערגעשריבן פֿון ווילין און טאַמאַרען. הייסט עס, ער האָט טאַקע אויסגעפֿירט!

איצט איז ווילי שוין מיט מזל אַ טאַטע. טאַמאַרע האָט הײַנטיקן פֿרילינג געבוירן אַ זון טאַקע דאָ, אין מאָסקווע. זי האָט זיך ערשט ניט לאַנג אומגעקערט מיטן קינד און מיט וויליס מוטער אַהיים, קיין מאַגאַדאַן. דאָס אינטערעסאַנטסטע איז דערבײַ, וואָס דער יונגער פֿאָטער האָט נאָך אַפֿילע ניט געזען דעם זון זײַנעם. ווען טאַמאַרע מיטן קינד זײַנען אַרויסגעפֿלויגן קיין מאַגאַדאַן, האָט מען ווילין דרינגענדיק אַרויסגערופֿן קיין מאָסקווע — און זיי האָבן זיך אויסגעמיטן.

צוריק מיט אַ פֿאָר טעג האָב איך זיך באַגעגנט מיט ווילין. אין אָוונט זײַנען מיר געזעסן בײַ אַ טישל אין רעסטאָראַן. ווילי האָט דערציילט, פֿאַרוואָס ער האָט געמוזט אַוועקפֿאָרן אין דער צאָפֿנדיקער שטאָט:

— טאַמאַרע פֿאַרשטייט שוין איצט, אַז דאָס אומקערן זיך צוריק קיין מאַגאַדאַן איז ניט געווען קיין קאַפּריז, קיין ווילן אַרויסצווײַזן העלדישקײַט. יאָ, יאָ, דאָס אומקערן זיך, זאָג איך. אין מאַגאַדאַן בין איך שוין אַמאָל געווען לויטן אורטייל פֿונעם געריכט, און איצט איז אומקערן זיך אַהין בײַ מיר געוואָרן אַן אינערלעכע נויטווענדיקײַט. איך ווייס, אַז איינעקע האָבן אײַנגעזען דערין גרויסהאַלטערײַ, ערגײַציקײַט. זיי האָבן געטראַכט, אַז איך האָב עס געטאָן מיט אַ מיין, ווײַל אין סאָטשי וואָלט איך געווען ניט מער, ווי אַ דריטראַנגיקער, אין בעסטן פֿאַל אַ צוהעלפֿער בײַ דער גרופּע אָנגעזעענע ספּעציִאַליסטן, און דאָ בין איך אַליין דער עלטסטער. אַזוי זאָך קאָן, פֿאַרשטייט זיך, שפּילן אַ געוויסע ראָליע בײַ די, וועלכע האָבן ערשט נעכטן פֿאַרלאָזט דעם אינסטיטוט. יעדערער וויל זיך פֿאַרמעסטן אַף עפּעס גרויס גלײַך בײַ די ערשטע טריט פֿון זעלבשטענדיקער אַרבעט. נאָר בײַ מיר איז עס געווען גאָר עפּעס אַנדערש. איך האָב לאַנג געטראַכט וועגן דעם. דער גאַנצער לײַדנס־וועג מײַנער איז מיר געשטאַנען פֿאַר די אויגן. ווען טאַמאַרע האָט זיך געגרייט פֿאָרן קיין סאָטשי, האָב איך אַ גאַנצע נאַכט זיך אַרומגעשלעפּט איבער די גאַסן און סקווערן פֿון מאָסקווע. און געזען האָב איך פֿאַר די אויגן מאַגאַדאַן, מײַן זײַן דאָרטן אַלס פֿאַרמישפּעטער.

אין אָט דער נאַכט האָב איך באַשטימט איינמאָל פֿאַר אַלעמאָל — איך פֿאָר נאָר אַהין. מיך האָט ניט געקאָנט אָפּשטעלן די ליבע צו דער היימשטאָט, דער בייזער קלימאַט אַפֿן צאָפֿן, די שווערע באַדינגונגען פֿון אַרבעט. ס׳איז אַלץ קעדײַ געווען פֿאַר דעם גליק צו קומען אַפֿן אָרט פֿון דײַן פּײַן און דאָרטן אויסבויען אַ נײַעם קוואַרטאַל — מיט ליכט, מיט מענטשלעכער וואַרעמקײַט, מיט אַ ספּעציִעלן בלאָק פֿאַר אָפּרו, מיט שפּיל־צימערן פֿאַר די קינדער, מיט יאַסליעס און קינדער־גערטנער. און וווּ?.. סאַמע דאָרט, וווּ ס׳איז געווען אַ קינדערלאָז קיניגרײַך, דאָרט, וווּ מענטשן האָבן יאָרנווײַז געבענקט, געכאַלעשט צו זען אַ קינד...

* * *

ראָמאַן איוואַנאָוויטש האָט איבערגעריסן מײַן דערציילונג:

— זאָג מיר, ווי־אַזוי האָט עס אים אַהין פֿאַרטראָגן? פֿאַר וועלכע זינד?

— אין לעבן טרעפֿן אומגעלומפּערטע זאַכן, נאָר דאָס איז שוין אַן אַנדער געשיכטע. איך דערצייל זי דיר ניט, ווײַל די שטראָף, וואָס ווילי האָט אַמאָל אויסגעטראָגן, איז ניט געווען אַרויסגערופֿן דורך עפּעס אויסטערלישס... אַ באַנאַלער צופֿאַל, ווען אַ יונגער באַכער טוט אָפּ אַ נאַריש־קײַט און מוז באַשטראָפֿט ווערן. אָבער ניט אין דעם גייט עס. עס גייט... פֿאַרשטייסט אין וואָס?

ראָמאַן איוואַנאָוויטש האָט אַרופֿגעלייגטביידע הענט אַף מײַנע אַקסל:

— יאָ, יאָ, איך פֿאַרשטיי... עס גייט אין דעם אופּטו פֿון די עטלעכע יונגע אַרכיטעקטאָרן... אין ווילי ליכטציִערס אופּטו... שרײַב אָן וועגן אים... אומבאַדינגט זאָלסטו אָנשרײַבן.

---

יעלענא סטאסאָווא

# וועגן דעם דיכטער

# דאָוויד אוטקעס

מיר האָבן באַקומען פאָלגנדיקן בריוו פון יעלענא סטאסאָווא — איינע פון די עלטסטע טוערנס פון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג, מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון 1898:

טײַערע כאַווײרים פון „סאָוועטיש היימלאַנד“! איך בעט אײַך אָפּדרוקן דאָוויד אוטקעסעס לידער. מיטן אווטאָר פון אָט די לידער בין איך געווען פּערזענלעך באַקאַנט. איך האָב אַ סאַך יאָרן געאַרבעט מיט אים צוזאַמען.

דאָוויד אוטקעס (זײַן ליטעראַרישער פּסעוודאָנים „דאָווידל קאַפּצן“) איז געבוירן געוואָרן אין 1898 אין ביאַליסטאָק. זײַן פאָטער איז געווען אַ מאַליער. דאָס ייִנגל האָט זייער פרי פאַרזוכט דעם טאַם פון דאַכקעס און נויט. דער קאַפּיטאַליסטישער דרוק, דער ווילקיר פון דער צאַרישער זעלבסטהערשונג, די דײַטשישע אָקופּאַציע בײַס דער ערשטער וועלט־מילכאָמע — דאָס אַלץ האָט געהאַט אַן אַנטשיידנדיקע ווירקונג אַף דער אויספורעמונג פונעם קלאַסעווון זעלבסטבאַוווסטזײַן באַם יונגען אוטקעס. צו צוואַנציק יאָר איז ער אַרײַנגעטראָטן אין דער ביאַליסטאָקער באָלשעוויסטישער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע. ווען די רויטע אַרמיי איז אַרײַן אין גראָדנער געגנט, איז ער געוואָרן אַ מיטגליד פון וואָלקאָווישקער רעווקאָם.

אָט אַזוי הייבט זיך אָן די רעוואָליוציאָנערע טעטיקײַט פונעם יונגן אַרבעטער, וועלכער האָט געפונען דעם וועג צום באָלשעוויסטישן עמעס, אַף אייביק פאַרבונדן מיט אים אַלע געדאַנקען און שטרעבונגען פון זײַן פלאַמיקן האַרצן.

אינעם פײַער פון בירגערקריג האָט ד. אוטקעס דערגרייכט פולע פּאָליטישע רײַפקײַט. אין אָט די יאָרן האָט ער זיך אַרויסגעוויזן אַלס עכטער רעוואָליוציאָנערער דיכטער. קעמפנדיק אין די רייען פון דער רויטער אַרמיי, האָט ער אָנגעשריבן אַ גרויסע צאָל לידער, וועלכע האָבן זיך טעגלעך געדרוקט אין דער ייִדישער צײַטונג „ראָסטאַ“, אָרגאַן פונעם פּאָליטאָפּטייל פון דער 16־טער אַרמיי פון מײַרעוו־פראָנט.

ווי דער גאַנצער מאַטעריאַל פון אָט דער צײַטונג, זײַנען אויך דאָוויד אוטקעסעס לידער געווען געווידמעט די טעמעס, וועלכע זײַנען געבוירן געוואָרן אין פּראָצעס פונעם קאַמף קעגן די פּילצאָליקע סאָנים פון דער יונגער סאָוועטן־רעפּובליק.

באַאײַנפלוסט פון דעמיאַן בעדניס בײַשפּיל, האָט ער אונטערן פּסעוודאָנים „דאָווידל קאַפּצן“ אָפּגעדרוקט  אַ ריי לידער, וועלכע זײַנען דורכגעזאַפּט מיטן גײַסט פון פּאָליטישער סאַטירע. דעמיאַן בעדניס פרוכטבאַרע ווירקונג פילט זיך אויך אין אוטקעסעס אַנדערע לידער, אין וועלכע עס קלינגען די שלאַכט־רופן און רעוואָליוציאָנערע לאָזונגען פון אַ דיכטער אַ רויטאַרמייער.

יונגער לייענער! לייען איבער אָט די לידער, זיי וועלן דיר העלפן צו שפּירן דעם הייסן אָטעם פון דער עפּאָכע, וואָס איז באַהעלט מיט די פײַערן פונעם גרויסן אָקטיאַבער, פון דער עפּאָכע, וואָס איר רום וועט לויכטן אין די ווײַטסטע דורעס!

Елена Стасова

## דאַוויד אוטקעס



1959 — 1898

# מאָסקווע

באהאַלטסט אין זיך א טיפן אומרו
און א ציטער,
צעשמעטערסט אין דער שטיל די אלט־געבויטע זײַלן,
טראַגנדיק דײַן ווילן אף די ווײַטע, ווײַטע מײַלן,
ווי א ריטער!

עס שטייען דײַנע ווענט, ווי שטומע,
שטאָלצע איידעס,
פון דעם גרויסן עמעס הערנדיק די קלאַנגען,
פון די שטאָל־געשמידטע פרײַהײַטס־טענער די געזאַנגען
און די טיפע סוידעס.

1919

# בריוו פון דאַווידל קאַפּצן

נײַס אף נײַס א גאַנצע גוזמע,
הער זשע אויס, דו, ליבער ברודער,
אפן קרימער האלבן אינדזל
אויס דער ראש און אויס גערודער.

ווילסטו וויסן, וואָס מאַכט ווראַנגעל,
דער „באַראָן” מיט אויגן־בליצן?
א פאַרוויינטער, א באַטריבטער,
טוט ער, נעבעך, „שיווע” זיצן.

און די באַנדע אין מאָזיר,
און דער בייזער „אַטאַמאַן”,
וואָלסטו זען, ווי מע מאַכט פּלייטע,
יעדער טראָט איז פּופּציק שפּאַן.

ס'האָט אמעריקע באַקלערט:
שוין גענוג דעם ברויגעז פירן,
עס איז גלײַכער, בעטעמאָנעס,
סכוירע „זיי” צו טראַנספּאָרטירן.

איידער שפּילן פּאָליטיק,
בעסער „ביזנעס” גוטע מאַכן,
וואָס ווייסן דזשאָרדזש און מיליעראַן
פון אזעלכע ליבע זאַכן?

א ראַכמאָנעס, גלייב מיר איצט,
אף די דיפּלאָמאַטן,
זיי האָבן, נעבעך, שלעק אף שלעק
פון די רויטע ראַטן!

1920 דײַן דאַווידל קאַפּצן

* * *

ווען עס פאַלן איצט די קייטן
פון דער שקלאַפן־צײַט —
העלף די פּאַראַזיטן טייטן,
שטיי ניט פון דער ווײַט!

אַפּפער פאַר די קאַמפער טרײַע,
העלף זיי, העלף אין שטרײַט —
בוי מיט זיי די צוקונפט נײַע,
שטיי ניט פון דער ווײַט.

1920

# די אלטע וועלט

הויך און שלאנק
פון הימל קוקט צו אונדז אראָפּ
אין גאסן־טאָל
דער קלויסטער־קאָפּ.
פון זײַן מוירעדיקער גרויס
שיקט ער וועלט זײַן זיפץ ארויס:
עס איז געווען...
עס איז געווען...
און איצט אוועק...
עס איז געשען...

מיט פארשטיקטן אָטעם קוקט ער צו די וואָלקנס,
שעפּטשעט איצט זײַן טפילע מיט א שטילער
שרעק.
ערגעץ אין די ווײַטן פון די הימל־ענדן
איז דער לעצטער אָפּקלאנג פון געבעט אוועק.
ווידע־קלאנגען וויינען, בעטן זיך אָן ענדע,
טענער זיך צעשפּרייטן ערגעץ אין פארנאכט,
שטארבן אָפּ אין שאָען פון פארגייונגס־פּראכט,
ווי די לעצטע גאמען פון אן אלט לעגענדע.
עס איז געווען...
עס איז געווען...

1921

# רוסטא

№ 75. שאבאט 23 אקטיאבער. 1920 יאר.

## אפן רויטן פראנט.

אויפגעהערט די שלאכטן אפן פאוילישן פראנט.

## די טרעגער פון דער רויטער פאן.



## שימען קריוואָשעין

געבוירן אין 1899 אין וואָראָנעזש. גענעראַל־לייטענאַנט פונעם טאַנקען־מיליטער, העלד פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד.

# אַ דערמאָנונג

Пускай утопал я в болотах,
Пускай замерзал я на льду,
Но если ты скажешь мне снова,
Я снова все это пройду.
М. Исаковский

אַמאָל, ווען איך דערמאָן זיך אין די וועגן, וואָס מיר זײַנען דורכגעגאַנגען, קומען מיר אויפן זינען אָט די שורעס פון מיכאַיל איסאַקאָווסקיס ליד.

איך האָב נאָרוואָס זיך געזעגנט מיט אַן אַלטן שלאַכט־קאַווער, וועמען איך האָב זינט דעם סאָף פון דער מילכאָמע געזען הײַנט צום ערשטן מאָל. דורכן אָפּענעם פענצטער קוק איך, ווי ער שפּאַנט צו דער אײַזנבאַן־סטאַנציע. אָט פאַרשווינדט ער אינעם דערבײַיִקן וועלדל, צווישן די בערעזעס און סאָסנעס, וואָס זײַנען מיר אַזוי ליב פון קינדווײַז אָן.

מײַן זיידן, דעם ניקאָלײַעווער סאָלדאַט, האָט דער גורל פון אַ קאַנטאָניסט געבראַכט אַהער, קיין טיף־רוסלאַנד, און דאָ האָט ער אַף שטענדיק זיך באַזעצט. וויאַזוי זשע זאָל איך ניט ליב האָבן דיביימער, די רוסישע סאָסנעס און בערעזעס, צווישן וועלכע איך בין אויסגעוואַקסן?

איך קוק צו דעם וועלדל, וווהין וולאַדימיר באַריסאָוויטש איז פאַרשוואונדן, און טראַכט וועגן די מענטשן, וואָס מיט זיי צוזאַמען זײַנען מיר געגאַנגען אין שלאַכט. וולאַדימיר איז געווען איינער פון די ערשטע טאַנקיסטן, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין די שלאַכטן בײַ מאַדריד אין האַרבסט 1936.

אין יענעם יאָר האָבן מענטשן פון פאַרשיידענע לענדער פרײַוויליק זיך געלאָזט קיין שפּאַניע — העלפן דער קעמפנדיקער רעפּובליק. איך בין דעמלט געווען אַ פּאָלקאָווניק. געקומען קיין שפּאַניע, בין איך דורך דער רעפּובליקאַנער רעגירונג באַשטימט געוואָרן אַלס קאָמאַנדיר פון איר טאַנקען־מיליטער. דער קאַפּיטאַן וולאַדימיר ש. איז געווען קאָמאַנדיר פון אַ טאַנקען־ראָטע. ביז הײַנט האָט זיך מיר פאַרגעדענקט זײַן ראַפּאָרט וועגן דער ערשטער שלאַכט, וואָס ער האָט דורכגעפירט אין שפּאַניע. דאָס איז געווען אין סעסעניע, אַ דערפל הינטער מאַדריד, דעם 29 אָקטיאַבער.

די ערשטע שלאַכט איז ווי דער ערשטער טראָט. איך גלייב ניט, אַז עס זײַנען פאַראַן מענטשן, וואָס האָבן פאַר גאָרנישט ניט קיין מוירע. אַ פּאַכדן שרעקט זיך פאַר דער געפאַר נאָך איידער זי איז אָנגעקומען, אַ דרייסטער דערשפּירט זי, ווען ער האָט זי שוין בײַגעקומען.

וולאַדימירס ראָטע האָט באַקומען אַ באַפעל אָנגרײַפן אַף סעסעניע.

ווי נאָר עס האָט אָנגעהויבן שאַרײַען אַף טאָג, האָבן די טאַנקען־עקיפּאַזשן גענומען גרייטן די מאַשינעס צום מאַרש. די צוויי טאַנקען, וואָס זײַנען אַרויסגעשיקט געוואָרן פאָרויס, האָבן וועגן דעם קעגנער אין סעסעניע קיין שום ידיִעס ניט געבראַכט. די רעפּובליקאַנישע אוויִאַציע האָט אויך ניט באָמבירט דאָס דאָרף. מע האָט געקאָנט מיינען, אַז דער באַפעל איז אָפּגעשאַפן געוואָרן, אָדער די לאַגע אויפן פראָנט האָט זיך געענדערט פאַר איין נאַכט, ווי דאָס פלעגט אָפט טרעפן אין שפּאַניע.

---

אויסצוג פון אַ בוך.

מיט אויסגעשרייען „לאָס פאַשיסטאַס נאָ פּאַסאַראַן"[1] האָט די ראָטע זיך געלאָזט אין מאַרש. ס'האָט זיך געשטעלט אַ הייסער טאָג. נאָך הייסער איז געווען אינעווייניק אין טאַנק. וולאַדימיר איז אַרויסגעקראָכן פונעם ליוק און זיך רויִק אַנידערגעזעצט אויפן דעכל פונעם טאַנקען־טורעם. אויף אים קוקנדיק, האָבן קימאַט אַלע קאָמאַנדירן פון די טאַנקען ביז דער ברוסט זיך אַרויסגערוקט פון די אָפענע ליוקן. מיט פענדעלעך האָט וולאַדימיר סיגנאַליזירט: „האַלטן די דיסטאַנץ".

און אָט האָט זיך באַוויזן סעסעניע. אויף וויפל די אויסשפּירונג האָט ניט געזען דעם קעגנער, האָט דער קאַפּיטאַן ניט געהאַלטן פאַר נייטיק איבערבויען די ראָטע אין אַ שלאַכט־סיידער, און די טאַנקען האָבן איינער נאָך דעם אַנדערן אַרײַנמאַרשירט אין דערפל. אויף דער שמאָלער גאַס, צווישן די הויכע שטיינערנע פּלויטן, וואָס האָבן פון ביידע זײַטן זיך אָנגערוקט אויף די טאַנקען, האָט די ראָטע געמוזט פאַרלאַנגזאַמען דעם גאַנג. דאָ האָט אַ טאַנק קוים געקאָנט דורכגיין. פּאַמעלעך, מיט מאַטערניש, איז דער פאָדערשטער טאַנק ענדלעך אַרויסגעפאָרן אויפן דאָרפישן פּלאַץ, לעם דער קירכע. דאָ האָט דער קאַפּיטאַן דערזען, ווי גלײַך אויף זײַן טאַנק איז אָנגעצילט אַ האַרמאַט און לעבן אים שטייען באַ צוויי הונדערט סאָלדאַטן, אָנגעטאָן אין געוויינלעכע שפּאַנישע מאָנעס[2].

„דער אַוואַנגאַרד־באַטאַליאָן פון ליסטערס בריגאַדע האָט שוין, ווײַזט אויס, באַוויזן פאַרנעמען סעסעניע", — האָט דער קאַפּיטאַן זיך אַ טראַכט געטאָן און אַ שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף זײַן פּאָנעם: דער באַרימטער רעפּובליקאַנישער קאָמאַנדיר האָט ניט דערקענט די זײַניקע און אָנגעשטעלט אויף זיי דעם האַרמאַט. זיצנדיק נאָך אַלץ אויפן טורעם פונעם טאַנק, איז ער צוגעפאָרן האַרט צו די אַרטילעריסטן. אַנטקעגן אים האָט זיך אַ לאָז געטאָן אַ גרופּע אָפיצערן, פאָרויס פון זיי — אַ פּאָדפּאָלקאָווניק. דערזען דעם פּאָדפּאָלקאָווניק, האָט וולאַדימיר פאַרשטאַנען, אַז ער איז פאַרקראָכן אין דער פאַשיסטישער נעסט. דערווײַל זעט ער, ווי אויפן פּלאַץ פאָרט אַרויס פון דער אַנטקעגנדיקער גאַס אַ קאָלאָנע שוואַרצבערדיקע רײַטער אין לאַנגע בלויע און רויטע בורנוסן. דאָס זײַנען געווען מאַראָקאַנער, וועלכע פראַנקאָ האָט געטריבן אין קאַמף קעגן דער רעפּובליק. זייערע ווײַסע טשאַלמעס האָבן די מאַראָקאַנער אַרומגעוויקלט אַרום די אײַזערנע קאַסקעס, און עס האָט זיך געדוכט, אַז זיי זײַנען מוירעדיק הויכע.

דער פּאָדפּאָלקאָווניק איז צוגעגאַנגען צום טאַנק.

— וווּהין גייט איר? — האָט ער געפרעגט.

וולאַדימיר האָט געענטפערט:

— אַדעלאַנטע (פאָרויס).

— איר זײַט איטאַליענער? — האָט געפרעגט דער פּאָדפּאָלקאָווניק.

— סי! (יאָ!) — האָט וולאַדימיר רויִק געענטפערט.

— פאַשיסטאַס?

— סי! — האָט וולאַדימיר נאָכאַמאָל באַשטעטיקט און אין דעם זעלבן אויגנבליק אַראָפּ אין ליוק, אים צוגעמאַכט און באַפוילן דעם מעכאַניקער: „פאָרויס!"

אין אַ רעגע אַרום איז דער פאַשיסטישער האַרמאַט צוזאַמען מיטן פּערסאָנאַל געלעגן אַ צעקוועטשטער אונטער די ריפּן פונעם קאַפּיטאַנס טאַנק. די סאָלדאַטן אויפן פּלאַץ זײַנען זיך צעלאָפן אין די הויפן, געפּרוּווט זיך באַהאַלטן הינטער די פּלויטן און אין די הײַזער. נאָר די ראָטע האָט שוין געשאָסן פון אַלע האַרמאַטן און קוילנוואַרפערס. די טאַנקען האָבן זיך געטראָגן איבערן פּלאַץ און פאַרניכטעט אַלץ, וואָס האָט זיך געטראָפן אויפן וועג. נאָכדעם האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן אויף דער גאַס, וווּ עס זײַנען איבערגעבליבן שטיין די מאַראָקאַנער רײַטער. די גאַס איז געווען שמאָל. ס'איז קימאַט אוממעגלעך געווען אויסקערעווען די פערד און אַנטלויפן...

— וואָלאָדיע, — האָב איך געזאָגט, ווען כ'האָב אויסגעהערט זײַן גענויעם ראַפּאָרט וועגן אָט דער גלענצנדיקער אָפּעראַציע, — ביסט אַ דרייסטער יונג, אַן עמעסער העלד, לאָמיך דיך, ברודערקע, צעקושן!

ווי האָב איך דעמלט געקאָנט וויסן, אַז אין פינף יאָר אַרום וועט מיר ווידער אויסקומען אויסהערן זײַן ראַפּאָרט און איך וועל אים זאָגן קימאַט די זעלבע ווערטער.

ס'איז געווען אין יול 1941. דרײַ מעכאַניזירטע קאָרפּוסן פון דער צווייטער דײַטשישער טאַנקען־אַרמיי האָבן דורכגעריסן אונדזער שוץ־ליניע אינעם ראַיאָן פון ביכאָוו און זיך געלאָזט אויף סמאָלענסק. דײַטשישע טאַנקען און מאָטאָריזירטע מיליטער־טיילן האָבן פאַרפלייצט די שאָסייען און וועגן פון ווײַסרוסלאַנד. מײַן קאָרפּוס האָט באַקומען אַן אויפגאַבע — אָנגרײַפן אין דער ריכטונג פון באָברויסק און צוזאַמען מיט אַנדערע מיליטער־פאַריייניקונגען אָפּשטעלן גודעריִאַנס כאַיאָלעס. מיר האָבן געהאַט פיל ווייניקער קרעפטן איידער די דײַטשן, און דעריבער האָבן מיר

[1] — די פאַשיסטן וועלן ניט דורכגיין (שפּאַניש).

[2] — קאָמבינעזאָנען (שפּאַניש).

באשלאָסן א לאָז טאָן קעגן דעם סוינע ניט קיין נאָרמאלע טאנקען־טיילן, נאָר קליינע גרופּעס טאנקען, עס זאָל זיך שאפן אַן אײַנדרוק, אז אונדזער צאָל איז גרויס. מיט איינער אזא גרופּע האָט אָנגעפירט וואָלאָדיע.

א זומערדיקער פרימאָרגן. אפן וועג צום אלטן ווײַסרוסישן וואלד באווײַזט זיך א קאָלאָנע פון זיבן טאנקען. די ערשטע מאשין פארקערעוועט פון וועג און סיגנאליזירט „טו דאָס זעלבע, וואָס איך". דער קליינער אָטריאד פארשווינדט אין וואלד. דאָ שטעלט דער קאָמאנדיר אָפ די מאשין, רופט צונויף די טאנקיסטן און דערקלערט זיי דעם באפעל:

— דער סוינע האָט איבערגעשניטן דעם ווארשעווער שאָסיי און אײַלט זיך איבערוואַרפן זײַנע טאנקען און דאָס מאָטאָריזירטע מיליטער קיין סמאָלענסק. אונדזער אופגאבע — ארויסגיין אין ראיאָן פונעם דאָרף איוואנטשישטשי און אָפּשטעלן אפן שאָסיי די באוועגונג פונעם קעגנערס קאָלאָנעס. די טאנקען דארף מען צעשטעלן ווײַט איינעם פונעם אנדערן, דער סוינע זאָל מיינען, אז קעגן אים טרעט ארויס ניט ווייניקער פון א פאָלק. קלאָר?

— קלאָר, — ענטפערט פארן גאנצן אָטריאד דער קאָמאנדיר פון א טאנק טיכאָנאָוו.

דער אָטריאד לאָזט זיך מיטן וואלד צו איוואנטשישטשי. פון מאָל צו מאָל טרעפן זיך קליינע קאָרן־פעלדער, פארקוועטשטע צווישן אָפגעזונדערטע וועלדלעך. קיינער שנײַדט ניט די צײַטיקע טווע. די צוויי טאנקען, וואָס באוועגן זיך אין אוואנגארד, הייבן אוף א סיגנאל: „שטיי!" אלע שטעלן זיך אָפ. פונווײַטנס זעט זיך שוין דאָס דאָרף. די צוויי אוואנגארד־טאנקען יאָגן אהין מיט דער גאנצער שנעלקײַט, אף וועלכער זיי זײַנען פייִק. פלוצעם פארקערעוועט איינער פון זיי פון וועג. דער צווייטער טוט אים נאָך. ביידע טאנקען קערעווען זיך אויס און מיט דער זעלבער שנעלקײַט יאָגן זיי אף צוריק צום אָטריאד...

דער מאנעווער פון די טאנקען איז אויסגערעכנט אף ארויסרופן דאָס פײַער פונעם סוינע, אויב נאָר ער איז דאָ אין דאָרף. נאָר איוואנטשישטשי האָט געשוויגן. אָפגעפאָרן א מעטער צוויי הונדערט, האָבן די טאנקען נאָכאמאָל זיך אויסגעקערעוועט און שוין איצט זיך גלײַך געלאָזט אין דאָרף ארײַן. וולאדימיר האָט געגעבן א סיגנאל, און די מאָטאָרן האָבן ווידער גענומען רוישן.

אין דאָרף האָט מען אָנגעהויבן צעשטעלן די טאנקען אין באהעלטענישן. פאר יעדן טאנק האָט מען געמוזט מאכן צוויי אָקאָפּעס, קעדיי האָבן א מעגלעכקײַט בײַטן די פּאָזיציעס. דאָס איז געווען א שווערע ארבעט. די טאנקיסטן האָבן זיך באגאָסן מיט שווייס.

מיטאמאָל האָט אין די ראדיאָ־טרײַבלעך פון אלע טאנקען זיך דערהערט דעם קאָמאנדירס קאָל: „איך זע דעם קעגנער".

אפן שאָסיי, וואָס פירט צום דאָרף, האָט זיך באוויזן א גרופּע מאָטאָציקליסטן און גלײַך נאָך זיי — צוויי בראָנעוויקעס און א קאָלאָנע מאשינעס מיט דײַטשישע סאָלדאטן. טיכאָנאָוו נעמט אָן א כיישעק גלײַך א קוועטש טאָן אפן פעדאל און אָנהייבן שיסן. נאָר ס'איז ניט געווען קיין קאָמאנדע. פלוצעם הילכט אָפּ א הארמאטן־שאָס. דאָס איז דער געגאַרטער סיגנאל פונעם קאָמאנדירס טאנק. טיכאָנאָוו דריקט אָן דעם פעדאל. איינער פון די בראָנעוויקעס שטעלט זיך אָפ. דורך דער ציל־שפּארונע זעט מען, ווי ער הייבט אָן ברענען. די מאָטאָציקליסטן צעלויפן זיך איבערן פעלד. אויך די איבעריקע פאשיסטן שפּרינגען אראָפּ פון די מאשינעס און פאלן צו צו דער ערד.

צוויי רויטע ראקעטעס פּלאצן אינדערלופטן. דאָס איז א סיגנאל: „אין אטאקע!" די טאנקען קריכן ארויס פון די אָקאָפּעס און לאָזן זיך אפן סוינע. אין א מינוט פּופּצן ארום איז פון דער דײַטשישער מאָטאָריזירטער קאָלאָנע געבליבן נאָר אײַזנברוך. די טאנקען האָבן זיך אומגעקערט אין די באהעלטענישן, טרײַבנדיק פאר זיך א הונדערט געפאנגענע דײַטשן.

עטלעכע מאָל אין מעשעך פון יענעם טאָג האָט דער אָטריאד געביטן די פּאָזיציעס און גראַמירט די אונטערקומענדיקע דײַטשישע קאָלאָנעס. ענדלעך האָט די באוועגונג אפן שאָסיי זיך אָפגעשטעלט.

איבערן דאָרף האָבן זיך באוויזן דײַטשישע אעראָפּלאנען. נאָר צו יענער צײַט זײַנען די טאנקיסטן שוין ווידער געווען אין וואלד און רויִק געקוקט, ווי די דײַטשישע פּילאָטן מיִען זיך, נעבעך, אומזיסט.

ערשט צום סאָף פונעם צווייטן מעסלעס, ווען דער אָטריאד האָט אויסגעבראכט אלע סנאַריאדן און קוילן, האָט ער זיך אומגעקערט אין זײַן פאָלק.

...איך קוק, ווי וולאדימיר באָריסאָוויטש שפּאנט צו דער אײַזנבאן־סטאנציע. איך זע, ווי ער פארשווינדט צווישן די בערעזעס און סאָסנעס, וואָס זײַנען מיר אזוי ליב פון קינדווײַז אָן, און איך טראכט וועגן די שלאכטן, אין וועלכע מיר זײַנען צוזאמען געגאנגען.

...און וועסטו נאָכאמאָל הייסן,<br>
איז ווידער כ'וועל גיין אף דעם וועג...

## טריבונע פון שרײַבער

כאַיִם מעלאַמוד

# א וואָרט וועגן דער פאַרצייכענונג

דו גייסט אַמאָל איבער די ראַשיקע גאַסן פון דער שטאָט, אָדער דו שפּאַנסט אין פעלד און פאַרבײַ דיר גייען דורך מענטשן, מענטשן...

אָט איז פאַרבײַגעגאַנגען א יונגערמאַן מיט א צעשויבערטן קאָפּ. ער שפּאַנט האַסטיק, שטאַרק אויפגערעגט. ער גייט און זעט פאַר זיך ניט די וועלט. וואָס איז מיט אים געשען? וועלכע געדאַנקען האָבן אים געמאַכט אַזוי ערנסט? צי האָט עפּעס געטראָפן אין זײַן פאַמיליע, צי עפּעס אַן אומאָנגענעמלעכקײַט אַף דער אַרבעט? אָדער עפּשער האָט פּלוצלינג א בליץ געטאָן אין קאָפּ א דערפינדערישער אײַנפאַל — אָט דאָ, אין גאַס, האָט ער געפונען דאָס, וואָס ער האָט געזוכט אין מעשעך פון פיל שלאָפלאָזע נעכט?..

איך קוק זיך אײַן אין די פּענעמער פון הונדערטער מענטשן און מיך נעמט אָן א גוואַלדיקער פאַרדראָס, וואָס א סאַך מענטשלעכע לײַדן און פרײַדן שוועבן דורך פאַרבײַ און בלײַבן פאַר דיר א סאָד אַף אייביק.

גוט איז, אויב אַן אומבאַקאַנטער קומט צו דיר אין שטוב אַרײַן אויסריידן דאָס האַרץ. נאָר דאָס טרעפט זייער זעלטן. מערסטנטייל גייסטו צו אים: אין פאַבריק, אין אַנשטאַלט, אין פעלד, אַף דער בויונג. פאַרשטייט זיך, אַז ניט קיין הוילע נײַגעריקײַט יאָגט דיך אַף אַלץ נײַע און נײַע זוכונגען. דער שטורמישער גאַנג פון אונדזער צײַט, די העלדישע טאַטן פון סאָוועטישע מענטשן, דער וווּנדערלעכער איבערפלעכט פון מענטשלעכע גורלאָס, די דראַמאַטישע אָנגעזעטיקטקײַט פונעם טאָגטעגלעכן קאַמף צווישן אַלטן און נײַעם מאַכן יעדן באַריר מיטן טאָגטעגלעכן לעבן ביז גאָר וויכטיק און נייטיק פאַר דעם שרײַבער, גיבן אים א שלאַל פאַקטן, איבער וועלכע מע דאַרף זיך פאַרטראַכטן, וועלכע מע דאַרף אָפּשאַצן, איבערקלײַבן און אָפּקלײַבן, קעדיי באַנעמען די גרויסקײַט פון אונדזער צײַט, אַרײַנדרינגען אינעם כאַראַקטער פון אונדזער מיטצײַטלער, אָפּשאַצן די קאָלאָסאַלע אָנשטרענגונגען פונעם קאָלעקטיוו אינעם אויסקעמפן און פאַרפעסטיקן דעם הויכן מאָראַלישן קאָדעקס פונעם בויער פון קאָמוניזם. און אָפּטמאָל, איבערלייענענדיק דאָס, וואָס איז פאַרצייכנט אין בלאָקנאָט נאָך אַזא באַגעגעניש, קומט אַפן געדאַנק דאָס שאָלעם־אַלייכעמדיקע: — צוליב וואָס ראָמאַנען, אַז דאָס לעבן אַליין איז א ראָמאַן.

ניט לאַנג צוריק בין איך געווען אַפן טשערנאָוויצער זאַוואָד פון לײַכטער מאַשינבויונג. איך האָב געדאַרפט אָנשרײַבן א פאַרצייכענונג וועגן איינער א גרופּע קאָנסטרוקטאָרן. זיי האָבן געשאַפן א נײַע, וווּנדערבאַרע מאַשין, וואָס מאַכט אַן איבערקערעניש אין דער טריקאָטאַזש־אינדוסטריע. די מאַשין איז דעמאָנסטרירט געוואָרן אַפן לײַפּציגער יאַריד, אַף אַן אויסשטעלונג אין בוקאַרעשט און באַקומען א הויכע אָפּשאַצונג. פיל לענדער האָבן באַשטעלט די דאָזיקע מאַשין פאַר זייערע פאַבריקן. בייס מײַן באַגעגעניש מיט די קאָנסטרוקטאָרן האָט זיך מיר קוידעמקאָל געוואָרפן אין די אויגן זייער נאַציִאָנאַלער באַשטאַנד. פינף מענטשן — פינף נאַציִאָנאַליטעטן: א רוס, אַן אוקראַיִנער, א ייִד, אַן אַזערבײַדזשאַנער, א ציגײַנער. איך האָב דערנאָך לאַנג געטראַכט, קעדיי פעסטשטעלן פאַר זיך, וואָס איז דער איקער, דאָס וויכטיקסטע אין מײַן שרײַבערישער טעמע: צי דער שעפערישער פּראָצעס גופע, דאָס שאַפן די נײַע מאַשין, צי אָט די בוילעטע אַנטפּלעקונג פון פעלקער־פרײַנטשאַפט.

די קאָנסטרוקטאָרן האָבן געהאַט א סאַך צו דערציילן וועגן זייערע דיסקוסיעס אַרום דער מאַשין. יעדערער האָט פאָרגעלייגט און הייס פאַרטיידיקט זײַן וואַריִאַנט, דערבײַ אַרויסגעוויזן זײַן טעמפּעראַמענט, און, אַזוי צו זאָגן, נאַציִאָנאַלן כאַראַקטער.

— ווי זשע האָט איר זיך פאָרט צוזאַמענגעאַרבעט? — האָב איך געפרעגט אין שפּאַס.

— פינף פינגער — איין האַנט, — האָט דער אַזערבײַדזשאַנער אָפּגעענטפערט, צונויפּפּרעסנדיק די האַנט אין א פויסט.

דאַרף מען דען אויסטראַכטן געשיכטעס, ווען אונדזער לעבן, אונדזערווירקלעכקײַט איז אַזוי אָנגעזעטיקט מיט וווּנדערבאַרע געשעעניש? און דאָס סאַמע וווּנדערבאַרסטע, דאָס סאַמע מערקווירדיקסטע איז דאָס געבורט פונעם נײַעם מענטשן, פון נײַע קאָמוניסטישע באַציִונגען.

איך וויל דערמיט ניט זאָגן, אז אף יעדן שריט און טריט באגעגענען מיר זיך בלויז מיט פאקטן און געשעענישן, וואָס זײַנען אונדז צום הארצן און רופן ארויס בא אונדז פריידיקע געפילן. איך וויל דאָ בלויז באטאָנען די טענדענץ פון אונדזער צײַט, דאָס, מיט וואָס עס באגעגנט זיך און אין וואָס עס דארף זיך פאנאנדערקלײַבן דער שרײַבער־פארצייכענער.

און פאקטן? זיי זײַנען פארשיידן. דער טשערנאָוויצער אייל־קאָמבינאט האָט א לאנגע צײַט געהאט זייער א שלעכטן שעם. ער איז געווען טרויעריק בארימט מיט שיקרעס און כוליגאנעריי צווישן די ארבעטער, ביז אלס דירעקטאָר איז באשטימט געוואָרן איינע א פרוי — קאמעליא פאוולאָוונא ווענגלאָווסקאיא. א מענטש מיט א גרויס הארץ, מיט א רײַכער לעבנס־דערפארונג, א פרוי, וואָס האָט דורכגעמאכט איינעם פון די ריזיקאלסטע וועגן אין דער פאָטערלענדישער מילכאָמע און איז באלוינט געוואָרן פאר העלדנטאטן מיט אכט אָרדענס.

ס'איז א גאנצע עפּאָפּיי צו דערציילן, וויאזוי די דאָזיקע פרוי האָט מיט דער הילף פון די קאָמוניסטן פונעם קאָמבינאט געענדערט די שטימונג בא די ארבעטער, געגעבן זיי צו פילן, אז זיי אליין זײַנען די באלעבאטים פונעם קאָמבינאט; וויאזוי די ארבעטער האָבן אָנגעהויבן באפרײַען זיך פון שלעכטע זיטן, העלפן איינער דעם אנדערן און וויאזוי דער קאָמבינאט איז אינגיכן געוואָרן איינער פון די פאָרגעשריטנסטע אונטערנעמונגען אין טשערנאָוויץ. די נעכטיקע אָפּגעשטאנענע ארבעטער האָבן גענומען גלייבן אין זיך אליין, אין דער קראפט פון כאווערשאפט, האָבן אָנגעהויבן שאפן בריגאדעס פון קאָמוניסטישער מי.

פארשטייט זיך, אייניקע וועלן אָנמאָלן דעם וועג פונעם קאָמבינאט בארג־ארוף לויט די פּראָצענטן פון אויספילן די פּלענער. אָבער אונטער די ציפערן ליגן דאָך א סאך וויכטיקערע זאכן, א דאנקבארער, פול מיט דראמאטישע קאָליזיעס, מאטעריאל פארן שרײַבער, פארן קינסטלער.

אונדזער טאָגטעגלעך לעבן איז אן אומויסשעפּלעכער קוואל פאר קינסטלערישע פארצייכענונגען. און טאקע אדאנק דער רײַכקײַט פון אונדזער לעבן האָט די סאָוועטישע פארצייכענונג פארנומען א בעקאָוועדיק אָרט אין דער ליטעראטור, זי וואקסט און בליט זיך פאנאנדער פון יאָר צו יאָר, ארויסווײַזנדיק איר גרויסע לעבנסקראפט, אירע קאָלאָסאלע און בעעמעס אומבאגרענעצטע זשאנער־מעגלעכקײַטן.

די סאָוועטישע פארצייכענונג איז געבוירן געוואָרן אף די רישטעוואניעס פון די ערשטע פינפיאָרן, אן אָנגעזעטיקטע מיט דער ראָמאנטיק און העראָיק פונעם קאמף פאר דער אינדוסטריאליזאציע און קאָלעקטיוויזאציע פון אונדזער לאנד. זי האָט געקראָגן א נײַע אנטוויקלונג אין די יאָרן פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע און אָנגענומען נײַע פארבן, באקומען א נײַע, ביז גאָר הויכע קוואליטעט אינעם לעצטן יאָרצענדליק. די פארצייכענונג פארנעמט איצט א גרויס אָרט אין אלע ליטעראריש־קינסטלערישע זשורנאלן און אין אונדזער ביכער־פּראָדוקציע. זי האָט א ברייטן, פילמיליאָניקן לייענער.

די שעפערישע דיסקוסיע, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער סאָוועטישער ליטעראטור מיט א פּאָר יאָר צוריק, האָט מיטגעהאָלפן אָפּרייניקן דעם וועג פאר דער קינסטלערישער פארצייכענונג. זי האָט געענדערט דעם קוק אף דער פארצייכענונג ווי אף א זשאנער פון צווייטן ראנג. מע דארף אָבער זאָגן, אז ס'איז נאָך פאראן אזעלכע ליטעראטאָרן, וואָס קוקן אף אָט דעם זשאנער ווי אף א שטיפקינד אין דער ליטעראטור. זיי האלטן, אז שרײַבן פארצייכענונגען מוזן בלויז יענע שריפטשטעלער, וועלכע זײַנען ניט באשענקט מיט טאלאנט צו שאפן עפּעס גרעסערס.

פארשטייט זיך, אז דאָס איז דורכויס א פאלשער קוק. ווער האָט ניט געלייענט די פרעכטיקע פארצייכענונגען פון אזעלכע בארימטע מײַסטערס פון פּראָזע און פּאָעזיע, ווי טווארדאָווסקי און סימאָנאָוו, ווער וועט אָפּזאָגן אין טאלאנט אזעלכע פּראָפעסיאָנעלע פארצייכענער, ווי מיכײַלאָוו, פּאָלטאָראצקי, וויניטשענקאָ און אנדערע? מײַסטערס פון הויכקינסטלערישע פארצייכענונגען זײַנען פאראן אין אלע ברידערלעכע ליטעראטורן פון אונדזער לאנד. עס גייט דאָ ביכלאל ניט אינעם זשאנער, נאָר אין דער מײַסטערשאפט פון דעם אָדער יענעם אווטאָר.

איז אָט, וועגן מײַסטערשאפט. דאָ מוז קוידעמקאָל אָפּגעוואָרפן ווערן די מיינונג, אז א פארצייכענונג פאָדערט ניט קיין אָנגעשטרענגטע ארבעט און מע קאָן זי אָנשרײַבן אף איין פוס. די פארצייכענונג איז א דערציילונג, וואָס איז געבויט אף לעבעדיק־פרישע פאקטן, געבויט אף דער לעבנס־געשיכטע פון ניט קיין אויסגעטראכטן העלד. דאָס מאכט די ארבעט איבער דער פארצייכענונג פיל שווערער, קאָמפּליצירטער, ווײַל די מעגלעכקײַטן פאר דעם אווטאָרס פאנטאזיע זײַנען גאנץ באגרענעצטע.

עפשער טאקע דערפאר פיל איך זיך באזונדערס אָנגעשטרענגט אפן ערשטן עטאפּ פון דער ארבעט איבער דער פארצייכענונג: אינעם פּראָצעס פונעם זאמלען מאטעריאל, בייס באקענען זיך מיטן העלד פון דער פארצייכענונג, באם ארײַנדרינגען אין די אלע פארשיידענע סיטואציעס, צוזאמענשטויסן, וואָס דארפן שאפן די דראמאטישע קאָליזיע פונעם ווערק. מע דארף דערציילן וועגן מאמאָשעסדיקע טאטן פונעם העלד, איבערגעבן זײַנע געדאנקען, אָפּטמאָל

זײַנע אינטימע איבערלעבונגען, און טאָן דאָס אַזוי, אַז דו זאָלסט דערנאָך זיך ניט שעמען צו קוקן אים אין די אויגן אַרײַן!

און אַלעמאָל באַומרויִקט מיך איין זאַך: צי וועט זיך מיר אײַנגעבן אַרײַנדרינגען אין דער פּסיכאָלאָגיע פונעם העלד, אַרויסרופן אים אַף אַן אָפענעם שמועס, געווינען זײַן צוטרוי, ער זאָל פאַר מיר עפענען דאָס האַרץ, אויסדערציילן דאָס סאַמע פאַרבאָרגנסטע, אינטימסטע. צי וועט זיך מיר אײַנגעבן צווינגען דעם העלד טראַכטן אַף אַ קאָל? דאָס איז עפּשער דער סאַמע אַנטשיידנדיקער מאָמענט אינעם שאַפן די פאַרצייכענונג. טרעפט דאָך אַמאָל, אַז מע באַגעגנט זיך מיט אַ גאַנץ אינטערעסאַנטן מענטשן, נאָר יענער, דערזעענדיק פאַר זיך אַ שרײַבער, הייבט אָן ריידן מיט דער שפּראַך פון אַ לייטאַרטיקל, און דאַן איז אַלץ פאַרפאַלן.

פאַרשטייט זיך, אַז שאַפן אַ הויכקינסטלערישע פאַרצייכענונג נאָך איינעם אַזאַ שמועס איז בײַכלאַל אומעגלעך. אַ גוטע פאַרצייכענונג באַקומט זיך דאַן, ווען מע קען דעם העלד אַ לענגערע צײַט, ווען מע האָט די מעגלעכקײַט צו זען אים אין פאַרשיידענע סיטואַציעס, אין פאַרשיידענע אומשטענדן: אַף דער אַרבעט, אין דער היים, אַף אַ פאַרזאַמלונג, אין גאַס. מע קאָן זיך דאַן ביכלאַל באַגיין אָן אַזאַ ספּעציִעלן שמועס, ווען ביידע צדאָדים פילן זיך אַ ביסל געבונדן.

אַ גרעסערע פאַרצייכענונג קאָן און מוז אַרײַנעמען אַלע קאָמפּאָנענטן פון אַ קינסטלערישן ווערק. דאָ מוז זײַן אָן אָרט סײַ פאַר נאַטור־שילדערונגען, סײַ פאַר פּובליציסטיש־פאַרשאַרפטע אַרויסזאָגונגען. די פאַרצייכענונג גיט אָן אָרט פאַר אינטימער ליריק און פאַר פּסיכאָלאָגישער פאַרטיפערונג אינעם כאַראַקטער פון אונדזער מיטצײַטלער. פאַראַן דאָ אָן אָרט סײַ פאַרן אינערלעכן מאָנאָלאָג און סײַ פאַרן נאַטירלעכן, ווי ווײַט מעגלעך אינדיווידואַליזירטן דיִאַלאָג. די פאַרצייכענונג טראָגט אין זיך די זעלבע געזעצן פון סוזשעט און קאָמפּאָזיציע, ווי יעדעס קינסטלעריש ווערק. דערצו איז דאָ פאַראַן גרויסע מעגלעכקײַטן אַף אַרויסווײַזן דעם „איך“ פונעם אויטאָר, זײַן אייגענע שטעלונג צו די באַהאַנדלטע געשעענישן, זײַן הייסן אינטערעס צו די גויראָלעס פון די העלדן. אַזאַ פאַרצייכענונג קאָן ווערן אַ ווערק ניט אַף אַ טאָג, זי קאָן באַקומען „לאַנגע יאָר“.

און אויב ריידן דערפון, וואָס דאַרף זײַן אין צענטער פון יעדער פאַרצייכענונג, איז עס, פאַרשטייט זיך, דער מענטש. אונדזער מענטש מיט זײַנע הויכע צילן, מיט זײַן הויכן מאָראַלישן קאָדעקס, דער מענטש, וואָס אַנטפּלעקט זיך אין דער שטרעבונג צום פּראָגרעס אַף אַלע געביטן פון אונדזער לעבן, אין זײַן קעגנערשאַפט צום אַלטן, אָפּשטאַרבנדיקן אין דער טעכניק, אינעם שטייגער, אין דער אידעאָלאָגיע, דער מענטש אין זײַן קאַמף פאַרן זיג פון דער קאָמוניסטישער אָרדענונג. ווער געדענקט ניט די ווערטער פון דער פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי וועגן דער גרויסער דערציִערישער ראָליע פון אונדזער ליטעראַטור אין אויסכאָוועון דעם מענטשן פון דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט? איך וועל זיך דערלויבן אונטערשטרײַכן, אַז די דערציִערישע ראָליע פון דער פאַרצייכענונג אַלס סאַמע אָפּעראַטיווסטער זשאַנער איז באַזונדערס גרויס.

מיך גופע, אין יעדער פאַרצייכענונג, איבער וועלכער איך אַרבעט, אינטערעסירט קוידעמקאָל דער מענטש. און איך האָב ניט מוירע איבערצוטרעטן יענע גרענעצן פון פּסיכאָלאָגישן אַנאַליז, וואָס אייניקע האָבן אָפּגעצאַמט פאַרן פאַרצייכענונג־שרײַבער. אָן אים, אָן דעם מענטשן איז די פאַרצייכענונג אַ „טויטע פּלאַנעטע“.

אָפטמאָל פּרוּוו איך זיך אַרײַנטראַכטן אין די נאָענטסטע יאָרן פון דעם קומענדיקן גרויסן צוואַנציקיאָר. איך זע פאַר זיך נײַע גרויסע העלדנטאַטן פון אונדזער פאָלק. ווער וועט איצט זאָגן, אַז דאָס, וואָס מיר האָבן פאַרטראַכט, איז פאַנטאַזיע? יעדער נײַער וווּנדער איז דאָך פּינקטלעך אויסגערעכנט און אָנגערופן אין דער היסטאָרישער פּראָגראַם. דער שעפער פון די אַלע וווּנדער איז און וועט זײַן דער סאָוועטישער מענטש, אונדזער העלדיש פאָלק. ס'אַרא פאַרכאַפּנדיקע ווערק וועלן געשאַפן ווערן וועגן אָט דעם רומפולן צוואַנציקיאָר! דערציילונגען און ראָמאַנען, פּאָעמעס און לידער. און אין אַוואַנגאַרד פון די ליטעראַרישע זשאַנרען וועט, ווי פריִער, גיין די פאַרצייכענונג, — דער סאַמע דרייסטער אויסשפּירער פון נײַע טעמעס. און ס'איז זייער וויכטיק, אַז יעדער שרײַבער, צו וועלכן צעך ער זאָל ניט געהערן, זאָל זײַן אויך אַ פאַרצייכענער.

עס ווילט זיך צום סאָף זאָגן נאָך אַ פּאָר ווערטער וועגן די פאַרשיידענע קאַטעגאָריעס מענטשן, וואָס ציִען צו די אויפמערקזאַמקײַט פונעם שרײַבער־פאַרצייכענער. אָפטמאָל נעמען מיר זיך שרײַבן וועגן אַ מענטשן, ווען ער ווערט שוין באַוווּסט: מע באַלוינט אים מיט אַן אָרדן, ער באַקומט דעם טיטל העלד פון סאָציִאַליסטישער מי. נו, און די אומבאַוווּסטע? די געוויינלעכע אַרבעטער און קאָלווירטניקעס? ס'אַרא אינטערעסאַנטן לעבנס־מאַטעריאַל זיי טראָגן אין זיך! און זיי אַלע זײַנען דאָך — דאָס פאָלק.

אינעם גראַנדיִעזן מאַרש פאַר קאָמוניזם האָט יעדערער זײַן אָרט, יעדערער האָט וואָס צו טאָן און וואָס צו זאָגן. און זאָל וועגן יעדערן עפּעס געזאָגט און געשריבן ווערן אין אונדזערע ווערק, אין אונדזער קינסטלערישער פאַרצייכענונג.

# מאקסים גאָרקי און די ייִדישע ליטעראַטור

(לויט ניט פאַרעפנטלעכטע און ווייניק באַוווּסטע ארכיוו־מאַטעריאַלן)

## גאָרקי און פּערעץ

אין דער געגנטלעכער ביבליאָטעק פון דער שטאָט גאָרקי געפינען זיך ניט ווייניק ביכער, וועלכע אַלעקסיי מאַקסימאָוויטש האָט געגעבן אַלס מאַטאָנע פאַר די לייע־נער פון זײַן היימשטאָט. צווישן די דאָזיקע ביכער זײַנען פאַראַן אויך אַזעלכע, וואָס האָבן אַ שײַכות צו דער ייִדי־שער ליטעראַטור: אַ זאַמלונג לידער אַף ייִדישע טעמעס, אַ וויסנשאַפטלעכע אויספאָרשונג וועגן דער שווערער עקאָ־נאָמישער לאַגע פון די אָדעסער ייִדן, אַ בוך וועגן יעהודע האַלייווי, צוויי בענדער פּערעצעס ווערק, שאָלעם אַשס אַ בוך דערציילונגען [1].

דער אינטערעס פונעם יונגן גאָרקי צו דער ייִדישער ליטעראַטור איז געווען ניט קיין צופעליקער.

אין 1899 איז אַלעקסיי מאַקסימאָוויטש (צוזאַמען מיטן מאַרקסיסט א. וו. יאַראָוויצקי) געוואָרן דער אידייִשער אָנפירער פון דער צײַטונג „ניזשעגאָראָדסקי ליסטאָק". ביז גאָרקין איז דאָס געווען אַ געוויינלעכע ליבעראַלע צײַטונג און אַ קנאַפּ פּאָפּולערע. גאָרקי האָט אַרײַנגע־בראַכט אין איר אַ קעמפערישן רעוואָלוציאָנערן גײַסט.

דורך דער צײַטונג „ניזשעגאָראָדסקי ליסטאָק" איז פאָרגעקומען גאָרקיס ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט דער ייִדישער ליטעראַטור. וועגן דעם דערציילן מענטשן, וועל־כע זײַנען אין יענער צײַט געווען נאָענט באַקאַנט מיט אַלעקסיי מאַקסימאָוויטשן. די פרוי פונעם אַרויסגעבער פון „ניזשגאָראָדסקי ליסטאָק" א. ד. גרינעוויצקאַיאַ שרײַבט אין אירע ניט פאַרעפנטלעכטע מעמואַרן וועגן גאָרקין:

„איינמאָל האָט ער (גאָרקי. — א. ר.) געבראַכט גרי־נעוויצקין פאַרן „ניזשעגאָראָדסקי ליסטאָק" דערציילונ־גען, איבערגעזעצטע פון ייִדיש דורכן סטודענט ל. קו־נין. ווען די איבערזעצונגען זײַנען אָפּגעדרוקט געוואָרן אינעם „ליסטאָק", האָט גאָרקי זיך דערפרייט און אומ־באַדינגט געוואָלט אַרויסגעבן זיי אין אַ באַזונדער זאַמל־בוך.

— צום ערשטן מאָל טרעף איך זיך מיט דער ייִדי־שער ליטעראַטור, — האָט געזאָגט גאָרקי, — אָך, די פאַרשאָלטענע רעגירונג... דער טכום — דאָס איז אַ שאַנדפלעק, וואָס מע קאָן אים ניט אָפּוואַשן, און די ייִדישע פּאָגראָמען — אַ שרעק וועגן זיי צו טראַכטן..." [1]

אָט וואָס מיר לייענען אין ל. קונינס דערינערונגען:

„צום ערשטן מאָל האָב איך באַזוכט אַלעקסיי מאַקסי־מאָוויטשן אין דער היים אין צוזאַמענהאַנג מיטן אַרויס־געבן אין רוסיש אַ זאַמלבוך פון דער ייִדישער קינסטלע־רישער ליטעראַטור... די דערציילונגען האָבן בײַ אים אַרויסגערופן אַזאַ אינטערעס, אַז פון דעמלט אָן פלעגט ער די מאַנוסקריפּטן פון דעם מין, וועלכע פלעגן אָנקו־מען אין רעדאַקציע, פּערזענלעך נעמען צום לייענען (אַלס מיטגליד פון רעדאַקציע) און „דורכשטופּן" זיי אין דרוק. מיט אַנטציקונג האָט ער זיך אָפּגערופן וועגן שאָלעם־אַליכעמס דערציילונג „כאַנעקע־געלט", אָפּשאַצנדיק ווי געהעריק איר וווּנדערלעכן הומאָר. שטאַרק געפעלן גע־וואָרן זײַנען אים אויך פּערעצעס דערציילונגען" [2].

וועלכע דערציילונגען פּערעצעס האָט אַלעקסיי מאַקסי־מאָוויטש געלייענט, באַוויליקט און געזאָרגט זיך וועגן דעם, מע זאָל זיי דרוקן אין „ניזשעגאָראָדסקי ליסטאָק"?

אין 1901 איז אָפּגעמערקט געוואָרן י.־ל. פּערעצעס טאָפּעלער יובילײַ: 25 יאָר ליטעראַרישע טעטיקײַט און 50־טער געבורטסטאָג. אין דער צווייטער העלפט פון אָט דעם יאָר האָבן זײַנע דערציילונגען זיך געדרוקט אין „ניזשעגאָראָדסקי ליסטאָק" קימאַט יעדן כוידעש. דעם 12 יול איז אין דער צײַטונג אָפּגעדרוקט געוואָרן די דער־

---

[1] פּראָפ. ד. א. באַליקאַ. א. מ. גאָרקיס פּערזענ־לעכע ביבליאָטעק פון די ניזשעגאָראָדער יאָרן. גאָרקי, 1948, ז. 47 און 52.

[1] פונעם גאָרקי־אַרכיוו באַם אינסטיטוט פון וועלט־ליטעראַטור אַף זײַן נאָמען.

[2] זע דאָס זאַמלבוך „מ. גאָרקי אין זײַן היימשטאָט", צונויפגעשטעלט פון א. יעליסייעוו. גאָרקי, 1937, ז. 222.

ציילונג „אין קעלער־שטוב“; דעם 6 אווגוסט — „באַנציע שווייַג“; אין סענטיאבער (דעם 4־טן און 21־סטן) — די דערציילונג „באם פאקיר“, די מיניאטורן „האלט ס׳מויל“, „וועלכע“, „ביימער“, „די לעזערן“; אין אָקטיאבער (דעם 9־טן און 13־טן) — די דערציילונגען „נעס כאנעקע“ און „די אלמאָנע“; ענדלעך, אין דעקאבער — „א קלעזמער־טויט“.

אינטערעסאנט צו פארצייכענען, אז צווישן י.־ל. פּערעצעס דערציילונגען, וואָס זייַנען געדרוקט געוואָרן אין „ניזשעגאָראָדסקי ליסטאָק“, טרעפן מיר גראָד די, וואָס זייַנען א באווייַז, ווי טיף דער שרייַבער פארשטייט דעם ארבעטס־מענטשן, ווי גרויס עס איז זייַן שטרעבונג אריינ־צודרינגען אין די געדיכטענישן פון די פאָלקסמאסן.

מיר האָבן ניט קיין ידיעות וועגן דער פערזענלעכער באקאנטשאפט צווישן גאָרקין און פערעצן. עס איז פאַראן אן אָנווייַזונג, אז גאָרקי האָט געהאלטן אזא באקאנט־שאפט פאר געוווּנטשן, אלעקסיי מאקסימאָוויטש האָט געוואָלט קענען פערעצן אויך אלס מענטש. מיר מיינען דאָ די אָנווייַזונג, וואָס געפינט זיך אין ל. מ. קונינס דערינע־רונגען. דער איבערזעצער פון פערעצעס דערציילונגען שרייַבט:

„לויט דער ספּעציעלער ביטע פון א. מ., האָב איך אים אמאָל געבראכט פערעצעס פּאָרטרעט. ער האָט לאנג געקוקט אפן בילד און געפרעגט:

— פארוואָס זאָל ער ניט קומען צו פאָרן אהער?

אף אזא, דוכט זיך, זייער נאטירלעכער פראגע — סאקע, פארוואָס זאָל דער שרייַבער פערעץ ניט קומען צו פאָרן צום שרייַבער גאָרקי? — איז אויסגעקומען צו געבן ניט קיין גאָר „נאטירלעכן“ ענטפער:

— פערעץ קאָן אהער ניט קומען.

— וואָס הייסט, ער קאָן ניט? פארוואָס?

— ער האָט ניט קיין ווינרעכט אויסער דעם ייִדישן טכום.

גאָרקי האָט א ווייַלע געשוויגן. און דערנאָך שטיל, נאָר דייַטלעך ארויסגערעדט: סוואָ־לאָ־טשי!“ [1].

אינעם זעלבן יאָר 1901 איז מ. גאָרקי צוגעטראָטן צום ארויסגעבן אין דער רוסישער איבערזעצונג א זאמלבוך פון ייִדישער ליטעראטור. וולאדימיר פּעטראָוויטש פּאָטיאָמקין [2], דער רעדאקטאָר פון דער אויסגאבע, האָט דעם 20 דעקאבער 1901 געשריבן צו גאָרקין: „איך האָב באקומען נאָך א וווּנדערלעכע דערציילונג פּערעצעס — „דאָס שטרייַמל“... אין איר פילט זיך דער פּראָטעסט פונעם פארנונפט, פון דער פרייַהייַט און נאטור קעגן דעם פאָרמאליזם און די דערדריקנדיקע באדינגלעכקייַטן פונעם לעבן. אייַך וועט די דאָזיקע דערציילונג זייער געפעלן ווערן“.

א. רובינשטיין.

---

[1] זע די זאמלונג „מ. גאָרקי אין זייַן היימשטאָט“, ז. 223.

[2] אין די סאָוועטישע יאָרן געווען באקאנט אלס אקאַדעמיקער, פאָלקס־קאָמיסאר פאר בילדונג פון רספסר.

---

# גאָרקי און דאָס ייִדישע זאמלבוך



עם 17 אפּרעל 1901 האָט מען גאָרקין ארעסטירט און אייַנגעזעצט אין ניזשעגאָראָדער טפיסע. מע האָט אים באשולדיקט אין דרוקן אף א מימעאָגראף פּראָקלאַמאציעס צו די סאָרמאָווער ארבעטער. דאָ, אין טפיסע, איז בא אים געבוירן געוואָרן דער געדאנק ארויסצוגעבן אין א רוסישער איבערזעצונג א ריי ליטעראריש־קינסט־לערישע זאמלביכער, אין וועלכע עס זאָלן ארייַנגיין די בעסטע ווערק פון די פעלקער פון רוסלאנד. גאָרקי האָט געהאלטן, אז אזעלכע זאמלביכער וועלן מיטהעלפן דער ברידערלעכער דערנעענטערונג צווישן די דאָזיקע פעלקער, דעם קאמף קעגן גרויסרוסישן שאָוויניזם.

ער האָט אָנגעמערקט ארויסצוגעבן אין דער ערשטער ריי זאמלביכער פון דער ארמענישער, גרוזינישער און ייִדישער ליטעראטור.

אין א שמועס מיטן שרייַבער פון אָט די שורעס (ווינטער 1935) האָט ק. פּ. פּיאטניצקי דערציילט, אז „גאָרקי האָט זיך ארומגעטראָגן מיט זייַנע פּלענער“ וועגן די נאציאָנאלע זאמלביכער און האָט געוואָלט וואָס גיכער פארווירקלעכן זיי. העיויס אים איז געווען פארבאָטן ארויסצופאָרן פון ניזשני, האָט ער גערופן פּיאטניצקין צו זיך. אין יוני 1901 איז פּיאטניצקי געקומען קיין ניזשני און פארבראכט בא גאָרקין צען טעג.

פּיאטניצקי האָט אָנגעוויזן גאָרקין, אז אפילע מיט די רוסישע זאמלביכער, וועלכע עס קלייַבט זיך ארויסגעבן דער פארלאג „זנאניע“, וועלן זייַן גענוג שוועריקייַטן. מיט די נאציאָנאלע זאמלביכער איז די לאגע נאָך קאָמפּליצירטער, ווייַל דאָ איז פאראן א צוגאָבלעכע שטערונג — די פארלעגער קענען ניט די שפּראכן. מע דאַרף, לעמאָשל, לאנג זוכן ספּעציאַליסטן, וועמען מע זאָל קאָנען אָנטרויען די ארבעט פון ארויסגעבן די זאמלביכער פון דער גרוזינישער און ארמענישער ליטעראטור.

גאָרקין איז שווער געווען אָפּצוזאָגן זיך פון זייַנע פּלענער. נאָך לאנגע שטרייַטן האָט ער, ענדלעך, געזאָגט: „מיט אלע זאמלביכער וועלן מיר צוווארטן, אָבער דאָס ייִדישע לאָמיר ארויסגעבן וואָס גיכער. איך וועל עס מאכן אף אייגענער אכרייַעס“. פּיאטניצקי האָט אויך דערויף דערווידערט: „דאָס איז א ווילער איניען, אלעקסיי מאקסימאָוויטש, איך האָב אָבער מוירע, אז עס וועט זיך פאָרט ניט אייַנגעבן“. גאָרקי האָט אנטשיידן געענטפערט: „און איך וועל פונדעסטוועגן פּרוּוון“.

ניט האָפנדיק מער אף פּיאטניצקין, וועלכער האָט גענומען אף זיך בלויז די מאטעריעלע זאָרג, האָט גאָרקי אָנגעהויבן זוכן אנדערע מיטארבעטער.

מיט כיישעק האָבן אָנגענומען דעם שרייַבערס פאָרשלאָג וועגן מיטארבעט די מאָסקווער זשורנאליסטן אָניסים באָריסאָוויטש גאָלדאָווסקי און וולאדימיר פּעטראָוויטש פּאָטיאָמקין, וועלכע האָבן נאָרוואָס ארויסגעגעבן מיט פילאנטראָפּישע צוועקן א ליטעראריש־קינסטלערישן זאמלבוך „הילף די ייִדן, וואָס האָבן געליטן פון דער אומגערעטעניש“ (פּעטערבורג, 1901). אינעם זאמלבוך האָט

אַנטייל גענומען אויך גאָרקי מיט זײַן דערציילונג „דער פּאָגראָם“ [1].

גאָלדאָווסקי און פּאָטיאָמקין האָבן גענומען אַף זיך די רעדאַקציע פונעם נײַעם ייִדישן זאַמלבוך. אין אים האָבן באַדאַרפט אַרײַן די בעסטע שאַפונגען פון די שרײַבער גאָרדאָן, פּערעץ, פרוג, מ. ראָזענפעלד, ביאַליק, שאָלעם־אליכעם אאַ. מ. גאָרקי האָט צוגעזאָגט אָנשרײַבן א פאָרוואָרט, ווו עס וועלן דערקלערט ווערן די אופגאַבן פון דער דאָזיקער אויסגאַבע.

אין א בריוו פון ניזשני נאָווגאָראָד (בעערעך דעם 14 אָקטיאַבער 1901) צו וו. א. פּאָסע האָט גאָרקי מיט באַגײַסטערונג דערציילט וועגן זײַן פּלאַן: „איך גיב אַרויס א זאַמלבוך „דערציילונגען פון ייִדישע בעלעטריסטן“. דאָס וועט זײַן א אינטערעסאַנטע זאַך“ [2].

דעם 13 נאָיאַבער האָט גאָלדאָווסקי געשריבן גאָרקין: „ס'אַרא שאָד, וואָס איר האָט ניט געקאָנט קומען קיין מאָסקווע! מיר האָבן בעדייע געהאַט א שמועס טאָן וועגן דעם זאַמלבוך“. און ווײַטער ווערט אינעם בריוו אָנגעוויזן, אַז די אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן: „די וואָך וועט מיסטאַמע ענדגילטיק קלאָר ווערן דער נאָמען פונעם זאַמלבוך. אייניקע איבערזעצונגען האָבן מיר שוין אָפּגעקליבן... אינגיכן וועלן מיר אײַך צושיקן אַף דורכקאָנטראָלירן אַלץ, וואָס מיר האָבן באַוויליקט. א קלענערע פאַרצייכענונג וועגן דער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור וועט אָנשרײַבן דער קענער פון אָט דעם וועזן פּ. ס. מאַרעק [3]. און צוזאַמען מיט אײַער פאָרוואָרט וועט דאָס בוך אָן שום ספק האָבן דערפאָלג“.

אינעם זעלבן בריוו האָט גאָלדאָווסקי הייס רעקאָמענדירט שאָלעם־אליכעמען אַלס ווערטפולן מיטאַרבעטער, וועמען מע מוז צוציִען צום אָנטייל אין אָרגאַניזירן דאָס זאַמלבוך:

„דער באַקאַנטער זשאַרגאָנישער בעלעטריסט שאָלעם־אליכעם (סאָלאָמאָן נאַומאָוויטש ראַבינאָוויטש — קיִעוו, באָלשאַיא וואַסילקאָווסקאַיא, 5), וואָס האָט אײַך געווידמעט איינע פון זײַנע לעצטע דערציילונגען, האָט זייער כיישעק צו באַקענען זיך מיט אײַך. צי וועט איר ניט אָנשרײַבן אים אײַער אַדרעס? ער בעט שוין לאַנג וועגן דעם. אייניקע פון זײַנע דערציילונגען זײַנען זייער פּאַסיק פאַרן זאַמלבוך, און ביכלאַל איז ער דער בעסטער קענער פון דער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור און דער בעסטער איבערזעצער. אויב איר וועט אים אָנשרײַבן, וועט ער ווערן אונדזער בעסטער מיטאַרבעטער. ביטע“ [4].

גאָלדאָווסקי האָט צוגעשיקט אויך שאָלעם־אליכעמס א בריוו. אין אים האָט שאָלעם־אליכעם, א באַגײַסטערטער פון דער אידיי וועגן דער אויסגאַבע, פאָרגעלייגט גאָלדאָווסקין פאַרן זאַמלבוך א ריי ווערק פון ייִדישע שרײַבער. אין דער בײַגעלייגטער רעשימע האָט ער וועגן יעדן ווערק אָנגעשריבן א קורצע כאַראַקטעריסטיק.

דעם 17 נאָיאַבער רופט שוין וו. פּ. פּאָטיאָמקין אָן שאָלעם־אליכעמען אַלס איינעם פון זײַנע בעסטע מיטאַרבעטער און טיילט מיט גאָרקין, וועלכע ווערק עס זײַנען פאַרפּלאַנירט פאַרן זאַמלבוך:

„פון די ענדגילטיק אָפּגעקליבענע ווערק קאָן איך אָנרופן: „כאַנעקע־געלט“ (ראַבינאָוויטשעס), „צווישן צוויי בערג“, „די פרומע קאַץ“, „אין קעלער־שטוב“ (פּערעצעס)... עס איז אָנגעמערקט אַבראַמאָוויטשעס א גרויס ווערק — „פישקע דער קרומער“, מע קאָן עס באַם איבערזעצן קירצן. נעכטן האָב איך באַקומען א רעשימע פון די מוסטערהאַפטע ווערק פון דער ייִדישער בעלעטריסטיק, צונויפגעשטעלט דורך ראַבינאָוויטשן (שאָלעם־אליכעמען, אַווטאָר פון „כאַנעקע־געלט“). זײַנע זאַכן זאָגט ער צו איבערזעצן אַליין. מע דאַרף ברייטער זיך באַנוצן מיט זײַן הילף“.

גאָרקי האָט אויסגעפילט גאָלדאָווסקיס ביטע און פּאָטיאָמקינס אייצע. „איך בעט אײַך נעמען אָן אָנטייל אינעם זאַמלבוך, — שרײַבט ער שאָלעם־אליכעמען. — די פאָרם פונעם אָנטייל און די באַלוינונג פאַר דער מי וועט איר זײַן אַזוי גוט אַליין באַשטימען“. ער האָט אויך אָנגעוויזן אַפן פילאַנטראָפּישן ציל פונעם זאַמלבוך. „די האַכנאָסע פון דער אויסגאַבע, — אויב ס'וועט זײַן האַכנאָסע, — וועט גיין לעטויוועס די ייִדן פון די מײַרעוו־גובערניעס“ [1].

מיט לידער איז די לאַגע געווען שווערער איידער מיט בעלעטריסטיק. אין איינעם פון זײַנע בריוו צו אַלעקסיי מאַקסימאָוויטשן שרײַבט פּאָטיאָמקין:

„וועגן קריגן די לידער פון ביאַליקן, פרוגן, מינסקין זאָרג איך זיך, נאָר דערווײַל אָן דערפאָלג. איך צווייפל אָבער ניט, אַז אויב מירן פאָרלייגן א גוטע באַלוינונג פרוגן און טרעפן זיך מיט מינסקין, מעגן מיר זיכער אויסרעכענען אַף אויסגעצייכנטע לידער פאַרן זאַמלבוך“.

טרעפן זיך מיט מינסקין האָט וו. פּ. פּאָטיאָמקינען זיך ניט אײַנגעגעבן. דעם 9 מאַרט 1902 האָט ער צוגעשיקט דעם דיכטער א בריוו, אין וועלכן ער בעט אים נעמען אָן אָנטייל אינעם זאַמלבוך אַלס איבערזעצער: „ווען איר זעצט איבער אין רוסיש מיט אײַער טאַלאַנט עטלעכע לידער פון ייִדישע דיכטער, וואָלט איר געבראַכט גרויס הילף דער אויסגאַבע און וואָלט פאַרדינט טיפע דאַנקבאַרקײַט מיצאַד די צונויפשטעלער פונעם זאַמלבוך, וועמעס הומאַניטאַרער ציל רעדט אַליין פאַר זיך“. וועגן די באַדינגונגען פון דער אַרבעט טיילט מיט פּאָטיאָמקין, אַז „ניט געקוקט אַף דעם פילאַנטראָפּישן ציל פון דער אויסגאַבע, וועט די אַרבעט פון די אַווטאָרן און איבערזעצער באַלוינס ווערן העכער פון די אײַנגעשטעלטע נאָרמעס“ [2].

גאָרקי האָט ניט געקאַרגט קיין געלט אַף צו באַצאָלן

---

[1] אויסער גאָרקין, האָבן אין דעם זאַמלבוך זיך באַטייליקט ע. זאָליאַ, וו. ג. קאָראָלענקאָ, וו. וו. ווערעסײַעוו, ק. א. טימיריאַזעוו, אי. מ. סעטשענאָוו אאַ., אויך די קינסטלער אי. יע. רעפּין, אי. אי. לעוויטאַן, וו. ד. פּאָלענאָוו, וו. א. סעראָוו אאַ.

[2] מ. גאָרקי, געזאַמלטע ווערק, ב. 28, ז. 183.

[3] פּיאָטער סעמיאָנאָוויטש מאַרעק — א מיטאַרבעטער פונעם זשורנאַל „וואָסכאָד“ און פון דער ייִדישער ענציקלאָפּעדיע.

[4] אָ. ב. גאָלדאָווסקיס בריוו צו גאָרקין (ווי די ווײַטער ציטירטע בריוו פון וו. פּ. פּאָטיאָמקין און פונעם קינסטלער ליליען) ווערן געהיט אין א. מ. גאָרקיס אַרכיוו באַם מאָסקווער אינסטיטוט פון וועלט־ליטעראַטור אַף זײַן נאָמען.

[1] א בריוו פון דער צווייטער העלפט דעקאַבער 1901 פון אָלעיִז (מ. גאָרקי, געזאַמלטע ווערק, ב. 28, ז. 209).

[2] פּאָטיאָמקינס בריוו צו מינסקין ווערט געהיט אינעם אַרכיוו פון ז. א. ווענגעראָווא און נ. מ. מינסקי אינעם מאַנוסקריפּטן־אָפּטייל פונעם אינסטיטוט פון רוסישער ליטעראַטור (פּושקין־הויז) באַ דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון פססר.

פאר דער מי פון די מיטארבעטער. ווען פיאטניצקי, וואָס האָט ארויסגעשיקט געלט אף הויצאָעס באַם גרייטן דאָס זאמלבוך, האָט אים אָנגעוויזן אף די קאָלאָסאלע אויסגאבן, וועלכע קאָנען ניט געדעקט ווערן אויך, האָט גאָרקי, ווי פיאטניצקי דערציילט, רויִק געענטפערט: „נו, מיילע, אויב דאָס געלט וועט גיין פארלאָרן, איז ניט קיין אומגליק".

גאָרקי האָט געהאלטן פאר זייער וויכטיק אויך די אויסערלעכע אויספורעמונג פונעם בוך, וואָס איז אָנגעטרויט געוואָרן דעם טאלאנטפולן ייִדישן קינסטלער עפראַיִם־מוישע ליליען.

אין גאָרקיס בריוו צו פיאטניצקין פון יענער צײַט טרעפן מיר א ריי מאטעריאלן וועגן דער ארבעט איבער דעם ייִדישן זאמלבוך.

אינעם בריוו פון אָלעיִז (19—24 נאָיאבער 1901) לייענען מיר: „נו, די ארבעט פון ארויסגעבן די דערציילונגען פון ייִדישע בעלעטריסטן גייט אף א דערעך, זי האָט זיך שטארק א רוק געטאָן פאָרויס. נאָר אָט וואָס: די איבערזעצער, איליוסטראטאָרן און אוטאָרן אינטערעסירן זיך מיט דער פראגע וועגן באלוינונג, און דאָס איז גראָד איינע פון יענע פראגן, וועלכע ניט איך בין בארופן צו לייזן. עפשער וועט איר מאסקים זײַן, מײַן טײַערער, אדורכשמועסן זיך מיט וו. פּ. פּאָטיאָמקינען, דעם רעדאקטאָר פונעם זאמלבוך? אויב יאָ, וועל איך אים צושיקן צו אײַך. אָט ווען עס לאָזט זיך פילן, דער רועך זאָל עס נעמען, דער לעפישער פארבאָט ארײַנצופאָרן קיין מאָסקווע! ווען איך בין דאָרט, וואָלט איך בא פּאָטיאָמקינען אלץ קלאָר געמאכט... עס איז זייער מעגלעך, אז אָט דאָס זאמלבוך וועט זײַן דאָס שענסטע שטיקל ארבעט מײַנע, אויב נאָר איך וועל ניט פארזינקען אין די טעכנישע פּראָטים, פאר וועלכע איך האָב מוירע. די גרייס פונעם זאמלבוך דארף, מיין איך, זײַן ניט ווייניקער פון 25 בויגן און זײַן פרײַז, האלט איך, ניט העכער פון 1 ר. 50 ק. גוט פּאפּיר, א קינסטלערישע הילע"[1].

אינעם בריוו פון 13 יאנוואר 1902 שרײַבט גאָרקי: „די ארבעט איבערן ייִדישן זאמלבוך רוקט זיך פאָרויס. איך האָב באקומען א בריוו פון ראבינאָוויטשן — פונעם שטערן פון דער הײַנטצײַטיקער ליטעראטור אף זשארגאָן. ער נעמט זיך אונטער רעדאגירן דאָס זאמלבוך צו 20 רובל א בויגן און פאר זײַנע דערציילונגען וועט ער נעמען צו 40 רובל. דאָס איז זייער פײַן. פּאָטיאָמקין האָט אָנגעהויבן אונטערהאנדלונגען מיטן קינסטלער ליליען — אן אָריגינעלער קונסט־מײַסטער. 12 בויגן דערציילונגען זײַנען שוין פאראן"[2].

גאָרקי טרוימט וועגן פארברייטערן זײַנע פלענער. „נאָך דעם ייִדישן זאמלבוך, — שרײַבט ער פיאטניצקין, — דארף מען ארויסלאָזן א פינישן. איך שרײַב זיך שוין וועגן דעם דורך, א גרוזינישן און ארמענישן אויך"[1].

אין יאנוואר 1902 איז פּאָטיאָמקין געפאָרן קיין פּעטערבורג, ווו ער האָט זיך ענדגילטיק צונויפגערעדט מיט פיאטניצקין וועגן דער מאטעריִעלער זײַט פון דער אויסגאבע, וועגן דעם טיראזש (עס איז באשלאָסן געוואָרן דרוקן 6000 עקזעמפּליארן) און וועגן דער אויסערלעכער אויספורעמונג. קעדיי פאנאנדערארבעטן די דעטאלן פון דער אויספורעמונג, האָט מען אײַנגעלאדן ליליִענען צו קומען קיין רוסלאנד.

אלזאָ, אלץ איז געגאנגען קעשורע, דאָס ייִדישע זאמלבוך איז שוין געווען קימאט צוגעגרייט צום דרוק. אן אינפאָרמאציע וועגן אים האָט זיך באוויזן אף די שפאלטן פון אויסלענדישע צײַטונגען[2], און דאָך איז אים ניט באשערט געווען צו דערזען די ליכטיקע שײַן.

פארוואָס האָט גאָרקי זיך אָפּגעזאָגט ארויסצוגעבן דאָס בוך, וואָס איז געווען זײַן טרוים און האָט אים געקאָסט אזויפיל טירחע?

ק. פּ. פיאטניצקי האָט עס דערקלערט אף אזא אויפן. אין יענע יאָרן האָט גאָרקי זעלבסט שוואך געקענט די ייִדישע ליטעראטור און דעריבער האָט ער ניט געקאָנט נעמען א דירעקטן אָנטייל אינעם אָפּקלײַבן מאטעריאל. די פילצאָליקע מיטארבעטער פונעם זאמלבוך האָבן אָפּגעקליבן מאטעריאל יעדערער לויט זײַן גוסט און לויט זײַן אײַנזען. דער אינהאלט פונעם זאמלבוך איז געוואָרן זייער פארשיידנארטיק, זײַן אידייִשע צילגעווענדטקײַט איז פארלאָרן געגאנגען, די האָפענונגען, וועלכע גאָרקי האָט אף אים געלייגט, האָבן זיך ניט באַרעכטיקט. כוץ דעם, איז אויך די קוואליטעט פון די איבערזעצונגען ניט שטענדיק געווען אף דער געהעריקער הייך.

די דאָזיקע דערקלערונג פיאטניצקיס ווערט באשטעטיקט דורך אלעקסיי מאקסימאָוויטשעס בריוו צו אים פון ניזשני נאָווגאָראָד, דעם 26—27 דעקאבער 1902.

דאָס ייִדישע זאמלבוך איז טאקע ניט דערשינען. נאָר פאר זײַנע אקטיוווסטע מיטארבעטער איז די ארבעט ניט געגאנגען לעיִבעד. פון יענער צײַט אָן האָט בא שאָלעם־אליכעמען, לעמאָשל, זיך אָנגעהויבן א קאָרעספּאָנדענץ און אין נאָיאבער 1904 איז פאָרגעקומען אויך זײַן פּערזענלעכע באקאנטשאפט מיט דעם געניִאלן רוסישן שרײַבער.

א. מיכײַלאָווא.

---

[1] א. מ. גאָרקי. בריוו צו ק. פּ. פיאטניצקין, ז. 52—53.

[2] דאָרט, ז. 69.

[1] א בריוו פון 31 יאנוואר — 1 פעווראל 1902. דאָרט, ז. 76.

[2] אין ווינער *„Die Zeit"* פון 28 יאנוואר 1903 און אין *„Neue Badische Landeszeitung"* פון 1 פעווראל פונעם זעלבן יאָר.

## גאָרקי און שאָלעם אש


אקסים גאָרקיס באקאנטשאפט מיט שאָלעם אשן איז פאָרגעקומען א סאך פריִער איידער זייער פערזענלעכע באגעגעניש. אָנהייב 1907 האָט אלעקסיי מאקסימאָוויטש איבערגעלייענט אין מאנוסקריפּט אשס פּיעסע „דער גאָט פון נעקאָמע". די איבערזעצונג איז געווען זייער א שוואכע, און גאָרקי האָט עס גוט געזען (ער האָט די איבערזעצונג אָנגערופן „עקלהאפטע" און האָט דורך לאדיזשניקאָוון געייצעס דעם אווטאָר, ער זאָל זי שיקן פאריכטן עמעצן פון די ייִדישע ליטעראטן, וועלכע קענען גוט רוסיש). די שלעכטע איבערזעצונג האָט אָבער ניט געשטערט גאָרקין הויך אָפּצושאצן דעם ווערט פון דער פּיעסע. „אשס דראמע, — האָט ער געשריבן לאדיזשניקאָוון אין פעווראל 1907, — איז לויט איר פאבול א שטארקע זאך... ער איז, ווײַזט אויס, א טאלאנטפולער מענטש, אָט דער אש..."[1].

---

[1] גאָרקי־ארכיוו, ב. VII, מ., 1959, זז. 40 און 156.

סאַף דעקאַבער 1907 איז שאָלעם אש געקומען צו פאָרן אפן אינדזל קאַפּרי. די פּערזענלעכע באַגעגעניש מיטן יונגן שרייַבער, די שמועסן מיט אים האָבן נאָך מער פאַרשטאַרקט בא גאָרקין די מייַנונג, אַז דאָס איז אַ טאַלאַנטפולער מענטש מיט גרויסע שעפערישע מעגלעכקייַטן. אינעם גאָרקי־אַרכיוו באַם אינסטיטוט פון וועלט־ליטעראַטור זייַנען פאַראַן ניט קיין פאַרעפנטלעכטע בריוו פון אַלעקסיי מאַקסימאָוויטשן צו אַ. וו. לונאַטשאַרסקין, וווּ עס רעדט זיך, צווישן אַנדערס, וועגן גאָרקיס אייַנדרוקן פון דער ערשטער באַגעגעניש מיט אַשן.

„הייַנט איז בא מיר געווען שאָלעם אַש, — אָדער דאָס איז אַ מענטש, וואָס איז פייִק אָנצושרייַבן זייער גרויסע זאַכן, אָדער איך פאַרשטיי לאַכלוטן גאָרנישט... ער וויל שרייַבן אַ „טרילאָגיע“ דאָוויד האַמעלעך — קריסטוס — שאַבסיי־צווי. ער רעדט זייער שלעכט רוסיש און דערווייַזט פּראַכטפול די גייַסטיקייַט פאַר דער קונסט באַהעפטן זיך מיט פּרימיטיוון — מיט דער ביבל, מאַהאַבכאַראַטאַ. דער פּראָזע און די לידער זאָגט ער פאָ־רויס אַ פאַרטיפערונג אינעם ראָמאַנטיזם, דעם טעאַטער — די מעלאָדראַמע!!! (600 אויסרופצייכנס).

ווי געפעלט עס אייַך? צוליב אָט די סיבעס רוף איך אים צו באַזעצן זיך אפן אינדזל קאַפּרי. דערנאָך וועלן מיר דעם דאָזיקן אינדזל אָפּקויפן באַם איטאַליענישן קיניגל, וואָס איז אַזוי פייַן אויסגעפּייַפּט געוואָרן, ווי ער האָט עס פאַרדינט, און מיר וועלן זיך אַף אים פאַרנעמען (אפן אינדזל, פאַרשטייט זיך) מיט אונדזערע אינינאָגים“[1].

אפן אינדזל קאַפּרי האָט אַש געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט גאָרקין וועגן אַרויסגעבן אין פאַרלאַג „זנאַניִע“ די רוסישע איבערזעצונגען פון זייַנע ווערק. ער האָט באַזונדערס פאַרגעלייגט דעם פאַרלאַג אַ רײ זייַנע דערציילונגען פאַר דער „ביליקער ביבליאָטעק“[2]. גאָרקי האָט באַגריסט דעם נייַעם מיטאַרבעטער פונעם פאַרלאַג „זנאַניִע“. „איך בין זייער צופרידן, וואָס שאָלעם אַש גייט אַריבער צו אונדז“, האָט ער געשריבן אין 1908[3].

פון גאָרקיס אַ רײ בריוו צו ק. פּ. פּיאַטניצקין, געשריבן אין 1908, איז צו זען, וועלכע מאָמענטן פון אַשס טאַ־לאַנט ער האָט געשאַצט און וועלכע שרייַבערישע אייגנשאַפטן אַשס האָבן בא אים קיין סימפּאַטיעס ניט אַרויסגערופן. אין זייַנע בריוו פאַרגלייַכט ער קעסיידער אַשס שאַפונג מיט די ווערק פון די אַזויגערופענע רוסיש־ייִדישע שרייַבער יושקעוויטש און אייַזמאַן. קריטיקירנדיק יושקעוויטשעס לאַנגן און נודנעם ראָמאַן „לעאָן דרײ“, באַמערקט גאָרקי: „ווי ווייַט שאָלעם אַש איז טאַלאַנט־פולער פון אָט די רוסיש־ייִדישע פּראָפעסאָר!“[4].

אין אַן אַנדער בריוו אַנאַליזירט גאָרקי די כעסרוינעס און מייַלעס פון אַנ־סקיס דערציילונג „פּיִאָנערן“. ער שרייַבט: „אין אָט דעם ווערק איז מיר געפעלן דער שטאַרקער ווילן צום לעבן... און מיר דוכט, אַז אַנ־סקי, פּונקט ווי שאָלעם אַש, באַווייַזט די ייִדן ניט בלויז אַלס מאַרטירער, וואָס דאָס איז שוין נימעס געוואָרן און מאַכט שוואַכער, לויט מייַן מיינונג, די אַווטאָרן, וועלכע פּראָפעסן נודנע געוויינען אַף די רוסישע טייַכן“[5].

[1] גאָרקי־אַרכיוו באַם אינסטיטוט פון וועלט־ליטעראַטור.

[2] גאָרקי־אַרכיוו, ב. IV, מ., 1954, ז. 223.

[3] דאָרט, ז. 253.

[4] דאָרט, ז. 231.

[5] דאָרט, ז. 236.

שאָלעם אַש, ווייַזט אָן אַלעקסיי מאַקסימאָוויטש, „שילדערט די ייִדן אַלס מענטשן. אין זייַנע ווערק וויינען ניט די ייִדן, נאָר זיי שלאָגן זיך און — גאָר ניט שלעכט“. ער האָט אָפּגעמערקט אין אַשן די „שטרעבונג צום אַלמענטשלעכן“[1].

אין דער זעלבער צייַט זייַנען אייניקע שטריכן פון שאָלעם אַש ניט געווען גאָרקין צום האַרצן. אים איז ניט געפעלן געווען, לעמאָשל, אַשס טענדענץ צו איבערכאַזערן זיך — וואַריִרן איין און דעם זעלבן סוזשעט, מאַכן פון אים אַמאָל אַ דערציילונג, אַמאָל אַ נאָוועלע אָדער אַ פּיעסע. „דער סוזשעט פון „דער זינדיקער“, ווייַזט אָן גאָרקי, איז שוין פאַראַן אין „אַ שטעטל“, דאָס זעלבע איז מיט דער פּיעסע „דער גאָט פון נעקאָמע“ (גאָרקי מיינט די דערציילונג „אין אַ פרילינג־נאַכט“, וווּ עס האָט זיך שוין אָנגעמערקט דער סוזשעט פון דער דערמאָנטער פּיעסע)[2].

אין 1908—1909 גיט דער פאַרלאַג „זנאַניִע“ אַרויס איינס נאָך דאָס אַנדערע אַשס ווערק: אין 1908 די ערשטע צוויי בענדער, אין 1909 — דעם דריטן באַנד. זייַנע ביכער האָט דער פאַרלאַג געדרוקט אין גאַנץ היפּשע פאַר יענער צייַט טיראַזשן: צו 5000 עקזעמפּלאַרן[3].

אין צוזאַמענהאַנג מיטן דערשייַנען אינעם פאַרלאַג „זנאַניִע“ שאָלעם אַשס געזאַמלטע ווערק האָט צווישן גאָרקין און פּיאַטניצקין, פון איין זייַט, און שאָלעם אַשן, פון דער צווייטער, זיך אָנגעהויבן אַ בריוו־אויסטויש. אינעם גאָרקי־אַרכיוו ווערן געהיט אייניקע געשעפטלעכע בריוו פון אַשן צו גאָרקין און פּיאַטניצקין און אַלעקסיי מאַקסימאָוויטשעס אַ בריוו צו אַשן. דער דאָזיקער בריוו ווערט דאָ געדרוקט צום ערשטן מאָל.

„טייַערער שאָלעם אַש.

אייַער איבערזעצער באַציט זיך צו זייַן אַרבעט אין בעסטן פאַל שאַבלאָנאַרטיק, אין אַלגעמיין — נאַכלעסיק. איך האָב זייַנע מאַנוסקריפּטן אַ סאַך געלייענט און איך זע לאַכלוטן ניט קיין שום כילעק צווישן אייַך און, לעמאָשל, פּערעצן, — ער איז, ווייַזט אויס, ניט פייִק צו אינדיווידואַליזירן אַ שרייַבער, און איך, דער לייענער, זע אין שאָלעם אַשן און אין פּערעצן — בלויז ברומבערגן. וועגן דעם, אַז ער איז נאַכלעסיק, קאָן איך ברענגען אַ סאַך בייַשפּילן. אָט לייענט אַף טשיקאַוועס איבער די זייַטלעך 2 און 3 פון „איילי“[4]. אַף דער זייַט 2 האָט מען דעם קאָרבן צעשניטן אַף שטיקער און אַרייַנגעלייגט אין אַ קעסל, און אַף דער זייַט 3 האָט מען באַם קאָרבן אויסגעליידיקט די געדערים. אָט אַזוי טאָר מען זיך ניט באַציִען צו דער אַרבעט, אויב מע האָט ליב די ליטעראַטור און מע פאַרשטייט איר באַדייַטונג.

דעם איבערזעצערס שפּראַך איז פּראָזאַיִש און וווּלגאַר. זייַנע איבערזעצונגען האָב איך אָפּגעשיקט אין „זנאַניִע“.

דאָס אַלץ האַלט איך פאַר נייטיק אייַך צו זאָגן. אַרויסגעבן אייַך אין אַזעלכע איבערזעצונגען וואָלט געווען אַ שלעכטע טויווע פאַר אייַער קאָוועד אַלס שרייַבער.

ווייַטער: אייַערע נייַע דרייַ דערציילונגען פונעם ציקל „נעוויִים“ רופן בא מיר אַרויס דערשטוינונג: איך פאַר־שטיי ניט, צוליב וואָס האָט איר דאָס אָנגעשריבן, —

[1] דאָרט, ז. 253.

[2] דאָרט, ז. 254.

[3] גאָרקי־אַרכיוו באַם אינסטיטוט פון וועלט־ליטעראַטור.

[4] עס האַנדלט זיך וועגן דער דערציילונג „איילי און שמועל“ פונעם ציקל „ביבלישע מאָטיוון“.

אין דער ביבל ווערט דאָך דאָס געגעבן בעסער איידער בא אײַך. אפאַנעם, אז אויך אין דעם פאל זײַנען אין אלץ שולדיק די איבערזעצונגען.

עס קאָן זײַן, אז די רוסישע שפראך איז ניט בעיכוילעס איבערצוגעבן די איידעלע געדאנקען, וועלכע זײַנען פאראן אין אײַערע דערציילונגען וועגן די נעוויִים.

איך ווייס ניט, נאָר אין דעם אויסזען, אין וועלכן די דאָזיקע דערציילונגען זײַנען צוגעשיקט, זײַנען זיי פארן רוסישן לייענער לאכלוטן ניט אינטערעסאנט און — זיי זײַנען אים שוין פון לאנג באקאנט.

אלץ, וואָס איך האָב דאָ געזאָגט, האָט צו דער פראגע וועגן ארויסגעבן דאָס דריטע בוך קיין שײַכעס ניט. די דאָזיקע פראגע וועט איר לייזן מיטן פארלאג „זנאניִע“, — איך ווײַז בלויז אָן אף דער ליטעראַרישער זײַט פונעם איניִען.

מיר דוכט, אז אלע אײַערע ווערק פון דער לעצטער צײַט קאָנען ניט שטארקער מאכן דעם אינטערעס און די אופמערקזאמקײַט צו אײַך בא דעם רוסישן לייענער.

פארן עמעס זײַט ניט בייז, איך דריק פעסט אײַער האנט.

אלע אײַערע מאנוסקריפטן זײַנען אָפגעשיקט אין דער קאָנטאָר פונעם פארלאג „זנאניִע“; זיי אלע פאָדערן א גוטן, אופמערקזאמען רעדאקטאָר“[1].

דער דאָזיקער בריוו, דאטירט דעקאבער 1908, באווײַזט גאָרקיס וואקסנדיקע קריטישע באציִונג צו אשן. פארופנדיק זיך אף זײַנע לעצטע ווערק, וועלכע קאָנען ניט שטארקער מאכן דעם אינטערעס צו אים באם רוסישן פובליקום, האָט גאָרקי אין זין ניט בלויז די דערציילונגען פונעם ציקל „נעוויִים“ (די פאָרזעצונג פון דער דאָזיקער ליניע, וועלכע גאָרקי האָט פארורטיילט, האָט שפעטער געבראכט אשן דערצו, אז ער האָט געשאפן א ריי רעאקציאָנערע קריסטלעך־ראָמאַנטישע ווערק), נאָר אויך, ווי עס איז צו זען, די מיסטישע פיעסע „דער זינדיקער“, וועלכע איז אָפגעדרוקט געוואָרן אין 1908 אינעם דעקאדענטישן זאמלבוך „זעמליא“ באגלײַך מיט ל. אנדרייעווס „די קלאָלע פון א כײַע“ («Проклятие зверя»)[2].

די סיבע, פארוואָס די דאָזיקע פיעסע, אין וועלכער עס פילט זיך שטארק דער אײַנפלוס פון די ערגסטע זײַטן פון אנדרייעווס שאפונג, איז ארײַן אין אשס דריטן באנד, וואָס דער פארלאג „זנאניִע“ האָט ארויסגעגעבן, איז אונדז ניט אינגאנצן קלאָר.

אין פרילינג 1912 שיקט אש צו גאָרקין פון פאריזש קיין קאפרי דעם מאנוסקריפט פון זײַן ווערק „מערי“. גאָרקי האָט אָפגעוואָרפן דעם דאָזיקן מאנוסקריפט. אין א ניט פארעפנטלעכטן בריוו צו אשן, דאטירט דעם 10/23 מײַ 1912, לייענען מיר:

„ליבנסווירדיקער שאָלעם אש!

„זנאניִע“ קאָן ניט אָפדרוקן אײַער דערציילונג, אין איר זײַנען צופיל פאָרטרעטן, אזוי מיינען איך און פיאטניצקי; די דאָזיקע פאָרטרעטישקײַט פארמינערט שטארק דעם ליטעראַרישן ווערט פון דער דערציילונג.

מיר איז זייער געפעלן איר אָנהייב, נאָר איך מיין ניט, אז וואָלינסקין, טשיריקאָוון, בורדעסן און אנדערע האָט איר געשילדערט גענוג אָביעקטיוו.

[1] גאָרקי־ארכיוו באם אינסטיטוט פון וועלט־ליטעראטור. גאָרקיס א בריוו צו שאָלעם אשן.

[2] „זעמליא“, זאמלבוך איינס. ספב, 1908.

זײַט ניט בייז פאר דעם דאָזיקן אָפרוף“[1].

זײַנע אײַנדרוקן פון אשס דערציילונג און פון אנדערע ווערק, וועלכע האָבן געליטן אף „פאָרטרעטישקײַט“, האָט גאָרקי אויסגעדריקט אין א ריי בריוו, וועלכע ער האָט אָנגעשריבן אין מײַ פונעם זעלבן יאָר צו זײַנע אנדערע קאָרעספאָנדענטן. „איך האָב איצט איבערגעלייענט אין דער קאָרעקטור שאָלעם אשס „מערי“, — האָט ער אין סאָף מײַ 1912 געשריבן צו א. וו. אמפיטעאטראָוון, — און א טרויער האָט מיך ארומגענומען: לויטן סוזשעט איז די דערציילונג אינטערעסאנט, נאָר זי איז פון אָנהייב ביזן סאָף געפאטערט דורך וואָלינסקיס, טשיריקאָווס, כאָדאָטאָווס, דימאָווס און אנדערע פאָרטרעטן“[2].

נאָך א שארפערן אָפרוף וועגן אשס ווערק „מערי“ געפינען מיר אין גאָרקיס א בריוו צום רעדאקטאָר פונעם זשורנאל „זאפראָסי זשיזני“ ר. בלאנק (פון מײַ 1912):

„וואָס איז עס פאר א מין נײַער „פעריִאָד“ אין דער רוסישער ליטעראטור? דימאָוו שרײַבט מערעזשקאָווסקיס פאָרטרעט, שאָלעם אש — דימאָווס, וואָלינסקיס, בורדעסעס, טשיריקאָווס פאָרטרעטן אאוו. און דאָס אלץ — איז שווידערלעך! סאָלאָגוב האָט, ווי עס ווײַזט אויס און ווי מע זאָגט, געמאָלט מיך, ראָפשין איז אויך א פאָרטרעטיסט, ווינישענקאָ — דאָס זעלבע. ענדלעך, האָב איך אָקאָרשט איבערגעלייענט א דערציילונג, ווו עס איז געמאָלט — עקלהאפט און פאלש — איינער פון די הײַנטיקע גרויסע שרײַבער“[3].

עס בלײַבט איבער צו דערמאָנען וועגן צוויי פערזענלעכע באגעגענישן צווישן גאָרקין און אשן אינעם נאָכאָקטיאבערדיקן פעריִאָד. איינע פון זיי איז פאָרגעקומען אין בערלין אין סאָף 1921 יאָר, די צווייטע — אין מאָסקווע, זומער 1928. די פאראנענע בא אונדז ידיִעס וועגן דער מאָסקווער באגעגעניש זײַנען זייער קארגע. דעם 12 יון 1928 האָט די צײַטונג „וועטשערנאיא מאָסקווא“ מיטגעטיילט, אז אש האָט דעם לעצטן טאָג פון זײַן געפינען זיך אין סאָוועטנפארבאנד פארבראכט בא מאקסים גאָרקין, מיט וועמען ער האָט געהאט א לאנגן שמועס. דער אווטאָר פון אָט דער נאָטיץ ס. ב. דערציילט, אז גאָרקי און אש זײַנען געווען באגײַסטערט פון דעם אלעם, וואָס זיי האָבן געזען אין סאָוועטן־רוסלאנד, אז זיי זײַנען צוזאמען געפאָרן אפן רויטן פלאץ זען דעם פיזקולטור־פאראד. „שאָלעם אש, ווערט געזאָגט אין דער צײַטונגס־נאָטיץ, איז געווען גערירט ביז טרערן פונעם פרעכטיקן פאראד. — איך בין געקומען אהער צו פאָרן, — האָט דער שרײַבער געזאָגט צו זײַנע באגלייטער, — קלאל ניט אלס קאָמוניסט, נאָר איצט פאָר איך פונדאנען אוועק קימאט א הונדערפראָצענטיקער קאָמוניסט“[4].

יאָ, דאָס איז שיין געזאָגט, נאָר, צום באדויערן, איז עס, ווײַזט אויס, געווען ניט מער ווי א הויך־קלינגענדיקע פראזע, וואָס האָט ניט געהאט קיין שום געמיינזאמס מיט דערווירקלעכקײַט. עס איז גוט באוווסט, אז שאָלעם אשס טעטיקײַט נאָך זײַן אומקערן זיך פון מאָסקווע איז געווען אין פולן ווידערשפרוך מיט אָט די ווערטער.

א. רובינשטיין.

[1] גאָרקי־ארכיוו באם אינסטיטוט פון וועלט־ליטעראטור. גאָרקיס בריוו צו שאָלעם אשן.

[2] דאָרט, גאָרקיס בריוו צו א. וו. אמפיטעאטראָוון.

[3] דאָרט, גאָרקיס בריוו צו ר. מ. בלאנק.

[4] „וועטשערנאיא מאָסקווא“ פון 12 יון 1928.

# הערש רעמעניק



געבוירן אין 1905 אין מאָנאַסטירישטשע (אוקראַינע). קאַנדידאַט פון פילאָלאָגישע וויסנשאַפטן. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1930. וווינט אין מאָסקווע.

## מיט הונדערט יאָר צוריק

(ליטעראַטור־היסטאָרישע באַטראַכטונגען)

אין 1862 איז דערשינען דער ערשטער ראָמאַן אין ייִדיש — ייִסראָעל אַקסענפעלדס „דאָס שטערנטיכל“, וואָס טראָגט אין זיך בוילעטע סימאָנים פון אַ נײַער ווענדונג אין אונדזער ליטעראַטור. סײַ לויטן אידיייִשן אינהאַלט, סײַ לויט דער קינסטלערישער פאָרם איז „דאָס שטערנטיכל“ אַ ווערק פון דער האַסקאָלע. דאָס איז אָבער אַ ווערק, וואָס פאַרנעמט אין דער האַסקאָלע־ליטעראַטור אַ באַזונדער אָרט. פאַר דער אויפקלערערישער ייִדישער ליטעראַטור איז געווען כאַראַקטעריסטיש אַן איינזאַמער העלד, וואָס שטעלט זיך קעגן דעם קאָהאָל, קעגן דער ראַבייִיש־כּסידישער קאַמאַריליע. מ. ליטוואַקאָוו האָט אַמאָל טרעפלעך באַמערקט, אַז דער מאַסקיל איז געווען אַ „בוידעד בעמויאַדאָוו“ (אַן איינזאַמער אין זײַנע געצעלטן). די מאַסקילים אין דער ערשטער העלפט פונעם XIX יאָרהונדערט האָבן ניט געפירט נאָך זיך קיין ברייטע פאָלקסמאַסן, האַגאַם זיי האָבן אין טאָך געקעמפט פאַר די אינטערעסן פון די מאַסן. אין דעם אײַנרײַס צווישן דעם מאַסקילישן יאָכיד און דעם ניט־אויפגעקלערטן האַמוין זײַנען נישט געווען שולדיק ניט דער מאַסקיל, ניט דאָס פאָלק, נאָר די סאָציִאַלע אומשטענדן.

אַקסענפעלדס ווערק און באַזונדערס זײַן ראָמאַן „דאָס שטערנטיכל“ צייכענען זיך אויס אין דער אויפקלערערישער ליטעראַטור פון סאָף XVIII — אָנהייב XIX יאָרהונדערט מיט דעם, וואָס אין זיי ווערט געשילדערט ניט קיין איינזאַמע, נאָר אַ טעטיקע פערזענלעכקײַט, וועלכע קעמפט פאַר אַן אָרט אין לעבן. אַקסענפעלדס טיפּן (מיכל מאַצייווע, ייִסראָעל שטשופּאַק אאַ.) זײַנען ניט קיין טעאָרעטיקער און פּריידיקער, נאָר פּראַקטיקער, ענערגישע פאָלקס־מענטשן, וואָס גלייבן אין לעבן און זײַנען דורכגעדרונגען מיט אָפּטימיזם.

אַקסענפעלדס „דאָס שטערנטיכל“ איז וויכטיק אויך דערמיט, וואָס דאָס לעבן פון די ייִדישע מאַסן איז, צום ערשטן מאָל אין דער ייִדישער ליטעראַטור, געמאָלט ניט אָפּגעזונדערט, ניט אָפּגעשלאָסן פון דער היסטאָרישער ווירקלעכקײַט אין רוסלאַנד אינגאַנצן גענומען. „דאָס שטערנטיכל“ אַלס אַ ראָמאַן האָט אַ ברייטן היסטאָרישן פאָן: די געשעענישן פון דער פאָטערלענדישער מילכאָמע פון 1812. דער דאָזיקער פאַקט דאַרף ניט איבערגעשאַצט ווערן, אָבער אויך ניט פאַרשוויגן ווערן, ווי פּרימיטיוו עס זאָלן הײַנט ניט אויסזען אַקסענפעלדס באַשרײַבונגען פון יענע היסטאָרישע געשעענישן. די יעדיִעס וועגן דער מילכאָמע ווערן איבערגעגעבן אין אַ פּאַטריאָטישן גײַסט: „דער אָנהייב איז פון די גרויסע פרעסט, וואָס יענעם ווינטער 1812—1813 איז געווען, עפּעס ווי אומישנע מעכאַבעד צו זײַן די פראַנצויזן“. „...דאָס גאַנצע כאַיל האָט ניט גערוט. מען איז נאָך ווײַטער און ווײַטער געגאַנגען אַרויף קיין דײַטשלאַנד, נאַפּאָליאָנען מיט זײַן ביסל נישערקרים אַרויסצוטרײַבן איבער דײַטשלאַנדס גרענעץ“[1].

אַקסענפעלד מאָלט ניט קיין ברייטע בילדער פון דער פאָטערלענדישער מילכאָמע, ער באַשרײַבט ניט קיין באַטאַלישע סצענעס. נאָר פון באַזונדערע באַמערקונגען און עפּיזאָדן, פון אָפּטע דערמאָנונגען וועגן היסטאָרישע אומשטענדן און וועגן גוירל פון דעם הויפּט־העלד פילן מיר דעם גאַנג פון דער צײַט, די לופט און די אַטמאָספער פון דער היסטאָרישער באַוועגונג. דער צענטראַלער העלד פונעם ראָמאַן „דאָס שטערנטיכל“, דער קליינשטעטלדיקער, ייִדישלעך־באַגרענעצטער מיכל בעלפער, ווערט אַרויסגעשטויסן פון די אָפּגעשלאָסענע דאַלעדאַמעס פונעם שטעטל לויהאַיאַפּאָלי און אַרײַנגעצויגן אין די גרויסע געשעענישן פון דער עפּאָכע.

ווי אַן עכטער קינסטלער, וואָס שטרעבט צו שילדערן ברייטע לײַוונטן, טוט אַקסענפעלד אַ זאָג: „געגנוג שוין לויהאַיאַפּאָלי. עס איז צײַט אַ קוק צו טאָן, וואָס מיט מיכלען — דעם געוועזענעם מיכל בעלפער, מיכל מאַצייווע, דערנאָך מיכל דער מאָסקוויטישער טוט זיך“[2].

און קימאַט אין סטיל פון מענדעלען און שאָלעם־אליייכעמען גיט אַקסענפעלד, צום ערשטן מאָל אין דער ייִדישער ליטעראַטור, אַ בילד פון דעם אָפּגעשטאַנענעם ייִדישן לעבנסשטייגער:

„וואָס האָט מיכל געזען אין דער גרויסער שטאָט בערדיטשעוו? צען לויהאַיאַפּאָלער בלאָטעס איינעם. פופצן מאָל אַזויפיל פאַרדריפּעטע ווײַבער און פאַרפּאַטשקעטע

---

[1] י. אַקסענפעלד. דאָס שטערנטיכל. פאַרלאַג „דער עמעס“, מאָסקווע, 1939, זז. 118—119.

[2] דאָרט, ז. 100.

ייִדן, ווי אין לויהאָיאַפּאָלי, און אכט און דרײַסיק מאָל אזויפיל קאפּצאָנים, וואָס רײַסן בא די פּאָלעס, פערציק מאָל אזויפיל וועגן מיט פערד. א געשטופּעכץ, א געשווינד לויפעכץ, א יאָגעכץ איינער אפן אנדערן. איינער שעלט, איינער שלאָגט, צען קריגן זיך, פינף שרײַען: „שאָלעם־אלייכעם, וואָס מאכט איר גוטס?“ אלע האָבן ניט צײַט: דעם פארטשעפּעט א ראָד און רײַסט אים אוועק א האלבן קאפטן, פון דער אנדערער זײַט זאָגט מען אים „מאזל־טאָוו!“ בלעכענע פּושקעס קלאפּן „צדקה תציל ממות!“ [„צדאָקאָ טאצל מימאָוועס“] און דערצו טאַנצן ווײַבער צו דער קאלעס רעשיטקע מיט קלעזמער איבער דער גאס. ייִדן מיט הויכע יאמשענע שטעקנס מאָנען א נעדאָוועץ“.

און אלס קאָנטראַסט צו דער באגרענעצטקײַט פון אָט דעם לעבן קומט די באשרײַבונג פון דער שטאָט ברעסלאו.

„פּלוצעם האָט מיכל דערזען א ב ר ע ס ל ע. א שטאָט אָן בלאָטע, קיינער איז ניט פארדריפּעט, איטלעכער גייט ווי א פּאָרעץ אָנגעטאָן, און שיין און ריין. אפילע בא די גרויסע מויערן זײַנען די טרעפּ פון דרויסן ריין אָפּגעוואשן“[1].

ברעסלאו ציט צו אקסענפעלדס אופמערקזאמקײַט ניט בלויז דערמיט, וואָס זי איז „א גרויסע שטאָט אין דער פּרײַסישער מעדינע“, נאָר דעריקער דערמיט, וואָס דאָ איז דאַן געווען די הויפּט־קוואַרטיר פון דער רוסישער ארמיי, דער צענטער פון די היסטאָרישע געשעענישן; און זיי, אָט די געשעענישן, ווערן אף א נאַטירלעכן אויפן אײַנגעוועבט אין דער לעבנס־געשיכטע פונעם הויפּט־העלד מיכל:

„די צײַט, וואָס מיכל איז געוואָרן א פאקטער, איז גראָד געווען מילכאָמע־צײַט, ווען דער גרויסער נאַפּאָליאָן איז מיטן פראנצויזישן כאיל ארײַן קיין רוסלאנד“[2].

דאָס ווערט דער אויסגאנג־פּונקט פון מיכלס לעבן־באשרײַבונג. דעריבער איז „דאָס שטערנטיכל“ ניט בלויז א רעאליסטישער שטייגער־ראָמאַן, נאָר אין א געוויסער הינזיכט א ה י ס ט אָ ר י ש ע ר ראָמאַן. פאַרן אידייִשן אינהאלט פונעם ווערק איז דאָס עפּשער וויכטיקער, ווי דער קאמף קעגן כאסידיזם, וואָס פארנעמט דאָ א היפּש אָרט. אקסענפעלד פארברייטערט די פּראָבלעמאטיק פונעם ראָמאַן, פירט אים ארײַן אין דעם ברייטן קרײַז פון די אידייען פון דער רוסישער ליטעראַטור אין יענעם פּעריאָד, ווען עס האָט זיך אנטפּלעקט די קאָלאָסאלע אופּגעוואכטע נאציאָנאלע ענערגיע פונעם רוסישן פאָלק. אקסענפעלדס ראָמאַן האָט אנאלאָגיש, נאָר, נאטירלעך, אין א קלענערן מאסשטאב, אָפּגעשפּיגלט די זעלבע דערשײַנונגען אין דער ייִדישער סוויווע.

ביז גאָר וויכטיק איז דאָס, וואָס אין „שטערנטיכל“ מאָלט אקסענפעלד ניט נאָר ייִדישע געשטאלטן און ייִדישע סוויווע, — ער צייכנט אויך געשטאלטן פון רוסישע מענטשן (כליעבאָוו, טיכאָנאָוו). דאָס באווײַזט, אז דער אווטאָר פונעם ערשטן ייִדישן ראָמאַן איז געווען א שרײַבער מיט א ברייטן קינסטלערישן דיאַפּאַזאָן און מיט פארשטאנד צו דער היסטאָרישער ווירקלעכקײַט פון זײַן צײַט:

„ערשט פאר ראָשעשאָנע איז דורכגעפאָרן אָן אָפּיצער כליעבאָוו, וואָס איז געווען א קאָמיסיאָנער באם כאיל, ער איז געפאָרן צו דער רוסישער הויפּט־קוואַרטיר...“[3]. „א

[1] דאָרט, ז. 102.
[2] דאָרט, ז. 86.
[3] דאָרט, ז. 87.

גוטער מענטש כליעבאָוו! האָט געטראכט און האָט אויסגעטראכט פון מיכלס וועגן, וויאַזוי מיכלען צו העלפן. ער, כליעבאָוו, האָט געהאט פיל באקאנטע ייִדן פּאָדראַדטשיקעס (ליפעראנטן), וואָס זײַנען פון רוסלאנד געקומען מיט דעם רוסישן כאיל אייסאָקים צו האָבן בא פּאָדראַדן. זײַנען עטלעכע געווען גראָד אצינדערט אין ברעסלע“[1].

עס איז קעדײַ צו פארצייכענען די בוילעטע סימפּאַטיעס פונעם אווטאָר צום רוסישן פאָלק און צו דער רוסישער שפּראַך. מיכל מאציייווע, דער הויפּט־העלד פונעם ראָמאַן, קען „מאָסקוויטעריש“ (רוסיש), און דאָס שטעלט אים העכער פון אלע אנדערע אין שטאָט. ווען ער האָט צו טאָן בייס דער מילכאָמע מיט די רוסישע אָפּיצערן, רופט מען אים שוין „ניט מיכל בעלפער, ניט מיכל מאציייווע, ניט מיכל פאקטער, כאָלילע — מיכל דער מאָסקוויטישער רופט מען אים“[2].

דער אווטאָר פּראָפּאגאנדירט פרײַנטשאפט פון ייִדן און רוסן, ער רופט צו פארבינדן זיך מיט רוסן: „א רוס, אז ער קען זיך מיט א ייִדן און האָט מיט אים עטלעכע מאָל צו טאָן, רופט ער אים „בראט“ אָדער „בראטיעץ“[3].

אין „שטערנטיכל“ זעט זיך בוילעט די טענדענץ פונעם אווטאָר צו ווענדן די ליטעראַרישע שפּראַך אין א באַשטימטער נײַער ריכטונג: ברייטער אויסנוצן די סלאַוויזמען, וועלכע זײַנען אָרגאניש ארײַן אין ייִדיש, און אזוי־ארום באפרײַען זיך פון די דײַטשמעריזמען, וואָס האָבן פארפלייצט די ווערק פון אייכל, וואָלפזאָן און אפילע עטינגער. א שטארקער שטראָם סלאַוויזמען ווארפט זיך אין די אויגן, ווען מע באטראכט די לעקסיק פון „שטערנטיכל“; סליאָטעס, בלאָטעס, ראָטע, פריקלענטע, פּאסקודנע, סאָלדאטסקע, פּאָזוואָליעט, אָנגעשפּיגעוועט, לאסקע, בראט, בראטיעץ, פּראָוואָרנער, בריטשקע, קניאז, מאָסקוויטישער, מאגאזינעס, סמאָטריטעל, טרעוואָגע, זאניאַדעט, מעלניטשקע, זאטשעפּען, קאפּיטאן־ספּראַווניק, פּראָשעניעס, רעזאָליוציעס, וואָיענע סלוזשבע — אָט די דאָזיקע צוויי מיט א האלבן צענדליק סלאַוויזמען טרעפן זיך אף סאכאקל זעקס זײַטלעך (82—88) פון „שטערנטיכל“.

אין אָט דעם ברייטן צופלוס פון סלאַווישע ווערטער פילט זיך א באוווסטזיניקע טענדענץ — עפּשער אפילע א פּאָלעמישע קעגנשטעלונג דער דײַטשמערישער סטיכיי אין דער ייִדישער ליטעראַטור. אזא פּאָלעמישער מיין פונעם „שטערנטיכל“ שטימט מיט דעם גאנצן אידייִשן אינהאלט פונעם ווערק, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט פּאטריאָטישע געפילן פון א רוסלענדישן בירגער. אקסענפעלד איז געווען דער ערשטער ייִדישער שרײַבער, בא וועמען אָט די געפילן האָבן באקומען א קלאָרן אויסדרוק.

מ. ווינער ווײַזט אָן, אז „די דירעקטע ליטעראַרישע קוואלן, פון וועלכע אקסענפעלדס פּראָזע איז באווירקט געוואָרן, דארפן מיר זוכן ניט הויפּטזאכלעך אין דער אייראָפּעישער קלאסישער טראדיציע“[4], נאָר אין דער רוסישער ליטעראַטור, נעמלעך, אין דער שאפונג פון אזעלכע שרײַבער, ווי נאריעזשני און וועלטמאַן. ווינער גיט אָבער דערבײַ צו, אז „קיין ווירקונגען פון די רוסישע קלאסיקער — פון פאָנווויזין, גריבאָיעדאָוו, גאָגאָל אא. — וועלן מיר אין זײַנע ווערק אויך ניט געפינען, כאָטש ער האָט זייערע ווערק מינאסטאם געקענט. ער האָט זיך גע־

[1] דאָרט, ז. 101.
[2] דאָרט, ז. 86.
[3] דאָרט, ז. 85.
[4] דאָרט, ז. 21.

האַלטן באַ פיל פּראָסטערע, פּרימיטיווערע ליטעראַרישע מוסטערן"[1].

מע טאָר אָבער ניט פאַרגעסן, אַז „דאָס שטערנטיכל", וואָס איז געשריבן געוואָרן אין דער מיט פון די 20־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, האָט ניט געקאָנט האָבן אָף זיך אַפילע קיין שפּורן פון פּושקינס און גאָגאָלס קלאַסישער פּראָזע, ווײַל די דאָזיקע פּראָזע איז דאָך גע־שאַפן געוואָרן ערשט אין די 30־ער יאָרן. די ווענדונג אָבער צו וו. ט. נאַריעזשני איז אויך אַ ווענדונג צו דער פאָרגעשריטענער רוסישער פּראָזע. בעלינסקי האָט גע־שריבן, אַז נאַריעזשני איז „דער שטאַמפאָטער פון די רוסישע ראָמאַניסטן". אין דער ערשטער העלפט פון די 20־ער יאָרן איז נאַריעזשני געווען איינער פון די באַ־דײַטנדיקסטע קינסטלער פון דער רוסישער פּראָזע און האָט ווײַס ניט געהערט צו די „פיל פּראָסטערע, פּרימיטי־ווערע ליטעראַרישע מוסטערן". ער איז געווען איינער פון די, וואָס האָט צוגעגרייט דעם עכטן רעאַליזם פון גאָגאָלן און זײַנע ווײַטערדיקע נאָכפאָלגער.

אזא איז אויך געווען אַקסענפעלד אין דער ייִדישער ליטעראַטור. זײַן ראָמאַן „דאָס שטערנטיכל" האָט זיכער געהאַט אַ ווירקונג אָף מענדעלען און אָף דער גאַנצער פּלעיאַדע דעמאָקראַטישע שרײַבער פון די 60־ער און 70־ער יאָרן. אַקסענפעלד איז געווען דער ערשטער ייִדי־שער שרײַבער, וואָס האָט זיך אָנגעשלאָסן אין די טראַ־דיציעס פון דער פאָרגעשריטענער רוסישער ליטעראַטור.

* * *

עס איז אַלגעמיין באַוווּסט, אַז אויב אַ ליטעראַטור איז באַווירקט פון אַ צווייטער, איז עס ניט קיין סימען פון איר שוואַכקייט אָדער אָפּוועזנהייט פון אייגנאַרטיקייט און לעבנספעייִקייט. פאַרקערט, ווען אַ ליטעראַטור זאַפּט אײַן אין זיך אָף אַן אָרגאַנישן אויפן די דערגרייכונגען פון אַנדערע, מער אַנטוויקלטע ליטעראַטורן, איז עס דער בעסטער באַווײַז פון איר לעבנספעייִקייט. דער פאַקט אַליין פון באַווירקט ווערן איז דער בעסטער סימען פון אַ געזונטער, נאָרמאַלער אַנטוויקלונג. ווען אַ ליטעראַטור האָט מוירע פאַר ווירקונגען, איז דאָס אַ סימען פון איר באַגרענעצטקייט, אָפּגעזונדערטקייט, ניט זיכערקייט אין די אייגענע קויכעס. בלויז די ליטעראַטור, וואָס לעבט אין קאָנטאַקט און אין שעפערישער פאַרבינדונג מיט אַנדערע נאַציאָנאַלע ליטעראַטורן, קאָן אויך אַליין ווערן אַ ווירקונגס־פאַקטאָר און אַן אָרגאַנישער באַשטאַנדטייל פון דער וועלט־ליטעראַטור.

די ווירקונג פון דער רוסישער ליטעראַטור אָף דער ייִדישער איז געווען אַ ביז גאָר נאַטירלעכער און אָרגאַנישער פּראָצעס, דערבײַ ניט בלויז אַ ליטעראַרישער. ער איז אַרויסגעדרונגען פון די היסטאָרישע לעבנס־באַדינגונגען פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין רוסלאַנד, פונעם צוזאַמענלעבן פון דער רוסישער און ייִדישער באַפעלקערונג, פון זייער געמיינזאַמען סאָציאַלן קאַמף.

וואָס שטאַרקער עס איז געווען די ווירקונג פון דער רוסישער ליטעראַטור, אַלץ דערפאָלגרײַכער איז געגאַנגען די אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער. פאַר אַ קורצער צײַט (אַנערעך 30—40 יאָר) איז אָף ייִדיש געשאַפן געוואָרן אַ קלאַסישע ליטעראַטור. און דאָס איז ניט געקוקט דע־רויף, וואָס אין דער מיט פון XIX יאָרהונדערט איז די ייִדישע שפּראַך נאָך געווען גאַנץ הינטערשטעליק. דאָן האָט די ייִדישע ליטעראַטור סאָף XIX יאָרהונדערטס שוין ניט בלויז דעריאָגט, נאָר אין אייניקע הינזיכטן, באַזונדערס אין פּראָזע, אויך אַריבערגעיאָגט די העברעיִשע לי־טעראַטור. עס איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס די העברעיִשע ליטעראַטור האָט זיך אַנטוויקלט דעריקער אין זשאַנער פון דיכטונג, ווען די דערגרייכונגען פון דער ייִדישער ליטעראַטור זײַנען געווען הויפּטזאַכלעך אין פּראָזע. עס איז דאָך אַ פאַקט, אַז ביז ביאַליקן האָט די העברעיִשע ליטעראַטור פון דער נײַער צײַט ניט אַרויסגערוקט קיין איין קלאַסיקער, און צום סאָף XIX יאָרהונדערטס האָט די ייִדישע ליטעראַטור שוין געהאַט אַזעלכע דרײַ ריזן, ווי מענדעלע, שאָלעם־אַליכעם און פּרעץ.

איינער פון די וויכטיקסטע פאַקטאָרן, וואָס האָט פאַרגיכערט די אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער ליטעראַטור, איז געווען די ווירקונג אָף איר פון דער רוסישער ליטעראַטור, — דעם רײַכן אַרסענאַל, פונוואַנען די ייִדישע שרײַבער האָבן געשעפּט אינהאַלט און פאָרם, אידייען און שעפערישע מיטלען.

דאָס האָט, נאַטירלעך, ניט באַטײַט, אַז די ייִדישע ליטעראַטור האָט זיך אָפּגעזאָגט פון ווירקונגען אויך מיצאַד אַנדערע ליטעראַטורן, לעמאָשל פון דער מײַרעוו־אייראָפּעיִשער (ענגלישער, פראַנצויזישער, דײַטשישער), פון דער פּוילישער, אוקראַיִנישער און, פאַרשטייט זיך, אויך פון דער העברעיִשער. נאָר די סאַמע אָרגאַנישע, פּראָדוקטיווסטע און נאַטירלעכע איז געווען די ווירקונג פון דער פאָרגעשריטענער רוסישער ליטעראַטור.

* * *

מיט הונדערט יאָר צוריק, אין 1862, האָט אָנגעהויבן דערשײַנען דער ערשטער ייִדישער זשורנאַל „קאָל מעוואַ־סער" („קול מבשר"). דאָס באַווײַזן זיך פון אַ ייִדישער צײַטשריפט גראָד אין די זעכציקער יאָרן דאַרף באַטראַכט ווערן ווי אַ רעזולטאַט פונעם געזעלשאַפטלעכן אופשטײַג אין יענער צײַט.

בעראָש פונעם „קאָל מעוואַסער" איז געשטאַנען אַלעקסאַנדער צעדערבוים, איינער פון די סאַמע מעסיקע, ליבעראַל־באַגרענעצטע ייִדישע אופקלערער. זײַנע פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַרישע אָנשויונגען קאָנען כאַראַקטעריזירט ווערן, ווי „שטאַדלאָנישע" בענעגייע דער צאַרישער מאַכט. אַלעקסאַנדער צעדערבוים האָט געטאָן אַלץ, קעדיי צוגעבן דער צײַטשריפט אַ קאָנסערוואַטיוון כאַראַקטער. אַז מע לייענט די רעדאַקצי־אָנעלע אַרטיקלען פונעם „קאָל מעוואַסער", זעט מען, ווי נעבעכדיק און באַגרענעצט איז זייער אידייִשער אינהאַלט ניט בלויז פאַר די זעכציקער יאָרן, נאָר אַפילע פאַר אַ סאַך יאָרן פריִער. אין דער פּובליציסטיק פון „קאָל מעוואַסער" אין דער ערשטער העלפט פון די 60־ער יאָרן, ווען עס פילט זיך אָמערסטן אַלעקסאַנדער צעדערבוימס ווירקונג, טרעפט מען ניט קיין איין דרייסט וואָרט וועגן די נויטן פון פאָלק און אַוודע שוין קיין סימען פון פּראָטעסט קעגן דעם הערשנדיקן סאָציאַלן אומרעכט.

און דאָך האָט די אופוואַכונג פון די פאָלקסמאַסן אין די זעכציקער יאָרן פאַרוואַנדלט דעם „קאָל מעוואַסער" קעגן דעם ווילן פון אַלעקסאַנדער צעדערבוים אין אַ טריבונע פון די וואַקסנדיקע קויכעס פון דער ייִדישער דעמאָקראַטישער פאָלקס־ליטעראַטור, אין אַן אָרגאַן, ווו עס האָט זיך סיסטעמאַטיש געלאָזט הערן דאָס קאָל פון די בעסטע ייִדישע פאָלקס־שרײַבער פון יענער עפּאָכע

[1] דאָרט, ז. 21.

(מענדעלע, גאָלדפאַדען, לינעצקי, א. מ. דיק, ליפשיץ, גאָטלאָבער און אנדערע).

דער „קאָל מעוואַסער“ האָט באַצייכנט אַן איבערבראָך אין דער גאַנצער געשיכטע פון דער ייִדישער קולטור און ליטעראַטור. עס האָט זיך פאַרענדיקט דער עפּאָך, ווען די ייִדישע ליטעראַטור האָט עקזיסטירט מערסטנטייל אין מאַנוסקריפּטן, וועלכע האָבן געהאַט זייער א באַגרענעצטע פאַרשפּרייטונג און, נאַטירלעך, אויך אַן אומבאַדייַטנדיקע ווירקונג אפן לייענער. ביז דעם „קאָל מעוואַסער“ איז די לאַגע פונעם ייִדישן שרייַבער געווען א גאַנץ טרויעריקע, אף וויפל ער איז געווען אינגאַנצן אָפּהענגיק פונעם ווילקיר פון די רעאַקציאָנערע אַרויסגעבער. דאָס האָט ניט זעלטן געבראַכט צו קאַטאַסטראָפישע פאָלגן.

מיטן אופקום פונעם „קאָל מעוואַסער“ האָט דער ייִדישער שרייַבער באַקומען א טריבונע, ווו זייַנע ווערק האָבן געקאָנט פאַרעפנטלעכט און אָפּגעשאַצט ווערן. אף די שפּאַלטן פון דער צייַטשריפט האָט געפונען אַן אָרט אויך די ליטעראַטור־קריטיק. עס הייבט זיך אָן אויספאָרמירן די געזעלשאַפטלעכע מיינונג, עס ווייַזן זיך אַרויס די פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע ריכטונגען אין דער ייִדישער ליטעראַטור. דאָס אַלץ האָט פאַרגיכערט איר וווּקס און איר באַוועגונג פאָרויס.

באַנאַנד מיט דער אַנטוויקלונג פון דער קינסטלערישער ליטעראַרישער שפּראַך איז אין „קאָל מעוואַסער“ געלייגט געוואָרן אַן אָנהייב פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער שפּראַך פון וויסנשאַפט און פּובליציסטיק. די ייִדישע שפּראַך איז צו יענער צייַט שוין אַרויס פון אירע באַגרענעצטע ראַמען, זי איז געוואָרן ניט בלויז די גערעדטע שפּראַך פון די מאַסן, נאָר א פאַקטאָר פונעם געזעלשאַפטלעכן באַוווּסטזייַן.

* * *

צוריק מיט הונדערט יאָר, אין די זעכציקער יאָרן פונעם XIX יאָרהונדערט, איז אין דער ייִדישער ליטעראַטור געקומען מענדעלע מוכר־ספרים, וואָס זייַן 125־ער געבורטסטאָג פאַלט איצט אויס. אין „קאָל מעוואַסער“ האָט מענדעלע אין 1864—1863 אָפּגעדרוקט זייַן ווערק „דאָס קליינע מענטשעלע“, און דאָס איז געווען דער אָנהייב פון דער ייִדישער קלאַסישער ליטעראַטור און פון דער הייַנטצייַטיקער ייִדישער ליטעראַריש־קינסטלערישער שפּראַך.

אַקסענפעלד און עטינגער זייַנען די אָנגעזעענסטע שרייַבער אין ערשטן פּעריאָד פון דער ייִדישער ליטעראַטור. זיי האָבן אויסגעדריקט די פאָרגעשריטענע אידייען פון די „העכערע“ סאָציאַלע שיכטן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג; מענדעלע הייבט אָן דעם צווייטן פּעריאָד, ווען עס האָבן אופגעוואַכט די פאָלקסמאַסן.

מענדעלעס היסטאָרישער אופטו איז באַשטאַנען דערין, וואָס ער האָט די אידייען און די עסטעטישע פּרינציפּן פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור קינסטלעריש טראַנספאָרמירט אין די נאַציאָנאַלע באַדינגונגען פונעם ייִדישן פאָלקסלעבן. מענדעלעס שאַפן איז א מוסטער פון אָרגאַנישן איינזאַפּן און פאַרייגענען די דערגרייכונגען פון אַנדערע ליטעראַטורן, באַזונדערס פון דער רוסישער, און פון באַרייַכערן די אייגענע ליטעראַטור, מאַכן זי שטאַרקער און פילפאַרביקער.

די עסטעטיק פון דער רוסישער פאָרגעשריטענער ליטעראַטור האָט ניט געשטערט, נאָר מיטגעהאָלפן מענדעלען צו געפינען די עכטע נאַציאָנאַלע פאָרם פון דער ייִדישער ליטעראַטור, דעם פאָלקסטימלעכן רעאַליסטישן סטיל, וואָס איז געוואָרן דער סטיל פון דער גאַנצער פאָרגעשריטענער ייִדישער ליטעראַטור. ווי אַלע גרויסע וועלט־קינסטלער, האָט מענדעלע זיך געשטיצט אף די דערגרייכונגען פון דער וועלט־ליטעראַטור, שאַפנדיק איינצייַטיק נייַע, אָריגינעלע, אייגנאַרטיקע אויסדרוקן פאַר דער נאַציאָנאַלער פּסיכאָלאָגיע פון זייַנע העלדן. מענדעלע איז געווען דער גרויסער נאַציאָנאַלער שרייַבער פונעם ייִדישן פאָלק, דעריבער פאַרנעמט ער זייַן אָרט צווישן די קונסט־שעפער פון דער גאַנצער מענטשהייַט.

מיט זייַן ליטעראַרישער טעטיקייַט האָט מענדעלע געשאַפן א ריכטונג, א סאַטירישע, רעאַליסטישע און דעמאָקראַטישע, וואָס איז געוואָרן די גרונט־ריכטונג פון דער פּראָגרעסיווער ייִדישער פאָלקס־ליטעראַטור אין פאַרלויף פונעם גאַנצן XIX יאָרהונדערט. אַלע פאָרגעשריטענע שרייַבער זייַנען געגאַנגען מיט מענדעלעס וועג. זייַנע ווערק זייַנען געווען דורכגעדרונגען מיט פלעביייִשן, פאָלקס־דעמאָקראַטישן און רעוואָלוציאָנערדעמאָקראַטישן אינהאַלט. דערפאַר זייַנען מיט זייַן וועג געגאַנגען אי לינעצקי, אי גאָלדפאַדען, אי דינעזאָן, אי ספּעקטאָר, אי שאָלעם־אַליכעם, אי פּערעץ. אין דער זעלבער צייַט האָט די רעאַקציאָנערע ליטעראַטור געקעמפט קעגן מענדעלעס שול. אין די 80־ער יאָרן איז די צייַטונג „ייִדישעס פאָלקסבלאַט“, קעמפנדיק קעגן שאָלעם־אַליכעמען און זייַן „ייִדישער פאָלקס־ביבליאָטעק“, אָנגעפאַלן אויך אף מענדעלען. אין א פעליעטאָן „ס'איז בענעמאָנעס א געלעכטער“[1] האָט לייבציע הערשילס געשריבן:

„שוין ב״ה (באָרעכהאשעם. — ה. ר.) מער אַלס 30 יאָר, אַז מע הערט פון די גרויסע ייִדישע „מאַסקילים“ נאָר אַזעלכע כאָכמעס, אַזעלכע לעצאָנעס איבער ייִדישע מינהאָגים, ייִדישער טוירע און דאָס ייִדישע לעבן ביכלאַל... קימאַט די גאַנצע „נייַע ייִדישע ליטעראַטור“, מיט גאַנץ קליינע אויסנאַמען, שטעלט לײדער פאָר א טייַוואָלאָנישן געלעכטער, עפּעס א מין וואַלפּורגישע נאַכט פון אַלע אָרעמע באַלאַווייִרעס, נשמות ערטילאָין — נאַקעטע נעשאָמעלעך, וואָס האָבן זיך צו קיין רעכטער זאַך ניט געקאָנט צושלאָגן... קיין אומע־וועלאָשן האָט ניט אַזאַ טייַוולשע ליטעראַטור, ווי אונדזער „נייַע ליטעראַטור“, וואָס באַשטייט פון גאָלע לעצאָנעס, וואָס זיי רופן דאָס „סאַטירע“... אַזוי איז זיך נויהעג דער „זיידע“ און אַזוי טוט אים נאָך דאָס אייניקל“.

די שאַרפע אָנפאַלן פון דער רעאַקציע אף מענדעלען און שאָלעם־אַליכעמען קלינגען אָפּ קימאַט הייַנטצייַטיק. די געשיכטע כאַזערט זיך איבער, די אייניקלעך פון מענדעלעס סאָנים זעצן הייַנט פאָר דעם קאַמף קעגן מענדעלעס סאָוועטישע אייניקלעך.

וואָס מער מיר דערווייַטערן זיך פון יענער עפּאָכע, אַלץ קלאָרער ווערט פאַר אונדז די היסטאָרישע באַדייַטונג, די גרויסקייַט פון מענדעלען און פון זייַן אופטו, וואָס ער האָט אָנגעהויבן מיט הונדערט יאָר צוריק.

---

[1] „ייִדישעס פאָלקסבלאַט“ נומ. 16, מייַ, 1889.

## ריווקע רובין

# מיט און אופגעבראַכטער געמיט



אַף 1942. די געבײַדע פון שרײַבער־פאַריין אין אלמא־אטא, ווו ס'האָבן אין די מילכאָמע־יאָרן געלעבט עטלעכע מישפּאָכעס פון עוואקויִרטע שרײַבער. ס'איז שפּעטער אָוונט, מײַן צימער איז קוים באלויכטן פון א קליין עלעקטריש לעמפּל. מיר זיצן זאלבעדריט — עפראַיִם קאַגאַנאָווסקי, דער קינסטלער מייער אקסעלראָד און איך. אפן טיש — אן אָפענער אלבאָם מיט רעפּראָדוקציעס פון דער וואנט־מאָלערײַ אינעם קלויסטער „ספּאס־נערעדיצא" הינטער נאָווגאָראָד.

קאַגאַנאָווסקי איז ווי צוגעזאָסן געוואָרן צום אלבאָם, איבעראשט פונעם שעפערישן געני פונעם רוסישן פאָלק. ער האָט געבלעטערט א בלאט נאָך א בלאט, פון וועלכע ס'האָבן אף אים געקוקט די שטרענגע טראגישע פּנעמער פון די „הייליקע". ער האָט מיט אנציקונג איבערגעכאַזערט: „ווי גרויזאם און גרויס! ס'ארא קראפט! ס'ארא עקספּרעסיע!"

די פיל אויסרופצייכנס באטײַטן קלאל ניט קיין אויסגעשרייען. פארקערט, קאַגאַנאָווסקי האָט גערעדט, ווי שטענדיק, שטיל און באדאכט, ער האָט אײַנגעגראָבן די אויגן אין יעדן בילד באזונדער און דערנאָך, אָפּווארפנדיק זיך מיטן גאנצן קערפּער אף הינטן, באטראכט עס אף א געוויסן מעהאלעך. ער האָט געקוקט אזוי, ווי עס קוקן מאָלער, ווײַל קאַגאַנאָווסקי אליין איז געווען אי א שרײַבער אי א מאָלער. צו אים האָט אמבעסטן געפּאסט דאָס איידעלע פראנצויזישע וואָרט „ארטיסט". זײַן קינסטלעריש געוועב איז געווען פּלאסטיק.

* * *

קאַגאַנאָווסקי האָט אין זײַנע ווערק אָפּט ארויסגעהויבן די שטרעבונג פונעם אונטערוועלט־מענטש צו באפרײַען זיך פון זײַן העפקערדיקער געפאלנקײַט. אין „א שטאָט אף דער וואָלגע"[*] איז דער שרײַבער צוגעגאנגען צו דער טעמע פון דער אוראלטער ווילדקײַט, צו וועלכער עס שטויסט די מענטשהײַט דער פאשיזם מיט זײַן צעיושעטן ווילקיר, העפקיירעס.

„עס האָבן זיך איצט פאר אים (פארן שרײַבער ברין, דעם הויפּט־העלד פון דער דערציילונג. — ר.ר.) אויסגעשײלט לאנגע וואָכן, וועלכע האָבן זיך ארײַנגעדרייט אין די רעדער פון די לאנגע, קריכנדיקע צוגן מיט די היימלאָזע, טעג און נעכט אָפּגעשטאנענע אינמיטן וועג, ווו מע האָט אין די פעלדער צעלייגט פײַערן, געקאָכט שפּײַז, געקרענקט, געשטאָרבן און געבוירן, אזוי ווי וואנדערפעלקער אין די אוראלטע צײַטן".

און דאָ קומט די איבעראשונג פונעם פוילישן ייִדן ברין איבער דער אלגעמיינער גרייסקײַט אין דער שטאָט אף דער וואָלגע צו ווידערשטעלן זיך דער פאשיסטישער העפקיירעס, דעם טויהו־וואָוויהו, וואָס האָט זיך אָנגערוקט אף דער וועלט, די גרייסקײַט עס צו טאָן אָן פּאַזע, אָן שיינע פראזן, ווי ס'איז צו זען אין דער סצענע פון מאָבילאזאציע און אין אנדערע סצענעס (אין קעלער בײַס דער באָמבארדירונג, אין דער ווימלענדיקער גאס בײַס מע דערוויסט זיך, אז מאָסקווע איז באדראָט פונעם סוינע...). די אטמאָספער פון דערהויבנקײַט אין דער דערציילונג שטעקט דאפקע אין אָט דער העראָיִשער פּאשטעס.

פארן פוילישן ייִדן האָט זיך „די אלטע, ברייטביינִיקע, רוסישע שטאָט" באלד „געעפנט ווי איינס פון די הונדערטער רוסישע ביכער, וואָס ער האָט פאר זײַן לעבן דורכגעלייענט נאָך דאָרט, אין דער היים, אין פוילן".

און געעפנט האָט זי זיך פאר ברינס שרײַבערישן אויג (ווי אויך, װאַרשײַנלעך, פאר קאַגאַנאָווסקיס) אין מעשעך פון די סאכאקל צוויי טעג, וואָס ער האָט אין איר פארבראכט. געעפנט זיך אין איר קאָנקרעטער רעאלקײַט, און דאָך, ווי אין א ווונדערלעכער מײַסע: ווײַט און אומבאקאנט און דאָך באקאנט פון פריִער, אין טרוים; געוויינלעך און דאָך אומגעוויינלעך.

דעם מענטשן מיטן וואנדער־זעקל אף דער פּלייצע זעט אויס מאָדנע אויסטערליש די פעסטע אײַנגעזעסנקײַט פון דער שטאָט מיט די „געשניצטע הענער אף די קוימענס" און „די צירונגען אף די פענצטער־ראמען"; „נאָך דער לאנגער קייט ברענענדיקע און לויפנדיקע מענטשלעכע נעסטן", וואָס ער האָט געטראָפן אף זײַן וועג, זעט אים אויס אויסטערליש אויך די כאָפּטע קינדער, וואָס שפּילן אין מילכאָמע אינעם ליכטיקן גאָלד־שטויב פון דער זון. און ער אליין אין זײַן הוס און אין דעם הארבסט־מאנטל מיטן ווארשעווער שניט איז טאקע אויך ווילד־פרעמד פאר די שפּילנדיקע קינדער. זיי נעמען אים אָן גאָר פאר א שפּיאָן. אָבער דאָס מעשונעדיק־נײַע, פריִער קיינמאָל ניט געהערטע וואָרט „עוואקויִראָוואני", וואָס עס זאָגט ארויס דער מיליציאָנער, רופט ארויס בא זיי א ווונדערלעכע פארוואנדלונג:

„איינער פון די קליינע „סאָלדאטן" האָט א גלעט געטאָן דעם פרעמדן איבער דער פּלייצע און מיט אנציקונג א זאָג געטאָן:

— עך, טי, „עוואקויִראָוואני"...

און די ברייטבייניקע אלטע פארנעפּלטע שטאָט האָט זיך מיטאמאָל פאר דעם פרעמדן געעפנט מיט א הארציקער נאָענטקײַט".

די הארציקע נאָענטקײַט פון ווײַטע מענטשן — דאָס איז איינער פון די לייטמאָטיוון פונעם ווערק. און מיט דעם איז פארבונדן קאַגאַנאָווסקיס הויפּט־טעמע: וויִאזוי האָט זיך אָפּגעשפּיגלט די אלטע רוסישע שטאָט בײַס דער

---

[*] עפראַיִם קאַגאַנאָווסקי. א שטאָט אף דער וואָלגע. ווארשע, פארלאג „ייִדיש בוך", 1961.

צווייטער וועלט־מילכאָמע אין די אויגן פונעם פוילישן ייִדן, וואָס זײַנע שוועסטער און ברידער זײַנען שוין צו יענער צײַט געווען פארשפארט אין די געטאָס פון די קלענערע און גרעסערע שטעט פון פוילן און אין זײַנע געהירן האָט געלעבט דאָס שרעקבילד — די מאָנומענ־טאַלע פיגור פון א דײַטש מיט א הונט ערגעץ אף די בעהאָלעדיקע וועגן, „דער שפּיציקער גלאַנץ פון דעם דײַטשס שטיוול און די לאַנגע, שפּיציקע נאָז פון דעם הונט".

ס'איז מערקווירדיק: דאָס ווערק הייסט „א שטאָט אף דער וואָלגע". אין טעקסט גופא שרײַבט אָבער עפראַיִם קאַגאַנאָווסקי, דער סטיליסט, וואָס איז אזוי מאקפּיד אפן ייִדישן קלאַנג, אומעטום דאפקע „וואָלגא", חי ניט וואָלג־דיק פארלירן קיין איין זילב אינעם רוסישן וואָרט. און איינס נאָך איינס שײַנען אוף אינעם בוך הערלעכע ביל־דער פון דעם טײַך, דעם אזוי ענג פארבונדענעם מיט דער רוסישער אלטערטימלעכקײַט, מיט דער רוסישער ברייטקײַט, מיט די ליידן פונעם רוסישן פאָלק, מיטן נאָמען פון מאקסים גאָרקי און ענדלעך מיט די שלאכטן קעגן פאשיזם:

„די וואָלגא האָט אופגעשפּילט מיט א בלויער, איידע־לער ליכטיקײַט, וואָס האָט געצויגן אין דער ווײַט".

בריין האָט „געזען אין א ווײַסן נעפּל די וואָלגא, וואָס איז געלעגן הויך, ווי אפן הימל".

ער „האָט געזען די ווײַטע וואָלגא אין א ווייכן, ווײַס־לעכן זילבער־ליכט".

דער סוינע דערנעענטערט זיך צום הארצן פונעם לאַנד, צו מאָסקווע, און די געשפּאַנטקײַט אין דער וואָלגע־שטאָט וואַקסט מיט יעדער מינוט. זי כאַפּט ארום יעדעס הויז, יעדן מענטשן. קאַגאַנאָווסקין האָט זיך אײַנגעגעבן איבער־צוגעבן דעם טעמפּ, דאָס גיכע לעבן, וואָס איז כאראקטע־ריסטיש פאר צײַטן פון פאָלקס־קאטאסטראָפעס און פאָלקס־אופברויזן. די רויט־באפארבטע וואָלגע און די פײַערלעשער אין זייערע מעשענע קאַסקעס, וועלכע בליצן „אין דער מעשונעדיקער רויטער ליכט פונעם הימל", ווישן מאָדנע גיך אָפּ דאָס בילד פון די געמיטלעכע הענער אף די קוימענס. עס פארשווינדט באלד די בלויע ליכטיקײַט פונעם טײַך גופא. דער מילכאָמע־טעמפּ איז אויסגעדריקט אויך אין דער האסטיקער צופעליקײַט פון באגעגענישן און צעשיידונגען, אפילו אינעם רעמעז אף דער אומדערוואַרט אופגעפלאַמטער סימפּאַטיע צווישן ברינען און דעם רוסישן מיידל לידא פעטראָוונא.

און ווידער וועגן נעמען. קאַגאַנאָווסקי האָט געהאַלטן, אז דאָס געבורט פון א געשטאַלט אין דער פאַנטאַזיע פונעם שרײַבער הייבט זיך אָן פונעם נאָמען. „א שלעכ־טער שרײַבער ווערט געשטרויכלט באלד בא דער ערשטער שורע, באַם אָנרופן זײַן העלד, — האָט מיר איינמאָל גע־זאָגט קאַגאַנאָווסקי מיט א טאָן פון באדויערונג, ווי מע רעדט וועגן א קראַנקן, א קריפּל. — שוין דער נאָמען פונעם פארשוין איז ניט קיין נאָמען".

דער פוילישער ייִד גייט איבער די גאַסן פון דער באַדראַטער וואָלגע־שטאָט און פרוווט ארויסרופן אין זײַן פאַנטאַזיע דאָס געשטאַלט פון עפּעס איינער א פּרוי סטע־פאַנידא איוואַנאָוונא, אַן אומבאַוווּסטער און אומבאַקאַנ־טער, ווי דאָס גאַנצע לאַנד. דאָס פּאַפּירל פון עוואַקאַפּונקט זיכערט פאר אים א ווינקל אין איר וווינונג.

דער נאָמען „סטעפּאַנידא איוואַנאָוונא" גייט בא אים אין איינקלאַנג מיטן נאָמען „וואָלגא". עס איז ברייט און מעכטיק. עס ווערט געשריבן מיט א גרויסן בוכשטאַב אין אָנהייב. און די אלטע רוסישע פּרוי סטעפּאַנידא איוואַ־נאָוונא איז טאַקע גרויס און מעכטיק, כאָטש אויך קינ־דעריש־נאַיוו. זי איז א שטרענגע און א גוטע, איר פּאָנעם איז פּײַיק אָנצונעמען די „הארטקײַט פון שטיין" און באהויכט ווערן מיט א „הייכער ווארעמקײַט".

און דאפקע זי מיט איר „שווערן עלטערלעכן טראָט, אין איר אלטמאָדישן פּליושענעם זשאַקעט און גראָבע, ווי מענערישע, שיך" דריקט אויס אמערסטן בא קאַגאַ־נאָווסקין די ווירדע פון פאָלק, זײַן אומבאַזיגבאַרקײַט. זי איז מאָנומענטאַל, ווי פון אַן אלטער פרעסקע אראָפּ־געמאָלט. ניט צופעליק איז אויך די פארגלײַכונג פונעם רוסישן מיידל אינעם זעלנערישן היטל מיט „א בלענדנ־דיק שיין ייִנגל פון די אלטע ביזאַנטישע ריטער־מײַ־סעלעך".

די שטאָט אף דער וואָלגע האָט סאַקאַקל פאר צוויי טעג פארלאָרן איר געמיטלעכקײַט. דאָס גאַנצע לעבן איז ארויסגעפּלאָסן פון די שטיבער אף דער גאַס. און צווישן דער אופגערודערטער מענגע אָרטיקע מענטשן שנײַדן זיך דורך א וועג צום וואָקזאַל מענטשן מיט פּעקלעך און זעקלעך, געקומענע פון ווײַט. דאָס זײַנען די פארשטוי־סענע, זין און טעכטער פון פריצישן פוילן, פוילישע ייִדן, פּילגעפּרווּווטע אין ליידן און פארפּאָלגונגען.

עפראַיִם קאַגאַנאָווסקי האָט ליב געהאַט פוילן. בלויז א ליבנדיק הארץ האָט געקענט אויסכאָוון אזא בילד אין דער דערציילונג „אלגא", וואָס איז אָפּגעדרוקט אין איין בוך מיט „א שטאָט אף דער וואָלגע": „אינעם סאָף זו־מער זײַנען די וועלדער אין פוילן, אונטער דער הויכער זון, געשטאַנען פארגאָסענע מיט א קלאָר פריילעך ליכט... ליכטיק־גרינע, ווי לאַקירטע בלעטלעך, באהאַלטן זיך שפּילעוודיק די רויטע קרעלן־יאַגעדעס, באהאַלטן זיך אונ־טער די קונציק־געשניצטע, גרויסע און פריילעכע „פּאַפּ־ראָטש"־בלעטער, און ווײַסע בזשאָזעס, ווי יאַמטעוו־ליכט, שטייען ליכטיקע און צאַרטע און פארבעטן אין דער פריי־דיקער טיפיקײַט פונעם וואַלד".

אין קאַגאַנאָווסקיס שאפן האָט וויברירט דאָס פּילקאָ־לירעק לעבן פון אלע שיכטן פון דער ייִדישער באפעל־קערונג אין פוילן. און ווי שטאַרק דער שרײַבער, אן

אָפּגעריסענער פון זײַן שעפערישן מקור, האָט געבענקט נאָך זײַן היים. א פּראַקטיקער דערציילער, איז ער געווען פעיִק שאַנעווײַז אימפּראָוויזירן פאַרשיידענע מײַסעס, און פאַר אונדזערע אויגן פלעגט אופלעבן די קיינמאָל ניט באַזונגענע וואַרשע מיט אירע „שיינע ייִדן", מיט איר פּראָלעטאַריאַט, מיט איר אונטערוועלט, מיט אירע עמעסע באַצעגנאַסן און „מעצענאַטן" — גראָבע יונגען. אין קאַ־גאַנאָווסקיס מינדלעכע דערציילונגען פלעגט אָבער אָפט אויפקומען אויך דאָס געשטאַלט פון א שרײַבער, וואָס טראָגט אונטערן אָרעם זײַנע אייגענע ביכער צו פאַר־קויפן, א דערנידעריקטער, ווי א בעטלער בא גווירישע שוועלן. און דערפאַר טאַקע איז פאַרשטענדלעך ברינס איבעראַשונג איבער דער מאַכט פונעם מיטגלידס־ביכל פון שרײַבער־פאַרבאַנד, וואָס ער האָט באַקומען באַלד, ווי ער האָט באַטראָטן די רוסישע ערד. אין טעג פון דער גרעסטער דערשיטערונג פאַרן רוסישן פאָלק, ווען דער פײַנט האָט באַדראָט מאָסקווע, דינט דאָס דאָזיקע ביכל דעם ייִדישן שרײַבער פון פּוילן ווי א קאַמייע פון רעטונג.

•

די מענטשן מיט די פעקלעך און זעקלעך זײַנען עס די, פאַר וועמען ברין האָט געשריבן און בא וועמען ער האָט געפונען אנערקענונג. זייער גוירל איז זײַן גוירל. צוזאַ־מען מיט זיי, די הונגעריקע און אויסגעשעפּטע, לאָזט ער זיך אַראָפּ אפן שטיינערנעם דיל פון וואָקזאַל, וווּ „די שפּרינג־טיר האָט געטראַסקעט מיט רײַסנדיקע קלעפּ, ווי מע וואָלט געשאָסן, און יעדעס מאָל ארײַנגעבלאָזן א שטראָם קאַלטע סטעפּ־לופט. און יעדעס מאָל, ווען עמע־צער האָט זיך באַוויזן פון דרויסן, איז געוואָרן א בעהאָ־לעדיקער ראַש. שלאָפנדיקע זײַנען אופגעשפּרונגען מיט הילדע קרומע לויפערײַען, וואָס האָבן זיך דאָ יעדעס מאָל איבערגעכאַזערט, ווען עס האָט באַדאַרפט זײַן אן אָנפלי, אָדער עס האָט זיך געדאַכט, אז עס איז געקומען א צוג", א צוג, וואָס וועט זיי אַוועקפירן ווײַט אין דער טיף פונעם ריזיקן לאַנד. און דאָרט איז די רעטונג.

נאָך א פּאָר ווערטער וועגן דעם הויפּט־פּערסאָנאַזש פון דער דערציילונג. עפראַיִם קאַגאַנאָווסקין האָט שטענ־דיק אינטריגירט די רעטעניש פון קינסטלערישן באַרוף. ניט איין מאָל האָט ער זיך געמיט מיר צו דערווײַזן, אז אייניקע אפילע גאַנץ אָנגעזעענע שרײַבער וואָלטן גע־קאָנט בא געוויסע אומשטענדן אויסוויילן אן אַנדער לעבנס־וועג. „אָט מיט בערגעלסאָנען וואָלט עס ניט גע־קאָנט געשען, — האָט ער געזאָגט, — בערגעלסאָן גע־הערט דורכויס צו דער שרײַבער־ראַסע. ס'איז בא אים אין דער בלוט".

דעם שרײַבער ברין אין „א שטאָט אף דער וואָלגע" וואַרעמט דאָס ביכעלע פונעם סאָוועטישן שרײַבער־פאַר־באַנד, וואָס באַשטעטיקט זײַנע באַזונדערע רעכט אלס שרײַבער. און דאָך... און דאָך שעמט ער זיך צו קוקן אין די אויגן די ווײַבער, וועמעס מענער זײַנען אפן פראָנט, און דאָך איז ער מעקאַנע די מאָביליזירטע, וואָס מאַרשירן מיט דער ליד «Москва моя». ער איז מע־קאַנע אויך דעם כאַווער לעווין, וואָס איז ארויס פון א פּוילישער ספּיסע און איצט איז זײַן וועג אזא קלאָרער — מיט אלעמען אפן פראָנט. און אפילע ביזן פראָנט גייט אים ניט אין דעם, ער זאָל טיילן דעם גוירל פון די מײַרעוו־פּליטים, נאָר אין דעם, מיט וואָס ער קאָן זיי העלפן. ווען ער וואָלט געבליבן אין וואַרשע, וואָלט ער מיסטאַמע געווען איינער פון די אָנפירער פון דעם אופשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ.

ברין איז א מענטש פון רעפלעקסיע, ניט פון טאַט. ער באַאָבאַכטעט און באַטראַכט דאָס געזעענע, פיקסירט מיט זײַן קינסטלערישן אויג סײַ אויסערלעכע דעטאַלן סײַ אינערלעכן געמיט. אין דער אטמאָספער, וואָס דער פּויל־ישער ייִד ברין, דער שרײַבער, האָט אופגעכאַפּט אין מע־שעך פון צוויי טעג אין „א שטאָט אף דער וואָלגע", דער־קענען מיר עפראַיִם קאַגאַנאָווסקיס פאַרערונג פון דעם רוסישן מענטש, פון זײַן מאָראַלישער און פיזישער גווורע.

„א שטאָט אף דער וואָלגע" איז א ראָמאַנטיש ווערק, א מין אָפּאָטעאָז פאַר די „פּאָשעטע גוטמוטיקע ריזן", ווי עס שטעלט זיך פאָר דאָס רוסישע פאָלק דעם מע־כאַבערס אופגעברויזט געמיט.



אבע פינקעלשטיין

# ווערק פון יִדישע שרײַבער אין די יאָרן 1955-1961

(נאָטיצן פון א ביבליאָגראף)



אָך דעם היסטאָרישן XX צוזאמענפאָר פון דער קאָמוניסטישער פארטיי פון סאָוועטנפארבאנד האָבן זיך פון יאָר צו יאָר אלץ מער באוויזן איבערזעצונגען פון די ווערק פון די יִדישע סאָוועטישע שרײַבער אַף אנדערע שפראכן. עס איז אויך ארויס א ריי ביכער אין יִדיש.

אויב אין 1955 זײַנען דערשינען אין דער רוסישער איבערזעצונג פינף ביכער אין א טיראזש פון 154 500 עקזעמפּליארן, האָבן אין 1961 די פארלאגן שוין ארויסגעגעבן 33 ביכער פון יִדישע שרײַבער אין א טיראזש פון 1 מיליאָן 222 טויזנט עקזעמפּליארן. סאכאקל האָבן פאר די זיבן יאָר (1955—1961) די לייענער באקומען 187 ביכער פון בעערך 80 יִדישע שרײַבער (ארײַנגערעכנט די ביכער אין דער יִדישער שפראך) אין א טיראזש פון קאָרעוו 12 מיליאָן עקזעמפּליארן.

מיר ברענגען דאָ קימאט א פולע רעשימע פון די יִדישע שרײַבער, וועמעס ווערק עס זײַנען דערשינען פאר די יאָרן 1955—1961:

מוישע אלטמאן, פּייסי אלטמאן, מ. אראָנסקי, בוזי אָלעווסקי, ריווע באליאסנע, ראָכל בוימוואָל, דאָוויד בערגעלסאָן, שמועל גאָדינער, שימען גאָלדענבערג, מוישע גאָלדשטיין, אווראָם גאָנטאר, עליע גאָרדאָן, שמועל גאָרדאָן, אלעקסאנדער גובניצקי, ארן גורשטיין, מאָטל גרוביאן, הירש דאָבין, צאָדעק דאָלגאָפּאָלסקי, הירש דיִאמאנט, שיקע דריז, שמועל האלקין, מאָטל הארצמאן, דאָוויד האָפּשטיין, שמועל העלמאָנד, דאָוויד וואָלקענשטיין, כאָנע ווײַנערמאן, ז. ווענדראָף, ארן ווערגעליס, נאטאן זאבארע, מאָטל טאלאלאיעווסקי, דאָרע טייטלבוים, מוישע טייף, זיאמע טעלעסין, ארן יודלסאָן, איזי כאריק, שיפרע כאָלאָדענקאָ, דווירע כאָראָל, נויעך לוריע, נאָטע לוריע, כאיִם לויצקער, מענדל ליפּשיץ, מישע לעוו, כאנע לעווין, כאיִם מאלטינסקי, פּערעץ מארקיש, בוזי מילער, כאיִם מעלאמוד, פּײַוול סיטאָ, יִסראָעל סערעבריאני, הערש פּאָליאנקער, מוישע פּינטשעווסקי, אײַזיק פּלאטנער, שמועל פּערסאָוו, יעכיִעל פאליקמאן, עזראָ פינינבערג, אורי פינקעל, איציק פעפער, אווראָם קאהאן, הירש קאמענעצקי, יויסעף קאָטליאר, הירש קאָסאָי, ארן קושניראָוו, מוישע קולבאק, לייב קוויטקאָ, איציק קיפּניס, יויסעף קערלער, יויסעף ראבין, שמועל ראָסין, ריווקע רובין, אָשער שווארצמאן, מאָטל שטורמאן, עליִעזער שטיינבארג, יאנקעוו שטערנבערג, יעכיִעל שרײַבמאן אא.

אין דער געבראכטער רעשימע גייען ניט ארײַן די קלאסיקער פון דער יִדישער ליטעראטור. איבערזעצונגען פון זייערע ווערק באווײַזן זיך זייער אָפט. אזוי, לעמאָשל, זײַנען פאר די לעצטע יאָרן דערשינען 33 ביכער פון שאָלעם־אלייכעמען אין דער איבערזעצונג אף פארשיידענע שפּראכן.

## קימאט אין אלע רעפּובליקן

ביכער פון יִדישע שרײַבער האָבן ארויסגעגעבן דרײַ און דרײַסיק פארלאגן אין פארשיידענע רעפּובליקן פון אונדזער לאנד: עלף פארלאגן פון דער רוסלענדישער פעדעראציע, נײַן — פון דער אוקראַיִנישער רעפּובליק, צוויי פארלאגן פון מאָלדאוויע, צוויי פון טאדזשיקיסטאן אא. מיר וועלן דאָ אָנרופן כאָטש אייניקע פון די דאָזיקע פארלאגן: „סאָוועטסקי פּיסאטעל", גאָסליטיזדאט, דעטגיז אא. — אין מאָסקווע; ראדיאנסקי פּיסמעניק, דערזשליטווידאוו, דיטווידאוו אא. — אין קיִעוו; ווײַסרוסישער מעלוכע־פארלאג — אין מינסק; גאָסליטיזדאט פון דער אוזבעקישער ססר — אין טאשקענט; סאבטשאָטא סאקארטוועלאָ — אין טביליסי און פיל אנדערע.

## אף נײַנצן שפּראכן

די דערמאָנטע 187 ביכער זײַנען דערשינען אף נײַנצן שפּראכן, דערונטער אף 15 שפּראכן פון די פעלקער פון פססר און אף 4 אויסלענדישע, נעמלעך: רוסיש, אוקראַיִניש, ווײַסרוסיש, מאָלדאוויש, טאדזשיקיש, אזערבײַדזשאניש, ארמעניש, גרוזיניש, באשקיריש, ליטוויש, לעטיש, עסטאָניש, טורקמעניש, אוזבעקיש, יִדיש, ענגליש, שפּאניש בענגאליש, הינדי.

די גרעסטע צאָל ביכער — 125 — זײַנען אַרויס אין דער רוסישער איבערזעצונג. דאָס איז געוויס אַ דערפרייענדיקע דערשײַנונג, ווײַל די איבערוועגנדיקע מערהײַט פון דער סאָוועטישער באַפעלקערונג לייענט אין רוסיש און די ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער האָבן באַקומען אַן אומבאַגרענעצטן קאָנטינגענט לייענער. 23 ביכער זײַנען דערשינען אין אוקראַיִניש, 9 — אין ווײַסרוסיש, 5 אין מאָלדאַוויש, 19 אַף אַנדערע שפּראַכן. זעקס ביכער זײַנען דערשינען אין ייִדיש (די ווערק פון שאָלעם־אַלייכעם, מענדעלע מויכער־ספאָרים, ייִצכאָק־לייבוש פּערעץ, דאָוויד בערגעלסאָן, אָשער שוואַרצמאַן און די בּיראָבּידזשאַנער זאַמלונג).

זשאַנרען

מיר ברענגען אַ טאַבעלע, וועלכע באַווײַזט די זשאַנרען־צעטיילונג פון די דערשינענע ביכער לויט די יאָרן.

טאַבעלע 1

| זשאַנרען | צאָל ביכער לויט די יאָרן | | | | | | | |
| --- | --- | --- | --- | --- | --- | --- | --- | --- |
| | 1955 | 1956 | 1957 | 1958 | 1959 | 1960 | 1961 | סאַכאַקל |
| פּראָזע | 1 | 4 | 11 | 10 | 19 | 11 | 14 | 70 |
| פּאָעזיע | 1 | 4 | 9 | 11 | 2 | 10 | 10 | 47 |
| קינדער־ליטעראַטור | 3 | 4 | 13 | 12 | 12 | 7 | 8 | 59 |
| אַנדערע זשאַנרען | — | 1 | 1 | 3 | 3 | 2 | 1 | 11 |
| סאַכאַקל | 5 | 13 | 34 | 36 | 36 | 30 | 33 | 187 |

אינעם צײַגער „אַנדערע זשאַנרען" זײַנען אײַנגעשלאָסן קריטיק, דראַמאַטורגיע, וויסנשאַפטלעך־פאַרשערישע ווערק און פאַרשיידענע זאַמלונגען.

ווי מע זעט פון דער טאַבעלע, האָט דאָס גרעסטע אָרט פאַרנומען די קינסטלערישע פּראָזע — 70 ביכער. ווײַטער גייט קינדער־ליטעראַטור — 59, פּאָעזיע — 47.

פאַרלעגער

דער מאָסקווער פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל" האָט, קאָן מען זאָגן, „געעפנט דעם וועג" פאַר אַלע פאַרלאַגן אין פּראַט פון אַרויסגעבן איבערזעצונגען פון ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער. אָבער דאָס וויכטיקסטע אָרט אין אָט דער אַרבעט פאַרנעמט בעפּיירעש דער גאָסליטיזדאַט (מעלוכע־פאַרלאַג פון קינסטלערישער ליטעראַטור). ער גיט אַרויס ניט בלויז איבערזעצונגען, נאָר אויך דירעקט אין ייִדיש. אַלע זײַנע אויסגאַבעס האָבן גאָר גרויסע טיראַזשן. אויב רעכענען לויט דער צאָל בויגנס, האָט דער גאָסליטיזדאַט אָפּגעדרוקט פון דער ייִדישער ליטעראַטור אַפילע מער, איידער דער פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל", האַגאַם גאָסליטיזדאַט האָט אַרויסגעגעבן פאַר די זיבן יאָר 24 ביכער פון ייִדישע שרײַבער, דאַן ווען „סאָוועטסקי פּיסאַטעל" האָט אָפּגעדרוקט 52 ביכער.

קעדיי געבן אַ גענויע פאָרשטעלונג וועגן דעם, וויפל ביכער פון די ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער עס האָט אַרויסגעגעבן יעדער פאַרלאַג, ברענגען מיר דאָ אַ געפּרעסטע טאַבעלע.

טאַבעלע 2

| פאַרלאַג | צאָל ביכער לויט די יאָרן | | | | | | | |
| --- | --- | --- | --- | --- | --- | --- | --- | --- |
| | 1955 | 1956 | 1957 | 1958 | 1959 | 1960 | 1961 | סאַכאַקל |
| „סאָוועטסקי פּיסאַטעל", מאָסקווע | — | 5 | 14 | 10 | 7 | 7 | 9 | 52 |
| דעטגיז, מאָסקווע | 2 | 4 | 6 | 5 | 6 | 4 | 2 | 29 |
| גאָסליטיזדאַט, מאָסקווע | — | 1 | 1 | 3 | 6 | 6 | 7 | 24 |
| מעלוכע־פאַרלאַג פון ווײַסרוסלאַנד, מינסק | 1 | — | 3 | 3 | 1 | 4 | 2 | 14 |
| ראַדיאַנסקי פּיסמעניק, קיִעוו | 1 | 1 | 2 | 3 | 1 | 1 | 3 | 12 |
| דיטווידאַוו, קיִעוו | — | — | 1 | 3 | 1 | 1 | — | 6 |
| פאַרלאַג פון ליטעראַטור אַף אויסלענדישע שפּראַכן, מאָסקווע | — | — | 3 | 1 | 1 | 2 | — | 7 |
| אַנדערע פאַרלאַגן | 1 | 2 | 4 | 8 | 13 | 5 | 10 | 43 |
| סאַכאַקל | 5 | 13 | 34 | 36 | 36 | 30 | 33 | 187 |

מיר האָבן שוין אויבן אָנגעוויזן, אַז די ביכער פון די ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער און פון די ייִדישע קלאַסיקער זײַנען דערשינען אין א טיראַזש פון קאַרעוו 12 מיליאָן עקזעמפּליאַרן. פּאַקטיש איז דער טיראַזש געווען גרעסער, ווײַל מיר האָבן ניט דיסקאָנטירט די ביכער, אין וועלכע דער טיראַזש איז ניט אָנגעוויזן. צו זיי געהערן: 1) שאָלעם־אַלייכעם, דער פּאַרקישעפּטער שנײַדער (ענגליש), מאָסקווע, 1958, 171 ז.; 2) שמועל פּערסאָוו, פאַרצייכענונגען וועגן העלדן (רוסיש), מאָסקווע, 1959, 104 ז.; 3) דאָרע טייטלבוים, די באַלאַדע פון ליטל־ראָק (רוסיש), מאָסקווע, 1960, 38 ז.

קאַרעוו צוועלף מיליאָן עקזעמפּליאַרן, דאָס הייסט קימאַט צו צוויי מיליאָן עקזעמפּליאַרן א יאָר. די ייִדישע שרײַבער פון אנדערע לענדער האָבן אזעלכע טיראַזשן פון זייערע ביכער אפילע אין כאַלעם קיינמאָל ניט געזען. זייער אינטערעסאַנט זײַנען די ציפערן, וועלכע באַווײַזן דעם טיראַזש לויט באַזונדערע ליטעראַרישע זשאַנרען. קעדיי ניט פאַרנעמען צופיל פּלאַץ, פאַרייניקן מיר זיי אין איין טאַבעלע.

טאַבעלע 3

| זשאַנרען | טיראַזש לויט די יאָרן 1955 | 1956 | 1957 | 1958 | 1959 | 1960 | 1961 | סאַכאַקל |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| פּראָזע | 10 000 | 435 000 | 441 500 | 244 000 | 1 237 450 | 858 000 | 863 000 | 4 088 950 |
| פּאָעזיע | 4 500 | 32 000 | 47 000 | 70 000 | 7 000 | 58 500 | 39 000 | 258 000 |
| קינדער־ליטעראַטור | 140 000 | 930 000 | 1 745 000 | 2 496 000 | 1 029 000 | 882 000 | 319 950 | 7 541 950 |
| אַנדערע זשאַנרען | — | — | 1 040 | 8 040 | 27 600 | 6 050 | — | 42 730 |
| סאַכאַקל | 154 500 | 1 397 000 | 2 234 540 | 2 818 040 | 2 301 050 | 1 804 550 | 1 221 950 | 11 931 630 |

מיר ווילן דאָ ווענדן די אויפמערקזאַמקײַט פון לייענער אַף דער ציפער 4 088 950, וואָס האָט א שײַכעס צו דער קינסטלערישער פּראָזע. אין דער טאַבעלע 1 איז געווען אָנגעוויזן, אַז פאַר די זיבן יאָר זײַנען דערשינען 70 פּראָזע־ביכער. אויב מיר זאָלן דעם טיראַזש פון 4 088 950 טיילן אַף 70, וועט זיך באַקומען אין דורכשניט 58 414 עקזעמפּליאַרן אַף יעדן בוך. דערצו דאַרף מען צוגעבן, אַז עס האַנדלט זיך וועגן גאַנץ דיקע ביכער, וועלכע באַטרעפן לויטן פאַרנעם פון פופצן ביז פערציק דרוקבויגן. דער דורכשניטלעכער טיראַזש פון יעדן בוך פון דער קינדער־ליטעראַטור איז קאַרעוו 128 טויזנט עקזעמפּליאַרן, פון פּאָעזיע — 5 490 עקזעמפּליאַרן.

אין דער טאַבעלע 4 ווערט באַוויזן, ווער פון די סאָוועטישע פאַרלאַגן און אין וועלכן יאָר האָט ארויסגעלאָזט אָט די צוועלף מיליאָן עקזעמפּליאַרן ביכער פון דער ייִדישער ליטעראַטור.

טאַבעלע 4

| פאַרלאַג | טיראַזש לויט די יאָרן 1955 | 1956 | 1957 | 1958 | 1959 | 1960 | 1961 | סאַכאַקל |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| דעטגיז, מאָסקווע | 130 000 | 930 000 | 1 385 000 | 1 990 000 | 808 000 | 790 000 | 170 000 | 6 203 000 |
| גאָסליטיזדאַט, מאָסקווע | — | 225 000 | 165 000 | 60 000 | 840 000 | 640 000 | 672 500 | 2 602 500 |
| „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“, מאָסקווע | — | 90 000 | 253 000 | 150 000 | 115 000 | 101 000 | 134 500 | 843 500 |
| ווײַסרוסישער מעלוכע־פאַרלאַג, מינסק | 10 000 | — | 24 000 | 15 000 | 10 000 | 165 000 | 8 950 | 232 950 |
| ראַדיאַנסקי פּיסמעניק, קיִעוו | 4 500 | 2 000 | 29 000 | 42 000 | 2 000 | 1 500 | 35 000 | 116 000 |
| דיטווידאַוו, קיִעוו | — | — | 150 000 | 365 000 | 58 000 | 65 000 | — | 638 000 |
| פאַרלאַג פון ליטעראַטור אַף אויסלענדישע שפּראַכן, מאָסקווע [1] | — | — | 170 000 | — | 4 450 | 20 000 | — | 194 450 |
| אַנדערע פאַרלאַגן | 10 000 | 150 040 | 58 500 | 196 040 | 463 600 | 22 000 | 201 050 | 1 101 230 |
| סאַכאַקל | 154 500 | 1 397 040 | 2 234 500 | 2 818 040 | 2 301 050 | 1 804 500 | 1 222 000 | 11 931 630 |

1 אין די ביכער פון אָט דעם פאַרלאַג איז ניט שטענדיק אָנגעוויזן דער טיראַזש, דעריבער האָבן מיר ניט געקאָנט רעגולער פירן דעם דיסקאָנט פון זייערע טיראַזשן.

אָט זײַנען אייניקע בײַשפּילן וועגן די טיראַזשן פֿון גאָסליטיזדאַט: פּערעץ מאַרקישעס אויסגע־ווילטע ווערק אין צוויי בענדער זײַנען אַרויס־געגעבן אין 20 טויזנט עקזעמפּליאַרן יעדעס בוך; נויעך לוריעס „וואַלד־שטילקײַט" — 75 טויזנט עקזעמפּליאַרן; י.־ל. פּערעצעס בוך אין ייִדיש — 30 טויזנט; מענדעלע מוכר־ספֿרימס בוך אין ייִדיש — 30 טויזנט און אין רוסיש — 100 טויזנט; דאָוויד בערגעלסאָנס אין ייִדיש — 30 טויזנט, אין רוסיש — 75 טויזנט; אָשער שוואַרצ־מאַנס לידער אין ייִדיש — 10 טויזנט (אין רו־סיש האָט אָשער שוואַרצמאַנס לידער אַרויסגע־געבן דער פֿאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל" אין א טיראַזש פֿון 3 טויזנט עקז.).

אין גאָר גרויסע טיראַזשן זײַנען פֿאַר אָט די זיבן יאָר דערשינען שאָלעם־אַליינכעמס ווערק. פֿון דעם אַלגעמיינעם טיראַזש פֿון די איבערזעצונגען פֿון זײַנע ווערק (העכער 3 מיליאָן עקזעמפּליאַרן) זײַנען 2 מיליאָן 765 טויזנט עקזעמפּליאַרן אַרויס־געגעבן אין רוסיש און 297 טויזנט עקזעמפּליאַרן אין צוועלף שפּראַכן: ייִדיש, אוקראַיִניש, מאָלדאַ־וויש, אוזבעקיש, עסטאָניש, אַזערבײַדזשאַניש, אַרמעניש, גרוזיניש, ליטוויש און טאַדזשיקיש. איין בוך איז דערשינען אין שפּאַניש (4 450 עק־זעמפּליאַרן) און איין בוך אין ענגליש. מיר ברענ־גען דאָ א רעשימע פֿון שאָלעם־אַליינכעמס ווערק, וועלכע זײַנען פֿאַר די דערמאָנטע זיבן יאָר אַרויסגעגעבן געוואָרן אין פֿאַרשיידענע שפּראַכן:

| | טיראַזש (עקז.) |
|---|---|
| געזאַמלטע ווערק אין 6 בענדער | 1 350 000 |
| בלאָנדזשענדע שטערן (3 באַזונדערע ביכער) | 180 000 |
| פּינעם יאַריד | 165 000 |
| מאָטל פּייסי דעם חזנס (7 באַזונ־דערע ביכער) | 143 000 |
| דער פֿאַרקישעפּטער שנײַדער (3 בא־זונדערע ביכער, אין איינעם פֿון זיי איז דער טיראַזש ניט אָנגעוויזן) | 229 450 |
| מעשׂיות פֿאַר קינדער | 100 000 |
| דערציילונגען (3 באַזונדערע ביכער) | 665 000 |
| דאָס מעסערל | 115 000 |
| אויסגעוויילטע ווערק (3 באַזונדערע ביכער) | 62 000 |
| א זעקס און זעכציק | 20 000 |
| דער זייגער | 15 000 |
| שיר־השירים | 10 000 |
| דרײַ אַלמאָנעס | 8 000 |
| ס א כ א ק ל | 3 062 450 |

צולעצט, אייניקע צײַגערס וועגן די טיראַזשן אויף באַזונדערע שפּראַכן. אין רוסיש זײַנען פֿאַר די זיבן יאָר דערשינען ביכער פֿון ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער און פֿון די ייִדישע קלאַסיקער אין א טיראַזש פֿון 10 676 580 עקזעמפּליאַרן; אין אוקראַיִניש — 669 650; אין ייִדיש — 133 000; אין ווײַסרוסיש — 42 950; אויף אַנדערע שפּראַכן — 409 450 עקזעמפּליאַרן. סאַכאַקל 11 931 630 עקזעמפּליאַרן.

* * *

עס איז באַוווּסט, אַז א סך פֿון אונדזערע ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער האָבן זיך אין די יאָרן 1955—1961 געדרוקט אויך אין דער פּעריאָדישע פּרעסע (זשורנאַלן און צײַטונגען) אויף א סך שפּראַכן פֿון די פֿעלקער פֿון אונדזער לאַנד. דאָס דאָזיקע אָבער האָבן מיר דערווײַל נאָך ניט דיסקאָנטירט.

ווען מע באַקענט זיך מיט די פֿאַרלאַג־פּלענער אויף די ווײַטערדיקע פֿיר יאָר פֿונעם זיבניאָר, איבערצײַגט מען זיך, אַז די אַרבעט פֿון דרוקן ווערק פֿון די ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער און איבערזעצונגען אויף אַנדערע שפּראַכן וועט פֿאַר־געזעצט ווערן מיט די געהעריקע טעמפּן, כאָטש די ייִדישע לייענער פֿאַרמאָגן שוין זייער אייגע־נעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד", וואָס גייט אַרויס אין 25 000 עקזעמפּליאַרן און אין וועלכן עס דרוקן זיך ווערק פֿון העכער הונדערט ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער.

עס איז גאָר איבעריק צו ריידן וועגן דעם, אַז עס איז ניטאָ נאָך אַזאַ לאַנד אין דער וועלט, וווּ די ייִדישע שרײַבער זאָלן געדרוקט ווערן אין אַזויפֿיל שפּראַכן און אין אַזעלכע גרויסע טי־ראַזשן. דאָס איז מעגלעך בלויז אין סאָוועטנפֿאַר־באַנד, וווּ עס בליט אין דער גאַנצער פּראַכט די פֿעלקער־פֿרײַנטשאַפֿט.

# כראָניק

אונדזער קאָרעספאָנדענט האָט זיך פארבונדן מיט די רעדאקטאָרן פון א רײ ליטעראריש־קינסטלערישע זשורנאלן און געשטעלט פאר זיי די פראגע: „וועלכע ווערק דרוקן זיך אין אײַער זשורנאל אינעם יון־נומער?" מיר ברענגען די ענטפערס.

„י ו נ אָ ס ט" (יוגנט־זשורנאל, דערשײַנט אין מאָסקווע אין רוסיש):

— מיט א נײַ ווערק טרעט בא אונדז ארויס לאזאר קארעלין. דאָס איז א יונגער, אָבער שוין א פולשטענדיק רײַפער שרײַבער מיט אן אייגענעם ליטעראַרישן סטיל. אין יון־נומער הייבן מיר אָן צו דרוקן דאָס ערשטע בוך פון זײַן ראָמאן „מיקראָראיאָן". די האנדלונג קומט פאָר אין אן ערשט־אופגעקומענעם ייִשעוו. אלץ איז דאָ נײַ און פארכאפנדיק: די פראכטפולע קולטור־אנשטאלטן, די דירעס מיט אלע באקוועמלעכקײַטן, די צווישנבאציִונגען צווישן די מענטשן. נאָר דאָך גאנווענען זיך




אהער ארײַן אויך רעשטן פונעם אלטן, פארשימלטן שטייגער. אין שפיץ פונעם קאמף קעגן די דאָזיקע רעשטן שטעלט זיך א יונגער קאָמוניסט. מיט גרויסער קינסטלערישער קראפט שילדערט אים דער אווטאָר אלס א פארגאנצט און זייער אינטערעסאנט געשטאלט.

אין יון־נומער ווערט געדרוקט דער סאָף פון דער גרויסער דערציילונג פון א. לוקין און דמ. פאָליאנאָווסקי „סעדאָי" („גרויער"), געווידמעט דער טעטיקײַט פון די אָדעסער טשעקיסטן אין די צוואנציקער יאָרן.

סאָף 1961 האָט דער דיכטער מיכאִיל סוועטלאָוו אין אן ארטיקל אין דער „קאָמסאָמאָלסקאיא פראוודא" דערמאָנט דעם נאָמען פונעם געוואגטן שלאכטמאן פיאָדער טשיסטיאקאָוו, וואָס איז העלדיש אומגעקומען אפן פראָנט אין 1942. מיט טשיסטיאקאָוון האָט אים געהאט באקאנט דער געלערנטער באָריס ביאליק. אין צוזאמענהאנג דערמיט האָט „יונאָסט" אָפגעדרוקט א דאָקומענטאלע דערציילונג פונעם דאָקטאָר פון פילאָלאָגישע וויסנשאפטן פראָפעסאָר באָריס ביאליק „א ברייט צעעפנט הארץ", ווו עס ווערט באשריבן, ווי דער ייִנגערער לייטענאנט טשיסטיאקאָוו, האָבנדיק פארשטעלט מיטן אייגענעם קערפער זײַן פראָנט־כאווער, איז דורכגעלעכערט געוואָרן פון א האָגל פאשיסטישע קוילן. צום סאָף פון אָט דער דערציילונג האָבן מיר צוגעשריבן צוויי ווערטער: „פאָרזעצונג קומט"...

און די פאָרזעצונג איז געקומען. אינגיכן האָבן זיך אָפגערופן: דער קאָמאנדיר פונעם באטאליאָן, ווו טשיסטיאקאָוו האָט געדינט; דער מיליטערישער פאָטאָ־קאָרעספאָנדענט, וואָס האָט ניט איין מאָל פאָטאָגראפירט דעם העלדישן שלאכטמאן; דער בארימטער פוטבאָליסט ווסעוואָלאָד באָבראָוו, וואָס האָט זיך געלערנט מיט טשיסטיאקאָוון אין איין שול, און פיל אנדערע. זייערע טיף רירנדיקע בריוו וועגן טשיסטיאקאָוון ווערן פארעפנטלעכט אינעם יון־נומער.

אינטערעסאנט איז יורי יאקאָווולעווס פאטריִאָטישע דערציילונג „דעם פליִערס זון".

אינעם זעקסטן נומער ווערן געדרוקט ארטיקלען און פארצייכענונגען וועגן דעם גרויסן רוסישן שרײַבער איוואן גאָנטשאראָוו (צו זײַן 150־טן געבורטסטאָג), וועגן נײַע קינאָפילמען, וואָס בארירן די פראָבלעמען פון קאמף קעגן באלעבעסלדיקער אופירונג, וועגן אימפרעסיִאָניזם אין דער מאָלערײַ־קונסט אא.

מיט נײַע לידער איז פארטראָטן א גאנצע פלעיאדע יונגע דיכטער.

„ק א ר אָ ג ס" (דערשײַנט אין ריגע אין דער לעטישער שפראך):

— אינעם יון־נומער פארענדיקן מיר דרוקן דעם נײַעם פילפלאניקן ראָמאן פון דעם אָנגעזעענסטן שרײַבער פון לעטלאנד ווילי לאציס „נאָך די רעגנס". אינעם ראָמאן וויקלט זיך פאנאנדער א ברייט בילד פון אונדזער צײַט, עס ווערן באוויזן די ענדערונגען, וואָס זײַנען פאָרגעקומען נאָכן היסטאָרישן XX פארטיי־צוזאמענפאָר. דער לייענער באקאנט זיך מיט א רײ קאָלאָריטפולע געשטאלטן פון סאָוועטישע מענטשן. דער הויפּטהעלד — א טרײַער סאָוועטישער פאטריִאָט — האָט געליטן פונעם פערזאָנען־קולט, נאָר קיין זאך האָט ניט געקאָנט ברעכן זײַן ליבע צום היימלאנד, צו דער קאָמוניסטישער פארטיי, און די פארטיי קערט אים אום זײַן גוטן נאָמען, גיט אים די מעגלעכקײַט אײַנצושליסן זיך אין אקטיווער שעפערישער מי.

אינטערעסאנט איז יעווגעני ראטנערס קינסטלערישע פארצייכענונג וועגן די בויער פון די נײַע ראיאָנען אין קאזאכסטאן, ווו עס ווערן באהערשט אומענדלעכע שעטאָכים נײַערד.

די דיכטונג איז פאָרגעשטעלט מיט א ציקל לידער פון אנדריס וועיאן וועגן דעם סאָוועטישן ווײַטן מיזרעך, מיט נײַע לידער פון לודמילא אָזאָראָווא, וולאדימיר קאיאק, קנוט סקוליאנעק אא.

פון די קריטישע מאטעריאלן איז קעדײַ צו באצייכענען דאָס ארטיקל פונעם פראָפעסאָר פון ריגער אוניווערסיטעט (ספעציִאליסט איבער דער דײַטשישער ליטעראטור) מיכאִיל שמולאָוויטש וועגן דער שאפונג פון עריך רעמארק.

מיט אן אָפהאנדלונג וועגן די נײַע לאורעאטן פון דער לענין־פרעמיִע טרעט ארויס וואלדיס לוקס.

„מ אָ ס ק וו א" (דערשײַנט אין מאָסקווע אין רוסיש):

— דער יון־נומער עפנט זיך מיט אלעקסאנדער יאשינס אייגנארטיקער דערציילונג „דער יאָסעם", ווו עס ווערן באריִרט אייניקע אקטועלע פראגן פונעם לעבן אין הײַנטצײַטיקן סאָוועטישן דאָרף. מיר דרוקן אויך

די דערציילונג „א מיליטעּרישער פליִער“ פון אנטואן דע סענט־עקזיו־פערי. לעאָניד לענטש טרעט ארויס מיט א נײַ ווערק, וואָס דעמאסקירט מיט סאטירישע מיטלען דעם רעאק־ציִאָנערן טאָך פון דער רעליגיע. וויכטיקע און אקטועלע פראגן און פראָבלעמען פון אונדזער צײַט ווערן געשטעלט אין די פארצייכענונגען און ארטיקלען פון געאָרגי מאַריאגין, וו. איוואנאָוו, וו. אישימאָוו, ק. ניקאָ־לײַעוו און אי. שעיקאַ.

מיט לידער זײַנען פארטראָטן די יונגע דיכטער, וואָס פארענדיקן הא־יאָר דעם ליטעראַרישן אינסטיטוט אף מ. גאָרקיס נאָמען. כוץ דעם גיבן מיר נײַע אינטערעסאנטע ווערק פון די דיכטער אנאטאָלי פּאָפּערעטשני, אלעקסאנדער אויסלענדער און גרי־גאָרי קאָרין.

אינעם זעקסטן נומער פארענדיקן מיר דרוקן די פארכאפנדיקע מע־מוארן פון דעם בארימטן זינגער אלעקסאנדער ווערטינסקי „א פערטל יאָרהונדערט אָן א היימלאנד“.

„נ י ס ט ר ו ל“ (דערשײַנט אין קעשענעוו אין מאָלדאוויש):

— א גרעסערע דערציילונג פון געאָרגי מאלארטשוק וועגן דער סאָ־וועטישער יוגנט פארנעמט דעם




אויבנאָן אין דעם יון־נומער פון אונדזער זשורנאל. מיט א ריי אינטע־רעסאנטע פּראָזע־מיניאטורן אף הײַנטצײַטיקער טעמאטיק טרעט ארויס דער יידישער שרײַבער יע־כיִעל שרײַבמאן, וואָס איז אונדזע־רער א לאנדסמאן. מיט פארגעניגן וועלן די לייענער אופנעמען וולאדי־מיר יאזיצעס און סעראפים סאקס דערציילונגען.

צווישן די פובליציסטישע מא־טעריִאלן האָט א באזונדערן ווערט דאָס ארטיקל פונעם פאָרזיצער פון א קאָלווירט, דאָצענט באָריס גלושקאָ. דער אווטאָר באווײַזט, וויִאזוי עס לעבט איצט דאָס קאָלווירטישע דאָרף.

ברייט פארטראָטן זײַנען אין נו־מער די דיכטונג, די ליטעראַרישע קריטיק און ביבליִאָגראַפיע.

## אף גאסטראָלן אין מאָסקווע

קיין מאָסקווע איז געקומען דער כארקאָווער אוקראַיִנישער אקאדע־מישער מעלוכע־טעאטער אף שעווט־שענקאָס נאָמען. אין זײַן רעפערטואר זײַנען אײַנגעשלאָסן די פיעסן פון

מ. גאָרקי, קוויטקאָ־אָסנאָוויאַנענקאָ, א. קאָרנייטשוק אא.

גרויס דערפאָלג האָט בא די צושויער שאָלעם־אליכעמס „טעוויע דער מילכיקער“ (רעזשי — פאָלקס־ארטיסט פון פסםר מ. קרושעלניצקי).

## טעוויע געגנס 50־יאָריקער יובילײ

די מאָסקווער יידישע סאָוועטישע שרײַבער האָבן פײַערלעך אָפּגע־מערקט דעם 50־טן געבורטסטאָג פו־נעם שרײַבער טעוויע גען. אף דער יובילײ־זיצונג האָט א. ווערגעליס אונטערגעטראָגן דעם יוביליאר אן אדרעס, אין וועלכן עס ווערט צווישן אנדערס געזאָגט: „אונדז פרייט, וואָס איר זײַט פארליבט אין דער הײַנט־צײַטיקײַט, וואָס אין אײַערע ווערק שילדערט איר דעם מענטשן, וועלכער בויט אונדזער לעבן. עס איז אונדז ליב דער וויכער שמייכל, וואָס בא־הויכט אײַערע דערציילונגען, דער אָפּטימיזם, מיט וועלכן זיי זײַנען דורכגעדרונגען... מיר זײַנען זיכער, אז אין די ווערק, וועלכע עס דער־ווארט פון אײַך דער דאנקבארער לייענער, וועלן דורך דער פריזמע פון אײַער טאלאנט א לויכט טאָן מיט טויזנטער פארבן דאָס גרויסע סאָ־וועטישע לעבן, די שיינקײַט פון אונדזערע מיטצײַטלער“.

מיט באגריסונגען זײַנען ארויסגע־טראָטן י. ראבין, י. סערעבריאני, ס. פרײַ, ה. דאָבין, ש. גאָרדאָן, ש. גאָרשמאן, ה. רעמעניק, ל. טשער־ניאק.

---

## כאנע סאפראן אין „סאָוועטיש היימלאנד“

ווארעם איז אף א צונויפקום אין רעדאקציע באגריסט געוואָרן די אמעריקאנער פראָגרעסיווע יידישע דיכטערן כאנע סאפראן, וואָס איז סאָף מײַ געווען צוגאסט אין מאָסקווע.

כאנע סאפראן האָט דערציילט וועגן דעם לעבן און שאפן פון די יידישע שרײַבער אין אמעריקע.

זי האָט אויך מיט דערפאָלג דורכגעלייענט א ריי לידער פון אירע זאמלונגען „ניצאָכן“, „הײַנט“ און „ליכטיקע שטראלן“.

## א מאטאָנע פון פרײַנט

צוזאמען מיט די רעדאקטאָרן פון די ברידערלעכע קאָמוניסטישע צײַ־טונגען פון פארשיידענע לענדער איז אף די פײַערונגען פונעם פופציקסטן יאָרטאָג פון דער „פראוודא“ בײַגע־ווען אויך דער מיטגליד פון פאָליט־ביוראָ פונעם צענטראל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פארטיי פון יִיסראָעל, שעף־רעדאקטאָר פון „קאָל האאם“ מוישע סנע. פארן אוועקפאָרן אהיים האָט ער אונטערגעטראָגן א מאטאָנע דער רעדאקציע „סאָוועטיש היימלאנד“ — א רײַך אילוסטרירטן אלבאָם, וואָס שילדערט די וויכ־טיקסטע עטאפּן פון דער טעטיקײַט פון דער קאָמוניסטישער פארטיי פון יִיסראָעל אין משך פון די לעצטע עטלעכע יאָרן.



די באהערשער פונעם קאָסמאָס.

בילד פון קינסטלער א. ד יי נ ע ק א.

אלפאַרבאַנדישע קינסטלערישע אויסשטעלונג, 1961.



← יוגנט.
בילד פון קינסטלער מ. ק ל יִ אַ נ ס ק י.



דאָס אש פון בוכענוואלד.

אלפארבאנדישע קינסטלערישע אויסשטעלונג, 1961.

בילד פון קינסטלער ס. ש ט ש ע ר ב א ק אָ ו.

# לאָמיר זינגען וועגן לענינען

ווערטער פון א. ווערגעליס

מוזיק פון ז. קאָמפּאַנייעץ

Un poco allegretto

1. Lo-mir

zin-gen, ve-gn Le-ni-nen, in a ma-zl-di-ker šo S'iz far

unz kejn lid, kejn še-ne-re nit ge-ven un iz ni-to

Le-nin, ta-te, zaj ge-benčt —

host far-bru-dert menč, mit menč, nit far-štoj-sn, nit far-

folgt, iz a-cind dos po-šet folk, iz a-cind dos ho-re-




1. לאָמיר זינגען וועגן לענינען
אין א מאזלדיקער שאָ,
ס'איז פאר אונדז קיין ליד קיין שענערע
ניט געווען און איז ניטאָ!
ר ע פ ר ע ן:

לענין־טאטע, זײַ געבענטשט!
האָסט פארברודערט מענטש מיט מענטש.
ניט פארשטויסן, ניט פארפאָלגט
איז אצינד דאָס פאָשעט פאָלק,
איז אצינד דאָס האָרעפּאשנע פאָשעט
פאָלק.

2. דאָרט, ווו לענינס פאָנען פלאטערן,
זײַנען הערצער שטארק, ווי שטאָל,
לאָמיר אלע וועגן לענינען
זינגען הויך און אף א קאָל.

ר ע פ ר ע ן.

3. אומעטום, ווו מיר באווײַזן זיך,
רופט און מונטערט לענינס שטים.
לאָמיר זינגען וועגן לענינען,
לאָמיר לערנען זיך בא אים.

ר ע פ ר ע ן.

---

**СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД (СОВЕТСКАЯ РОДИНА)**

**Орган Союза писателей СССР**

*(на еврейском языке)*

**ИЗДАТЕЛЬСТВО «СОВЕТСКИЙ ПИСАТЕЛЬ»**

Главный редактор **А. Вергелис**

Редколлегия: **А. Гонтарь, Г. Добин, Б. Миллер, Н. Ойслендер, Р. Рубина, М. Тейф, И. Фаликман, С. Фрай**

Ответственный секретарь *М. Лев*

Адрес редакции журнала: Москва, Центр, ул. Кирова, 17.
Телефоны: главный редактор — Б 8-27-91; ответственный секретарь — К 4-46-69; отдел прозы — Б 3-96-07; отделы поэзии и критики — Б 8-49-42

Художественный и технический редактор *И. Шустер*

Подписано к печати 15/V 1962 г. Тираж 25 000 экз. Формат 70×108¹/₁₆. Печ. л. 8(10,06).
Бум. л. 4+вкладка ¹/₈ л. Цена 50 коп. Зак. 387

Московская типография № 3 «Искра революции» Мосгорсовнархоза

Цена 50 коп.

# советиш геймланд

# СОВЕТСКАЯ РОДИНА

## В НОМЕРЕ

Э. Шехтман. Накануне (Роман. Продолжение).

М. Тейф. Золотое яблочко (Поэма).

**Рассказы и повести:** А. Гонтаря, Н. Забары, М. Лева, Б. Полевого, М. Разумного.

**Стихи:** Л. Квитко, М. Лифшица, Б. Миллера, Д. Уткеса, Ш. Холоденко, Ш. Чернявского, Я. Якира.

**Трибуна писателя**

Х. Меламуд. Слово об очерке.

**Литературно-критические статьи:** А. Михайловой, Г. Ременика, Р. Рубиной, А. Рубинштейна.